# אַלע ווערק פון י. ל. פרץ

## אינהאַלט פון די 18 בענדער

# פון פאַרלאַג „יידיש"

דער קליינער און יונגער יידישער אַרגענטינער קיבוץ איז אַ דאַנק דער שוידערלעכער יידן־אויסראָטונג זינט אויגוסט 1939 געוואָרן איינער פון די וויכטיקסטע יידישע ישובים אין דער וועלט. דער יידישער וועלט־חורבן האָט אונדזער ישוב דערהויבן און אים אָנ־געטון אַ טראַגישן און גרויסן זכות.

אַ זכות גייט ביי אונדז זייט שטענדיק אָן האַנט ביי האַנט מיט חוב. פאַר דעם גרויסן טראַגישן חוב איז אונדזער ישוב אַ סך, אַ סך שולדיק. און פאַרלאַג „יידיש", וואָס איז אין דער פאָרעם אַ פּריוואַטע אונטערנעמונג און אין תוך געהער ער צום גאַנצן ישוב, שטרעבט צו באַצאָלן אַ קליינעם טייל פון די חובות, וואָס דער ישוב איז שולדיק.

דורך דעם פארלאג „יידיש" וועט דער אַרגענטינער יידישער ישוב אָנהויבן העלפן אויפבויען דאָס דאָזיקע, וואָס דער שונא האָט חרוב געמאַכט.

און נישט אומזיסט הייבן מיר אָן מיט אונדזערע קלאַסיקער! דאָס דאָזיקע לעבן, וואָס מענדעלע, פּרץ און שלום־עליכם האָבן באַ־שריבן וועט מען שוין מיט קיין טאָנקען אויך נישט אויסמעקן.

און ווען דער צאָרן וועט זיך ענדיקן און אייראָפּע וועט זיך נעמען באַנייס אויפבויען און מען וועט דאָרט נעמען אויפבויען אויך דעם יידישן שארית הפליטה, וועט דער אַרגענטינער ישוב דורך דעם פאַרלאַג „יידיש" שיקן די ביכער פון די קלאַסיקער פאַר די ערשטע פון סניי אויפגעבויטע יידישע ביבליאָטעקן.

פאַרלאַג „יידיש" הייבט אָן מיט אַלע ווערק פון י. ל. פּרץ, ווייל בעצם האָט פּרץ געראַטעוועט דאָס מאָדערנע יידישע לעבן פון אַ שריפה, וואָס האָט עס געוומען אַרומכאַפּן פון אַלע זייטן. פּרץ איז אַריין אין פייער אַריין פון השכלה און אַסימילאַציע און ער האָט אַרויסגעכאַפּט דעם סאַמע עיקר פון דער באַדראָטער יידישקייט. די ערשטע ווערק וואָס מען וועט אַריינשטעלן אין אַ באַנייטער יידישער ביבליאָטעק פון אייראָפּע, מוזן זיין פון י. ל. פּ ר ץ !

י. ל. פּרץ


# אַלע ווערק

מיט בילדער, פאַקסימילן, געקליבענע פּערזענלעכע בריוו און
ביאָגראַפישע שטריכן פון יעקב באָטאָשאַנסקי


פאַרלאַג „יידיש"
פון וואָלף ברעסלער און אברהם מיטלבערג
בוענאָס איירעס 1944




PRINTED IN ARGENTINE

**I. L. PERETZ**

Obras Completas

TOMO IV

**ADAM Y EVA**

**Editorial y Talleres Gráficos "IDISCH"**

**Bmé. MITRE 2146 BUENOS AIRES**

1944

# אינהאַלט:

## באַמערקונג צום פערטן באַנד

אין אָט דעם באַנד גייען אַריין די דריי דערציילונגען „דאָס פּאַרטעך", „אויפן גלעגער" און „אַ חלום פון אַ ליט־ווישן מלמד", וואָס זענען אין דער קלעצקין־אויסגאַבע (1925) געווען געדרוקט אין צענטן באַנד („פון שטוב און גאַס") און וואָס פּאַסן זיך לויטן אינהאַלט, ווי מיר מיינען, צום באַנד „אדם וחוה".

מיר האָבן דאַקעגן אַרויסגענומען פון אָט דעם באַנד די לידער „טרויער" און „צוריק אין דער אַלטער היים", וועל־כע מיר וועלן געבן אין דערמאָנטן צענטן באַנד, וואָס באַ־שטייט אין אונדזער אויסגאַבע בלויז פון לידער און באַלאַדן.

י. ב.



פאָטאָגראַפיע מיט אויטאָגראַף, געשאָנקען פון דעם דיכטער, דער פרוי פּױלינע אַלטבערג, וועלכע האָט עס איבערגעגעבן פאַר דער פּרײַז-קאָלעקציע ביים „ייוואָ״.

# דער פעטער שכנא
## און
# די מומע יאַכנע

(אַן אויסגעפלוידערטע מעשה, נאָר פאר דאָס אַן אמתע מעשה)

---



ײַן פעטער האָט געהייסן שכנא און די מומע יאַכנע. צי איז דאָס געווען אָנגעגרייט אמישנע פון דער השגחה פּרטית, איך זאָל מיך נישט דאַרפן קווענקלען, ביים אויסזוכן אַ גראַם צו זייערע נעמען, אויב איך וועל זיי וועלן באַזינגען? אָדער עס איז אַזוי געוואָרן על פּי מקרה? דאָס ווייס איך נישט! אמת, דאָס מוז מען זאָגן: די השגחה פּרטית זאָל מיך אינזינען האָבן, און שטענדיק מיך פאַרזאָרגן מיט גראַמען, וואָלט איך קיינמאָל קיין פּראָזע נישט געשריבן; שטענדיק גראַם - שטראַם... עס וואָלט דערפון קיין „לעטניק" נישט אַרויסגעקומען, דער עולם ווײַל דווקא נישט קיין גראַמען, נאָר פּראָזע און דווקא פּשוט „כדבר איש אל רעהו", דאָס הייסט: עס זאָל נישט זיין וואָס צו פאַרשטיין... ווײַל לעזן האָט מען ליב, דאָס האָט מען שוין בירושה... נאָר עפּעס וויסן איז נישט כדאַי... פונדעסטוועגן — כבוד איז כבוד!

נאָר לאָמיר צוריקגיין צום פעטער שכנא און דער מומע יאַכנע.

נישט מיט די נעמען אַליין זענען זיי געווען ווי געפּאַסט! זיי האָבן געהאַט אפילו איין וווקס, איין דיק, גלייכע נעז מיט אויגן!

איך בין אייך אפילו נישט מחויב צו זאָגן, פון וואַנען איך ווייס עס, אַ שרייבער האָט דאָס רעכט צו וויסן אַלץ, אפילו, וואָס עמעץ האָט אונטערן נאָגל, בפרט אין מוח און האַרץ... דער מינהג איז זאָגאַר, אַז ער דערציילט אפילו דאָס, וואָס מען טאָר גאָרנישט אויסזאָגן... זענען אָבער אויף דער וועלט פאַראַנען אַזויפיל נאַרישע און שלעכטע פּראָוועס,

אזוי פיל אידיאָטישע, קראַטישע מנהגים, אז עס איז א חרפה און א בושה, אַז אָרנטלעכער מענטש זאָל זיך פארופן אויף א פראווע אָדער פארטיידיקן זיך מיט א מינהג.

דעריבער מוז איך אייך זאָגן, אז זיי זענעןביידע צוזאמען געשטאַנען ביי מיין חופּה! און, ווייל איך האָב חתונה געהאט צו דרייצן יאָר, און, ווייל איך האָב דעם חזן מיט דעם רב מיט טאטע־מאמע געקענט, די כלה איז געווען פארשלייערט און קיין יונגען זענען ביי דער חופּה נישט געווען, ווייל עס איז געווען א גרויסע רעוויע הינטער דער שטאָט — האָב איך מיך פארקוקט אויפן פעטער שכנא מיט דער מומע יאכנע, וואָס זענען מיר געשטאַנען פּונקט קעגנאיבער, — און דערזען, אז זיי האָבן ביידע פּונקט גלייכע אויגן; קליינע, לויפנדיקע, גלייך זיי וואָלטן שטענדיק געזוכט אַן אָרט, צו באַהאלטן זיך פאר פחד אָדער פאר בושה. עס האָט מיר אזוי קאָמיש אויסגעזען, אז איך האָב מיך אונטער דער חופּה צעלאַכט, און דער טאטע, עליו השלום, האָט ארויפגעלייגט א פינגער אויפן נאָז, נאָך וועלכן עס פלעגט שטענדיק קומען אַן אויערן־דרייעניש אָדער עפּעס ערגערס...

מיין מערכה איז געווען, וואָס דער מסדר קדושין האָט אָנגעהויבן זיין שפּרוך.

ביי דער גילדענער יויך איז מיר איינגעפאַלן, אז איך האָב א גרייטן אָנהויב צו'ן א שיר:

מיין פעטער שכנא,

מיין מומע יאכנע,

און איך קען אזא שיר אוועקשיקן אין דער ווארשעווער צייטונג אריין, פון וועלכער איך האָב בסוד סודות געוווסט.

איך וואָלט עס בעסער געשריבן אויף לשון הקודש:

דודי שכנא,

דודתי יאכנאָ,

נאָר דעמאָלט זענען נאָך די „הנצנים" נישט געווען...

אז זיי האָבן ביידע אַקוראַט איין גרוים, בין איך אויף זיכער געוואָר געוואָרן ערשט דעם צווייטן טאָג.

מעשה שהיה כך היה: ביי'ן טאַטן אין דירה איז זייער ענג געווען. איך האָב, ברוך השם געהאט א זיידן, טאטע־מאמע און זיבן שוועסטער

און ברידער; און געבליבן בין איך דאָך ביים טאַטן אויף קעסט! מיין טאַטע האָט געהאַט זיין אייגן הויז! מיט 10 רובל אייגנס און 290 רובל געבאָרגטע אויף וואָכער, האָט ער אָפּגעקויפט ביי א מיעשציאַן א שטוב מיט א חזיר־שטעלכל. פון שטוב איז געבליבן שטוב; פון חזיר־שטעלכל האָט מען געמאַכט א האָלץ־קאַמער. אז מען האָט מיך אויך נאָך נישט א ר ו י ס ג ע ג ע ב ן האָט מען געהאַט א קורצן ישוב, אז דאָס האָלץ קען פראַנק און פריי ליגן אויפן הויף, בפרט אז נישט שטענדיק איז האָלץ געוועזן — מערסטנטייל דרעננלעך און טיילמאָל — גאָרנישט... סיי ווי סיי וועט עס נישט געפרוירן ווערן, און טריקענען אין באַק־אויוון איז לייכט, און, אז אויב מען וועט נאָר ארויסנעמען דאָס האָלץ, קענען שטיין אין קעמערל צוויי בעטן, מען וועט קענען דורכגיין אויך. און צוויי בעטן איז לכל הדעות גענוג פאַר א פּאָר פאָלק.

דעם פּלאַן האָט אויפגעגעבן דער שדכן; וואָרום דער טאַטע האָט זיך איינגעשפּאַרט, „יענער" זאָל אָפּגעבן פריער די קעסט, דערווייל וועט ער אויסצאָלן די 290 רובל חוב פאַרן הייזל און וועט זיין בכוח צוצו־שטעלן א שטיבל.

און גלאַט, ווי האַלט מען קינדער, ווו עס זענען חזרים געשטאַנען? דער מאַמען האָט עס וויינקער געאַרט.

— בא — האָט זי געזאָגט — זעסטו שוין! דריי יאָר קעסט איבער־קומען! אויך אַן עסק!

און עס איז אַזוי געבליבן.

דעם צווייטן טאָג האָט מיין אשתי חוהלע באַין אופן נישט גע־וואָלט ארויסקריכן פון חזיר־שטעלכל אויף דער ליכטיקער שיין. ארויסגייי־ענדיק דאַווענען, האָב איך אַן אויג געוואָרפן אויף איר בעט, געזען די קאָלדרע מיט די קישן, נאָר אַן א פּיצל פּנים.

און געגלוסט האָט זיך מיר שטאַרק צו זען, ווי מיין אשתי חוהלע זעט אויס, כאָטש נאָך נעכטן ביי דער גילדענער יויך איז עס מיר נישט איינגעפאַלן; מיר איז די גרויסע רעוויע געלעגן אין קאָפּ, רופן זי, האָט זיך מיר עפּעס נישט געלייגט אויף דער צונג: „חוה" איז צופיל פאַן־בראַט, „ווייב" איז צו גראָב... יעדער דאַרף ווימן? וואָס?

דעם אמת זאָגנדיק, געפעלט מיר נישט עד־היום דער מינהג ביי די דייטשן. מאַן און ווייב זאָלן שטענדיק שפּאַצירן צוזאַמען און דווקא אונ־

טער די הענט, עס זאָל חס־ושלום קיינער קיין טעות נישט האָבן, יעדער זאָל וויסן כהויה, ווער — מיט ווענגען — ווייס איך דאָרט! און זיי לאַכן נאָך פון אונדזער כיור אין בית־המדרש, וואָס מען וואַשט זיך די הענט בריש גלי...

נאָר איך פאָר שוין אַראָפּ אין א זייט; איך האָב זי חשק צו רופן, און ווייס נישט, ווי אזוי. „הער נאָר — זי!” האָט מיר אויך פון האלדז נישט געוואָלט ארויס; אזוי רעדט מען צו א דינסט, נישט צו א ווייב.

איך בין געשטאַנען און געשטאַנען און געקלערט, ביז דער טאַטע האָט אריינגעשריגן: גייסט?

איך האָב געכאַפּט א ציטער און בין ארויס מיט נאַרנישט.

לויט דעם עיגול, וואָס די קאָלדרע האָט בולט געמאַכט אין דער הויך, האָב איך דאָך פאַרשטאַנען, אז מיין אשתי חוהלע האָט זיך איינגעצויגן ווי א קנויל, איבערגעדעקט זיך און ליגט מיטן פּנים אין קישן אריין.

עס פאַלט מיר איין אויפן וועג אין בית־המדרש אריין, אז זי מוז בענקען אהיים; באַלד נאָך דער וועטשערע זענען מיין שווער און שוויגער און איר טאַטע־מאַמע אוועקגעפאָרן.

ער איז געווען א שמש אין א נאָענט שטעטל און צו מאָרגנס איז דאָרט פונקט געווען א גבירהשע חתונה; זי האָט געהאַט א שטעלעכל מיט בענדלעך און קנעפּלעך. און „קוים דרייט זי אוועק דעם קאָפּ, שטעלן זי די שנירן בדיל הדל”...

ביים אוועקפאָרן האָט זיך מיין אשתי חוהלע צעוויינט אויף א קול. דער פאָטער דער רגזן האָט א געשריי געטון: סמארק! די מוטער האָט איר צוגעזאָגט צו שיקן א מתנה, דאַכט זיך מיר — א פּאָר איילן שליסעלבור־גער געדרוקטן ציץ...

און מען האָט זי קוים איינגענומען.

אצינד בענקט זי אוודאי — טראַכט איך — א היים; און האָב אויף איר שטאַרק רחמנות.

דאָס רחמנות האָט מיך ביים גאַנצן דאַווענען נישט אָפּגעלאָזט. איך האָב געוואָלט ווי אמגעשווינדסטן אהיימלויפן, זען צי אשתי חוהלע וויינט שוין נישט; איך האָב אָבער געמוזט וואַרטן אויפן טאַטן.

אין דער טיר, האָט אונדז די מאַמע באַגעגנט מיט א ירגזון:

— א שיינע פּריצה האָט „עטץ” מיר איינגעהאַנדלט! ווי געפעלט

עס דיר? זי וויל דאָך נישט ארויס פון בעט! אַט מוז איך איר צוטראָגן קאווע אין בעט אריין!

מיין מאמע האָט ליב געהאט „אמת" ווי דאָס לעבן, נאָר דעם „אמת" פלעגט זי פון מיר פארלאנגען, אז איך בין אהיימגעקומען מיט א צעדראפּעט פּנים אָדער א צעריסן היטל... צום טאטן פלעגט זי האָבן אייביק פאלשע פּרעטענזיעס. ווארום משדך זיין זיך מיט ר' יאָקעלע־יענטע־ברייי־נעס (אזוי האָט מיין שווער געהייסן) האָט זי דער עיקר געוואָלט. דער טאטע האָט נאָך געהאלטן בײ'ן א ישוב און זי האָט געהייסן „צושלאָגן". „אָן עס זאָל זיין!" האָט זי געוואָלט. און א באשטענדיקע שוואכקייט האָט זי געהאט צו זאָגן „קאווע" אויף ציקאָריע.

איך נאטירלעך בין נישט אריינגעגאנגען אהין, דער טאטע אויך נישט, כאָטש אשתי חוהלע האָט נישט געוואָלט די קאווע טרינקען, שפּע־טער זענען געקומען דער פעטער שכנא און די מומע יאכנע, און, אז מען האָט זיי דערציילט, דאָס די „שנור וויל נישט אויפשטיין", זענען זיי ביידע גלייך אריין אהין. און — ווייל די טיר איז געווען א נידעריקע, ווי עס פּאַסט פאר א חזיר־שטעלכל — האָבן זיי זיך ביידע אָנגעשלאָגן מיט די נעז אָן דער אויבערשטער לייסט, און איך האָב אליין געזען מיט מיינע אויגן, אז ביידע האָבן באקומען די צייכן אקוראט אויף איין אָרט, — אויף די שפּיץ נאָז...

האָט איר דעם בעסטן באווייז, אז מיין פעטער שכנא און מיין מומע יאכנע האָבן געהאט איין גרוים.

אזוי זענען אויך זיי זיך ענלעך געווען, ווי שוועסטער און ברודער!

מען דערציילט אזא מעשה:

מיין מומע יאכנע קומט ארויס פון האָצעפּלאָץ און האָט נאָר אהער חתונה געהאט צום פעטער. ווען דאָס איז געווען ווייס איך נישט נאָר די מעשה איז אן אמת.

דעמאָלט איז ביי אונדז געווען א בורמישטש א צורר יהודים, וואָס האָט זיך איינגעשפּארט, אז מען זאָל נישט חתונה מאכן אָן אקטן. מען זאָל וועלן מאכן אקטן, וואָלט מען שוין געמוזט ווארטן ביז 17—18 יאָר, ווי דער דין איז. און א ייד, וואָס קינדלט און קינדלט, זאָל וועלן ווארטן מיטן בכור ביז 18 יאָר, וואָלט ער שוין קיין נחת אינעם מוזיניקל נישט דער־לעבט! נאָך א ברית דארף מען זיך נ י ש ט אָפּרוען, אָבער נאָך חתונה

מאכן אַ קינד מוז מען שוין וואַרטן אַ שײנע פּאָר יאָר, אײדער מען קומט צוריק צו די כוחות אויף אַ נײער חתונה...

קורץ פון דער זאַך — דער ימח־שמוניק האָט דאָך דאָס נישט גע־וווּסט, פּלעגט ער שיקן רופן די געקומענע חתנים און כלות, פרעגן, מכלומרשט, אויף פּעסער און אין אײנוועגס חוקר ודורש זײן, צי עס איז נישט געווען אַ שטילע חופּה. איר פאַרשטײט אַן עסק?

מן־הסתם איז ער נישט געוואָר־געוואָרן.

די חתונה־געהאַטע קינדער האָבן געקוועטשט מיט די דאַרע פּלײצע־לעך אויף: „איני יודע". און צוריק געשמועסט, ווער האָט פאַרשטאַנען פּויליש? און אַז דער „פּאָליציי", וואָס האָט געקענט יידיש, האָט איבער־געפרעגט, האָט מען אים געענטפערט: ווער? ווען? וואָס? האַ! ווײס איך! און גאַרנישט.

נאָר דאָס איז רעכט — אַ חתן... שיקן די כלה צום בורמישטש איז דאָך נישט קײן שטײגער! פּלעגט מען נעמען ייִנגלעך, באַהאַלטן די פּאהלעך אונטער די אויערלעך, אָנטון אין קלײדלעך און אהינשיקן אויפן אָרט פון די כלות! פאַר „לא תלבש אשה שמלת גבר", האָט מען קײן מורא נישט געהאַט, ווײל עס איז דאָך נישט, חס־ושלום, לשם עבירה.

אײנמאָל האָט מען שיר־נישט געפּלאַצט פאַר געלעכטער: עפּעס אַ כלה איז אַזוי געפעלן געוואָרן דעם בורמישטש, אַז ער האָט זיך, מחילה, צושפּרײט די וואָנצעס און דערלאַנגט איר אַ קוש אין שטערן אַרײַן און געשענקט נאָך אַ קאַרמעלקע!

אַז עס איז געקומען דער גורל אויף דער מומען, איז געבליבן אַז דער חתן אַלײן זאָל זיך פאַרשטעלן פאַר דער כלה. אַז דער בורמישטש וועט אים נישט דערקענען, איז מען זיכער געווען, ווײל מײן פעטער שכנא פלעגט זיך נישט ווײזן אין גאַס אַרײַן מיט אַלע ייִנגלעך צוגלײך; ער איז געווען, לא עליכם, נישט קײן געזונטער און איז שטענדיק געזעסן און געלערנט. פון וואַנען זאָל ער אים קענען?

דער בורמישטש האָט אים לאַנג נישט געהאַלטן. ער האָט אים — „געלויבט איז זײן ליבער נאָמען!" תוך כדי דבור געהײסן אַרויסוואַרפן: „וואָן, דאָס פּאַסקודסטווא"... „טאַקע זכות אָבות — פלעגט די באָבע זאָגן — איז געשען, וואָרום דער פעטער שכנא איז נישט איבעריק קלוג און ווער ווײסט, וואָס ער וואָלט אויסגעפּלאַפּלט!"

אז ער איז צוריק אהיימגעגאנגען, האָבן אַלע געשריגן אין גאס, אז ער איז „די כלה אויסן אויג!" טאקע — „כהויה". אין שטוב, איידער ער האָט צייט געהאט זיך איבערצוטון, האָט דער מחותן — א פארטראכטער ייד געווען! — א טעות געהאט און דערלאַנגט אים א מתנת ייד: „יאכנע! פארוואס ווישטו דיר נישט אָפּ די נאָז?!"

דערנאָך האָט זיך געטראָפן אזא מעשה:

אז עס איז ארויסגעקומען די גזרה פון די בערד, האָט די ערשטע קויל געטראָפן מיין פעטער שכנא. ער איז געגאנגען אין מאגיסטראט אריין צאָלן א פּאָדאטעק, האָט מען אים געכאַפּט און צורעכט געמאכט באָרד און פאות. אז ער איז אראָפּ אין גאס אריין, איז געוואָרן א געשריי פּה אחד, אז יאכנע איז משוגע געוואָרן, און האָט זיך פארשטעלט פארן פעטער שכנא!

ער האָט פאר שרעק און בושה צוזאמען, געמאכט פּליטה אויס דער שטאָט ארויס.

יונגען און ווייבער יאָגן אים נאָך: ער אויפן פעלד, זיי אויפן פעלד; ער אין וואלד אריין, זיי אין וואלד אריין, ביז ער איז זיי פארלוירן גע־וואָרן צווישן די ביימער.

אז זיי זענען צוריק אין שטאָט אריין, און געטראָפן די אמתע מומע יאכנע — וואָס קלערט איר? — מען האָט איר אינמיטן גאס אָפּגעריסן די קאָפּקע. ווען נישט די פּאָליציי, וואָס איז איר געקומען צו הילף, וואָלט פון איר קיין שריד ופליט נישט געבליבן.

ביידע זענען קראנק געוואָרן פאר שרעק און בושה. און אז מענער און ווייבער זענען געקומען מבקר חולה זיין, האָבן זיי נישט געוווסט, צו וועלכן בעט צוצוגיין. אונטער די איבערבעטן, האָט מען נישט דערקענט, ווו עס ליגט שכנא און ווו יאכנע.

נאָר דאָס אַליץ זענען אַלטע זאכן... היינט איז זיי שוין לייכט צו דער־קענען: דער פעטער שכנא האָט א באָרד ביז אין גארטל, און כאָטש די מומע יאכנע וויל אים נאָכמאכן און עס שפּראָצן איר עטלעכע הערלעך פון דער גאָמבע, קאָן זי זיך גאָרנישט פארגלייכן מיט זיין בעזעם, מיט וועלכן מען האָט געקענט אויסקערן א בית־המדרש.

הכלל — זיי זענען זיך זייער ענלעך געווען. אויב דער בורמישטש מיט זיין גוייִשן געשמאק האָט געזאָגט אויף אים פאסקודסטווא, וואָלט

ער דאָס אייגענע געזאָגט אויף איר. פאר מיר ווייטער, זענען זיי ביידע שיין געווען; נאָר דאָס גייט אייך נישט אָן. איך וועל דעריבער נאָר רעדן פון זייער ענלעכקייט, איר מוזט וויסן, אז זיי האָבן געהאט אפילו א גלייך קול! אז זיי זענען אריין צו דער כלה, האָב איך געהערט צוויי גלייכע גראָבע קולות און איין וויינענדיקן קול, וואָס האָט זיך ערשט שפּעטער אָנגערופן.

— חוהלע! — האָב איך געהערט — וואָס איז דאָס פאר א שטייגער?

— חוהלע! טוסט אָן עגמת נפש שוועך און שוויגער!

— קינד און קייט וועט אוים דיר לאַבן?

— ווי הייסט? פאַרוואָס?

— ווער טוט אזוי:

—געסט וועלן קומען?

— צאַצקע מיינע, נחת מיינס, הער עלטערע קרובים, זיי ווילן נאָר דיין גוטס!

— ביסט דאָך שוין נישט קיין קינד!... א מענטש!

אזוי האָבן ביידע געשיט מיט שאלות, עצות און געבעטן און איך האָב קיין איינציק מאָל נישט דערקענט, ווער עס רעדט: דער פעטער שכנא, צי די מומע יאכנע.

דערנאָך ערשט האָט זיך אָנגערופן א וויינענדיק דין קול, אביסל א געדעמפּטס פון אונטער דער קאָלדרע:

— איך שעם מיך!

נאָר דאָס געהער אויך נישט צו דער זאַך.

און א לעבן צווישן זיי איז געווען ווי אונטער דער זון. האָט די מומע יאכנע געזאָגט: באָם, האָט ער „ליתר תוקף ועוז" געזאָגט בים־באָם! האָט דער פעטער שכנא געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף „יאָ", האָט די מומע יאכנע געזאָגט: אוודאי יאָ! ווי דען?

אויף בריתן און חתונות פלעגן זיי זיך איבערוואַרפן מיט די אויגן פון איין טיש צום צווייטן, און גאַנץ אָפט עצות געבן:

— שכנא, כאַפּ א מיטל־שטיקל!

— יאכנע, ווילסט אביסל כריין?

— ביי מיין עלטערנס ברית, אז די מומע יאכנע איז נישט געווען בקו הבריאה, האָט דער פעטער שכנא געגעסן אָן אַפּעטיט, און האָט אהיים־געטראָגן דער מומע יאכנען א האַלב שאָק מאַקאַראָנען.

ביים צווייטן האָט זיך געטראָפן פאַרקערט: דער פעטער שכנא איז געווען נישט אינגאַנצן, און זי האָט אהיימגעטראָגן א קעפּל פון א צוויי־פונטיק העכטל...

און איינס איז פאַרן אנדערן געווען די לעצטע אינסטאַנץ.

דער פעטער שכנא, אז מען האָט אים שוין גאָר איבערגעשפּאַרט, אז ער האָט שוין קיין וואָרט אין מויל נישט געהאַט, פלעגט ער דאָך בלייבן ביי דעם זייניקן: „מיין יאכנע זאָגט אָבער אזוי!" איז געווען זיין לעצטע תשובה, קעגן דעם העלפט שוין קיין שכל און קיין יושר.

די מומע יאכנע ווייטער, פלעגט אָנהייבן יעדן זאַץ: „מיין שכנא זאָגט"... אָדער — „שכנא מיינער קלערט" און וואָס איר שכנא האָט גע־זאָגט און געקלערט אויף דעם איז געווען מויערן צו שטעלן...

מיט איין וואָרט — עס איז געווען א לעבן ווי אונטער דער זון. איך פלעג אָפּשיקן מיין אשתי חוהלע צו דער מומע יאכנע אויף דער לערן, זי זאָל זען ווי אזוי מען דאַרף באַהאַנדלען א מאַן; זי ווייטער פלעגט מיך אָפּשיקן צום פעטער שכנא, זען ווי א מאַן באַהאַנדלט א ווייב.

כּל־זמן דער פעטער שכנא און די מומע יאכנע זענען געזונט געווען, פלעגן זיי אָפט אריינקומען און שלום מאַכן צווישן מיר און אשתי חוהלע. דערנאָך, אז זיי זענען שוואַך און עלטער געוואָרן, פלעגן מיר אלע מאָל אַהין גיין דין־תורהס האָבן, און דאָס האָט אונטערגעהאַלטן אונדזער שלום־בית!...

א והא ראיה, א פּאָר יאָר נאָך זייער פּטירה (אין איין וואָך זענען זיי געשטאָרבן!) האָט אונדזער „שלום־בית" איינמאָל פאַר אלע מאָל געפּלאַצט...

איך האָב מיר מיט אשתי חוהלע געגט; זי האָט צוגענומען צוויי און איך צוויי קינדער... זי האָט חתונה געהאַט, איך האָב חתונה געהאַט; מיר וווינען אין פאַרשידענע שטעט... עס גייט אונדזביידע נישט ווי אמבעס־טן... נאָר דאָס איז נישט אייער געשעפט.

דער עיקר איז, אז דער פעטער שכנא מיט דער מומע יאכנע, ליגן זיך בארוט אין קבר.

און — הערט א מעשה — ביידע מצבות האָבן זיך אויסגעדרייט און צוגעבויגן איינס צום צווייטן.

פון צווישן די קברים איז ארויסגעוואקסן א בוים, און האָט די מצבות מיט די צווייגן ארומגענומען, ארומגעוויקלט, גלייך ער וואָלט זיי געוואָלט פעסטער צוזאמענשליסן...

און מיט דער צייט זענען אָפּגעריבן געוואָרןביידע מצבות, שוין נישט צום איבערלעזן.

דער פנקס פון חברה־קדישא איז פארברענט געוואָרן ביי דער דריטער שריפה, און קיינער געדענקט נישט, ווער עס ליגט רעכטס און ווער לינקס, דער פעטער שכנא, צי די מומע יאכנע? —

איך און מיין געוועזענע אשתי הוהלע, וועלן מיר נישט ליגן אויף איין בית־הקברות... נאָר דאָס איז שוין ווייטער נישט אייער דאגה...

# מענדל ברײנעם



ענדל ברײנעס (קײן פאמיליען־נאָמען איז נאָך דעמאָלט נישט געװען), איז געװען א יושב אהל, דאָס הײסט: א שטיק שײ־נער ייד; קײן גרויסער למדן נישט, נאָר — תהלים פארן דא־װענען, עין־יעקב נאָכן דאװענען, און בײנאַכט — א פּרק משניות. — ער פלעגט גאנץ אָפט אהײמנעמען אן אורח, יעדן פרימאָרגן ארײנװארפן אין מאיר בעל־הנס, האלטן מפטיר־יונה, האָבן א גרויס חלק אין דער קאָנסאָר־ציע פון פּתיחות, און דערצו פלעגט ער גלאַט זײן א מתעסק במצוות: א מגיד איז געקומען, מען דאַרף ארומגײן צוזאמענעמען פאר אָרעמע לײט, אויף מצות, אויף האָלץ און קארטאָפל; מען דאַרף ערובין, עמעצן אן אוהל שטעלן וכדומה — טוט ר׳ מענדל ברײנעס אָן די ברײטע תבונה, נעמט דעם גראָבן שטעקן מיט דער מעשענער גאלקע און גײט מיטן רב, מיטן דאָזאָרצע, אָדער אזוי מיט א שײנעם באלעבאָס. ער האלט זיך פאר א מצווה אלײן צו טראָגן די פושקע, באַטש הינטן גײט נאָך דער שמש.

װינטער האָט ער קײן מינוט צײט נישט געהאַט: תהלים זאָגן, דאװנען, עין־יעקב לערנען, אָנבײסן, א נדבה מאַכן, מנחה־מעריב, א פּרק משניות און װויעצירע — און קריאת־שמע לײענען, שלאָפן, חצות, װײ־טער שלאָפן... עס איז אים פון טאָג קײנמאָל קײן רעשט נישט געבליבן. פאר דאָס זומער־צײט פלעגט אים א ו י ך פארברענגען אין בית־המדרש, נאָר רעדן שוין פון װעלט־זאכן, פון נײע המצאות, פון פּאָליטיק...

מענדל ברײנעס איז נישט קלוג געװען. אין חדר פלעגט מען אים רופן מענדל שוטה; אז ער האָט חתונה געהאַט, איז די אָפּיניע װײבער געװאָרן און ער פלעגט שוין הײסן: „מענדל תם״. ערשט דערנאָך, אז ער איז אראָפּ פון קעסט, געװאָרן א באלעבאָס פאר זיך און ברײנע, זײן װײב, האָט זיך געמאַכט א שפּײז־געװעלב און געלײזט „שטיקער גאָלד״, — האָט מען אים געקרױנט אויף „מענדל ברײנעס״. און װײל מענדל ברײנעס איז קײנעם אין װעג ארײן נישט געגאַנגען, קײנעם א שלעכט װאָרט נישט גע־

זאָגט, און בית־המדרש און קהל האָט געהאט פון אים, האָט קיינער נישט דערמאָנט וואָס אמאָל איז געווען, האָט קיינער הויך נישט געלאַכט, אַז ער פלעגט צווישן אַלע פינף ווערטער זאָגן: אָבער וואָר, איך בין קיין נאַר נישט? א־יאָ איך בין קלוג?

— אמת, איך בין קיין נאַר נישט! זאָגט אמאָל ר' מענדעלע, און פונדעסטוועגן פאַרשטיי איך נישט, ווי אזוי מען אַרבעט אויס אזא דין און געלעכערט שטרוי אין די שעניקעס אריין! איך האָב אמישנע אַרויסגעש־לעפּט אוודאי פערציק שטרוי, איינס נאָכן אַנדערן, אַלע זענען הויל, — אַלע חלולים, חלולים. איך האָב געוואָלט פרעגן מיין ברײנען, זי איז שוין אָבער געווען אין געוועלב.

און איידער עמעץ האָט צייט געהאט צו לאַכן, האָט ער זיך שוין אַליין געענטפערט:

— דאָס שטרוי מוזן אוודאי די פויערים ברענגען פון ענגלאַנד!

פון ענגלאַנד האָט מענדל בריינעס א סך געהערט און געהאַלטן טאַקע עולם ומלואָה.

עס איז געווען נאָך דער סעוואַסטאָפּאָלער קריג; דאָס גאַנצע בית־המדרש האָט נאָך געקלונגען מיט ענגלישע המצאות. די מעשות האָבן דערציילט אויסגעדינטע זעלנער, וואָס האָבן עס אַליין געזען, מיט אייגענע אויגן.

טאַקע גבורות הבורא, דערציילט נאָך א בית־המדרש ־ באַלעבאָס: למשל א הארמאַט! וואָס טויג, רבותים, א הארמאַט? די הארמאַט שיסט אויס א קויל; נו וואָס איז? דאַרף מען דאָך ערשט פּועלן, אַז דער שונא זאָל וועלן שטיין אונטערן חלול! און דער שונא איז דווקא גאָר קיין נאַר נישט, ער לאָזט זיך נישט אָנרעדן צו אזוינע זאַכן. אמאָל נאַרט ער גאָר אָפּ, ער שטייט, דו שיסט און ער גנבעט זיך אַוועק! עס האָט געהאַלטן ביי כלה כל הקיצין! די מזרים, די ענגלענדער, האָבן דאָך אָבער געהערט די מעשה פון צפרדע של מצרים, האָבן זיי זי נאָכגעמאַכט! זיי האָבן ממציא געווען אזא גרויסע הארמאַט, וואָס שיסט אַרויס פון זיך נישט קוילן, נאָר גאַנצע הארמאַטן, און יעדע פון די הארמאַטן, אַז זי פאַלט אַראָפּ, גיט זי א טראַסק אין דער ערד, צעפּלאַצט, און עס שפּרינגען פון איר אַרויס צען נייע הארמאַטן, און די הארמאַטן ערשט שיסן מיט קוילן!! נו גיי היט דיך פאַר דעם! אַצינד קענט איר פאַרשטיין, וואָס פאַר א מין שחיטה דאָס האָט אָנגעמאַכט!

און איר מיינט כישוף? חלילה, א פּראָסטע ספּרענזינע!

און אַז מען האָט געפּרעגט: פאַרוואָס נאָך דער קריג האָט זיך מלכות־רוסיא נישט נאָכגעמאַכט אַזוינע האַרמאַטן, האָט מען געוווּסט צו ענט־פערן, אַז באַלד נאָך דער מלחמה זענען זיך די מלכיותן צוזאַמענגעגאַנגען, און, כדי מען זאָל נישט חרוב מאַכן די וועלט, האָט מען געמאַכט מיט „ז יי ע ר ב ח ר ם", אַז מען זאָל שוין מער נישט שיסן מיט פּלאַכ־טעם קאָכעדיקער הירזש און נישט מיט אַזוינע האַרמאַטן.

פון דעמאָלט אָן האָט מענדל ברײנעס געהאַלטן עולם ומלואה פון ענגעלאַנד, און וואָס ער האָט עפּעס געזען, און זיין שכל האָט נישט געקענט משיג זיין, איז אַלץ געווען פון ענגעלאַנד. אַז דער זייגער קומט אַרויס פון ענגעלאַנד, פון דעם איז נישט געווען וואָס צו קלערן, נאָר, נאָר די ערשטע ספּרענזינע האָט אויך געמוזט מאַכן אַן ענגלישער שמיד! און ער האָט גערעדט מיט גרויס התלהבות פון ענגלאַנד, פון אירע חכמים, פון אירע קאָוואַלעס:

— זיי מוזן דאָרט זיין שיינע חכמים!

מענדל ברײנעס וואָלט געוואָלט לעבן אין ענגעלאַנד, נאָר שטאַרבן, איבער הונדערט און צוואַנציק יאָר, אין ארץ־ישראל. ערשטנס פאַר פרומ־קייט; צווייטנס גלאַט, האָט ער בטבע זייער ליב געהאַט מנוחה, און ווען ער פלעגט זיך דערמאָנען אין גלגול מחילות, האָט ער אויף דריי טאָג פאַר־לוירן דעם אַפּעטיט. און ווייל ער האָט פאָרט נישט אויפגעהערט צו עסן, האָט ער געהאַט זעקס טאָג בויכווייטיק! מחיה האָט ער זיך געווען, אַז ער איז געוואָר געוואָרן פון א זיכערן מענטש, אַז ארץ ישראל איז ווייטער ווי ענגעלאַנד.

— גוט, טראַכט ער. און קלערט שוין פון דעמאָלט אָן אויפן רעכטן אמת צו פאָרן קיין ארץ־ישראל, וואָרום „דער וועג מוז דאָך גיין דורך ענגעלאַנד!"

ער וואָלט שוין לאַנג פאַרקויפט דאָס געוועלבל מיטן כלי־בית און געפאָרן, ווען נישט ברײנע.

ברײנע האָט גאַנץ ערלעך געהאַלטן איר מענדלען. זי האָט זיך גע־וווּנטשן צו זיין זיין פוסבענקעלע אין גן־עדן; זי האָט אים געקעכלט און געשטאָפּט, געאַרבעט ווי אַן אייזל, מפרנס צו זיין, צו שוכן און צו קליידן מענדלען מיט די 4 קינדער: דריי מיידלעך און איין ייִנגל. איר גאַנצער

עולם־הזה איז געווען, אז זי האָט געזען פון געוועלב אַרויס איר מענדלען גיין מיט דער צדקה־פּושקע אין דער לינקער און מיטן שטעקן מיט דער מעשענער סקיפקע אין דער רעכטער האַנט! זי האָט פאַרקויפט בחצי־חנם איר שטאָט אין עזרת־נשים, ווייל די פענצטער גייען אין שיל אַריין, און באַצאָלט „ממון־קרח" פאַר אַ שטאָט נעבן בית־המדרש־פענצטער, זי זאָל זען ווי מענדעלע איז עולה לתורה און מאַכט די זיסע ברכה. עס האָט איר געקוואָלן דאָס האַרץ, ווען מענדעלע האָט אונטערגעזאָגט דעם חזן, „האשה בריינע בת מורנו"... און מנדר געווען פאַר איר געזונט ח"י פּעמים ח"י; זי איז געווען גליקלעך, אַז זי פלעגט שבת און יום־טוב גיין מיט אים דאַווענען צוזאַמען; און אַז זיי האָבן זיך צעשיידט ביי די צווייערליי טרעפּ, פלעגט זי בלייבן שטיין אויפן ערשטן שטאַפּל און איבערדרייען זיך און זען ווי איר מענדעלע הייבט די פיסלעך אויף די מענערישע טרעפּ. נאָכן דאַווענען האָט זי אים אָפּגעוואַרט ביי דער שוועל, און אַז זי האָט אים דערזען, און זי האָט דערהערט זיין „גוט־שבת", איז זי רויט גע־וואָרן, גלייך ווי זי וואָלט ערשט פון אונטער דער חופּה אַפּער. פונדעסט־וועגן האָט זי געוווסט, אַז מענדעלע איז נישט קלוג אין די „וועלט־נאַ־רישקייטן", אַז ער איז נאָר אַ חכם אין די קליינע אותיות, אַ מוח אין בית־המדרש, אָבער אַזוי, אין עולם־הזה־זאַכן, גאָר לאַ!... דאָס איז שוין איר זאַך!

— ניין, מענדעלע, — זאָגט זי אים געלאַסן, — מען פאָרט נישט אַזוי, מען פאַרקויפט נישט קיין מחיה! אפשר שפּעטער, אַז מיר וועלן חתונה מאַכן אַלע קינדער, אָפּגעבן קעסט, דערלעבן כאָטש אַן אייניקל, און אפשר אַן אוראייניקל, דעמאָלט, זעסטו, מהיכי־תיתי, איבערגעבן די קינדער די מחיה...

און מענדל האָט געוווסט, אַז בריינע איז אין וועלט־זאַכן אַ „ווילדע חכמה" און האָט געשוויגן! וואָרום נאָך ירושלים און ענגלאַנד, איז אים בריינע געווען פאַרבאַקן אין האַרץ.

ער האָט דערווייל נישט אַלע קינדער חתונה געמאַכט, און ער קומט איין מאָל אהיים זייער טרויעריק:

— זעסטו, בריינע, מאַכט ער, אַ פּאַוויעסטקע צום בין־דין של מעלה! ער ווייזט איר אַ גראָע האָר אין דער באָרד.

בריינע טרייסט אים:

— רעד נישט קיין נאַרישקייטן, מענדעלע, דו ביסט נישט קלאָר אין אַזעלכע זאַכן... מיין טאַטע, עליו־השלום, איז גראָ געוואָרן צו 50 יאָר, און דיר צו לענגערע יאָר...

— א ו נ ד ז צו לענגערע יאָר, פאַרבעסערט מענדל.

— און אונדז צו לענגערע יאָר האָט ער נאָך געלעבט אוודאי דרייסיק!

— היינט אָבער שוואַכע דורות, נישט די פאַרצייטיקע כוחות! — זאָגט מענדעלע און לאָזט אַראָפּ די אויגן.

ברײַנע האָט אים אויסגערעדט דאָס עגמת־נפש און אים אָנגעהויבן בעסער צו קעכלען: נעמט ביים קצב נאָך אַ האַלב פונט פלייש צום וואַרמעס...

— איי, ברײַנטשע, זאָגט דער קצב, איר האָט אוודאי מחותנים צום טיש, זאָל אייך זיין צו מזל!

— ניין, ענטפערט ברײַנע... היינטיקע שוואַכע דורות...

און ביים עסן לייגט זי אַלעמאָל צו מענדעלען נאָך אַ שטיקל, נאָך אַ פּיצל... „עס דאָס, דאָס איז אַ מחיה", און האָט, קוקנדיק אויף מענדעלען, אין זינען געהאַט: זאָל אים זיין צו געזונט... היינטיקע שוואַכע דורות!...

זי האָט מיקלאַמפּערשט „געכאַפּט אַ זעמל אין געוועלב, געוואַשן זיך ביי דער שכנה", אַמאָל — האָט איר קרובה געקאָכט אַ נייע מאָדע קילישע און איר געברענגט אַ פּאָר לעפל צו פאַרזוכן; אַמאָל איז זי געוועזן אויף אַ ברית, כאָטש זי האָט פאַרגעסן ווי די יולדת הייסט, — אַבי זי איז נישט הונגעריק געווען ביים עסן און נאָר געבעטן זיך:

— עס, מענדעלע, עס, וואָס גלייכסטו זיך צו מיר? תורה תתיש כוח!

— מתיש כוח, מיינסטו, ברײַנע.

— זאָל זיין מתיש כוח... אָדער ווי אין פּרק שטייט: אם אין תורה אין קמח, אַז מען לערנט, מוז מען עסן!

מענדל שמייכלט אויפן נייעם גרייז.

— אָבער איך, וואָס טו איך? איך גיי אַ גאַנצן טאָג ליידיק, אָדער זיץ איבערן פייער־טאָפּ. ק ו מ ט א ר י י ן אַ קונה, מ ע ס ט א י ך אָפּ אַ קוואַרט באַבעלעך, צי קאַשע, צי מעל, נישט — נישט! דעריבער דאַרף איך וויניקער עסן.

און מענדל גלייבט אין דער געכאַפּטער זעמל, אין דער קילישע,

אינעם ברית, כאַטש ער האָט תחנון געזאָגט. אַ קשיא אויף אַ מעשה, אוודאי ביי אַ מנין... ער דאַרף טאַקע — גלייבט ער — מער עסן. אַ קאַטאָוועס — יעדן טאָג צוויי יום תהלים, אַ פּרק משניות, עטלעכע בלאַט עין יעקב, היינט־זשע — דאַווענען, פּושקע טראָגן, שטעקן שלעפּן, ער ווייסט?...

און ער איז שטאַרק צופרידן, וואָס זיין כשרע ברײנע האָט אַזאַ רואיק לעבן, וואָס זי זיצט ליידיק אין געוועלבל איבערן פייער־טאָפּ, פאַר־לייגט די הענט און וואַרט אויפן קונה, קומט ער — קומט ער, נישט — נישט! זייער גלייך! זאָל זי כאָטש נישט אַזוי פיל אַרבעטן ווי ער, זאָל זי זיך כאָטש אויסרוען די ביינער. און מענדעלע שטאָפּט אין זיך אַריין וואָס אַמאָל מער, אַבי ער זאָל האָבן כוח מאריך־ימים צו זיין, ער זאָל דערלעבן צו זען ענגעלאַנד און צו שטאַרבן דערנאָך אין ירושלים.

אחוץ פון ברײנען האָט מענדעלע נאָך נחת פון קינדער: איין על־טערן זון האָט ער חתונה געמאַכט אין דער פרעמד; ער עסט שוין קעסט ביים שווער! געלויבט איז גאָט, זייט ער האָט חתונה געהאַט איז נאָך פון אים קיין בריוו נישט געווען, אַ סימן, אַז עס גייט אים גוט, אַז ער איז בקו הבריאה. ווער עס קומט צו פאָרן, ברענגט אַ גרוס... נאָך אים גייט אַ חתן־בחור — אַ חדר־ייִנגל. ברײנע באַשטעלט מלמדים, צאָלט שכר־לימוד, זעט — ער זאָל לערנען מיט זיינס גלייכן. ער פאַר דאָס פאַרהערט אים אַלע שבת... נאָר פאָרן עסן האָט מענדעלע פּיינט צו פאַר־הערן. נאָכן עסן איז בעסער. מער רחבות. דעריבער דרימלט ער טאַקע באַלד איין, און כאַפּט זיך ערשט אויף ביים מלמדס לחיים, גיט דעם זון אַ קניפּ אין בעקל און שוין!

ער האָט נאָך דריי טעכטער, יונגע קינדער, צייכן מיידלעך, נאָר ווילע קינדער אַלע. דרך־ארצדיקע קינדער. שטילע קינדער. שטענדיק ריי־נע, אָפּגעוואַשענע, אַ מחיה!... ער זעט אפילו נישט, ווען מען וואַשט זיי, ווען מען קעמט זיי, ווען ברײנע לאַטעט און פאַריכט! ער קען כמעט נישט פאַרשטיין ווי אַזוי דאָס ווערט קלוג און פיין געבוירן!...

— טאַקע מיינע קינדער! — טראַכט ער זיך מיט גאווה. — אין מיר אַריין געראָטן! ער דאַנקט און לויבט זיין ליבן נאָמען דער־פאַר, וואָס ברײנע האָט אַזאַ רואיק לעבן, נישט ווי אַנדערע מאַמעס; וואָס די קינדער דרייען איר נישט אָפּ דעם קאָפּ! און ווי די קינדער פאָלגן! ער

הייסט זיך, למשל, ברענגען א טרונק וואסער (ברײנע האָט א טבע אַלץ וואָס ער זאָגט, איבערצוזאָגן) און קוים חזרט זי איבער: ברענגט דעם טאַטן וואסער, לויפט דאָס קינד שוין און ברענגט; אַ מחיה אַזוינע קינ־דער! ער קומט אין שטוב אַריין און ברײנע זאָגט נאָר: דער טאַטע גייט — איז שוין שטיל!

געלויבט איז גאָט, מען רעדט שוין דעם צ ו ו ײ ט ן זון א שידוך. און א גוטן שידוך. ברײנע וויל טאַקע פאָרן אָנקוקן די כלה. חגאות־צייט וועט זי עס טון. אַזוי האָט זי אים געזאָגט. און ווייל ער איז געוואָר געוואָרן, אַז צום מחותן פאָרט מען נ י ש ט דורך ענגעלאַנד, איז ער א י ר מוחל דעם כבוד, זאָל זי זיך אַביסל איבערפאָרן. פאַרוואָס נישט? זי פאָרט אינגאַנצן פיר מאָל אין יאָר נאָך סחורה, אויך קומט זי צוריק מיד און מאַט פון לויפן, באַקוקן, דינגען... זאָל זי א ײ ן מ אָ ל כאָטש פאָרן און קומען מיט נחת. זאָל די וועלט זען, וואָס פאַר א ווייב ער האָט! ער אַליין וועט זיך ווייזן אויף די תנאים! אפילו ביי דער חופה איז אויך גענוג! דעם ע ר ש ט ן זונס כלה האָט זי אויך אָנגעקוקט;

עס זענען ווײטער אַוועקגעגאַנגען אַ פּאָר יאָר. אַז גאָט בענטשט, בענטשט ער מיט אַלעם, אַפילו מיט מנוחה — דער צווייטער זון האָט אויך חתונה געהאַט, און גוט חתונה געהאַט, ער עסט שוין אויך קעסט.

מענדעלע האָט אַפילו גאַנץ ווייניק געוווסט וועגן וואָס; עס איז אים איבערגעגאַנגען כמעט ווי אין אַ חלום. ער האָט אַפילו קיין איינציקן טאָג קיין יום־תהלים נישט פאַרפעלט... עס האָט אים דער קאָפּ נישט וויי געטון, אויסער אינדערפרי, נאָך דער גרויסער נאַכט, פון ווייניקער שלאָפן!

און מענדעלע פרייט זיך, — נאָך אינגאַנצן דריי מיידלעך חתונה צו מאַכן, (ביי ברײנען גייט עס געשווינד), און דערנאָך: שוין! איבער־געבן די מחיה, געדונגען אַ ברייטן וואָגן, מען זאָל זיך קענען אויסציען, אָנפּאַקן מיט ענגליש שטרוי און וויאָ!

נאָר עפּעס פילט ער, אַז די פיס זענען אים נישט בקו הבריאה, אַז פון אַ קורצע צייט איז אים דער אָטעם שווער, נאָר ברײנע לאָזט אים נישט צו קיין עגמת־נפש, זי טרייסט אים און קעבלט אים אַלע מאָל מער; זי איז אים מבטיח, אַז ער וועט נאָך אַלץ דערלעבן!

. . . . . . . . . . . . . . .

איינמאָל זיצט ער אין בית־המדרש ביים עין־יעקב און דערהערט א געשריי; עס דאַכט זיך אים — זיין טאָכטער; נאָר ניין, ווי קומט זי אויפן שיל־הויף? און א כלה־מיידל וויינט נישט... עפּעס לויפט מען אויף די טרעפּ, מען שרייט: טאטע! טאטע! פּאָרט איר קול! עס איז אָבער דאָך נישט מעגלעך!

ער וויל איבערקלערן, ועמט ארויס א שמעק טאבאק, נאָר איידער ער האָט אים ארייגעזעצט א די נאָזלעכער, האָט אים שוין די טאָכטער געריסן ביי די לאצן:

— ט א ט ע ! די מאמע איז אוועקגעפאלן, געוואלד!

און איידער ר׳ מענדעלע איז צו זיך געקומען און אהיימגעלאָפן, איז שוין בריינע געלעגן טויט!

אין איין טאָג איז מענדעלע גרייז־גרא געוואָרן, דער אָטעם טאקע שווער און די פּיס טאקע געשוואָלן... ער האָט זיך נישט געריכט, אז בריי־נע זאָל אים נישט איבערלעבן... ביי אזא מאַן, ביי אזוינע קינדער, ביי אזא ווילטאָג!...

און בריינע, אזוי ווי מען האָט זי נישט ארויסגעזען ביים לעבן, האָט מען זי קוים אָנגעזען אויף דער מטה... אזא דארעניש!...

---

# אַ כעס פון אַ ייִדענע

אָס קליינע שטיבל איז פאַרחושכט ווי אין אים דער דלות, אויף וועלכן עס וויינען אַלע פיר ווענט... אינעם אָפּגעריסענעם סופיט שטעקט אַ האָקן — אַ יתום נאָך אַ געוועזענעם הענגל־לייכטער, דער גרויסער אָפּגעשיילטער אויוון איז „אַרומגעגאַרטלט ביי די לענדן" מיט אַ גראָבן זאַק, שטייט איבערגעבויגן אין אַ זייט, און קוקט אַריבער צו זיין פינצטערן שכן — צום ליידיקן שוואַרצן קוימען, אויף וועלכן עס ליגט אַן איבערגעדרייטער טאָפּ מיט אַן אָנגעברענטן ראַנד, און אין אַ זייט, אַן „עליו־השלום", אַ צעבראָכענער לעפל, דער בלעכענער גבור האָט געהאַט אַן ערלעכן טויט: ער איז געפאַלן אין דער מלחמה מיט אויסגעדאַרטער, איינגעשפּאַרטער, נעכטיקער קאַשע!

דאָס שטיבל איז איבערגעפולט מיט כלים; עס שטייט אַ הימל־בעט, פאַרהאָנגען מיט צעריסענע פאָרהענגלעך... דורך די לעכער קוקט אַרויס דאָס בעטגעוואַנט, אָן ציכלעך, מיט רויטע פאַרפעדערטע אויגן. עס שטייט אַ וויגל, פון וועלכן עס שיינט אַרויס אַ גרויס געלבלעך קעפּל פון אַ שלאָפנדיק קינד... עס שטייט אַ קאַסטן, באַשלאָגן מיט בלעך, מיט אַן אָפּגענעם הענגל־שלאָס, — עס מוז שוין דאַרט קיין גרויס עשירות נישט זיין, — עס שטייט נאָך אַ טיש מיט דריי בענקלעך; דאָס הילצערנע מעבל איז אַמאָל רויט געפאַרבט געוועזן, היינט איז עס טונקל־ברודיק... רעכנט נאָך צו: אַ שאַף, אַ פאָמיעס־שאַף, אַ פאַס וואַסער, אַ קאָציובע מיט אַ לאָפּאַטע, וועט איר פאַרשטיין, אַז מען קען שוין, אין שטיבל פון ד' על ד', קיין שפּילקע נישט אַריינוואַרפן...

און דאָך זענען דאָ: אַן ער און אַ זי.

זי — אַ ייִדענע אין די מיטעלע יאָרען — זיצט אויפן קאַסטן, וואָס פילט אויס דאָס אָרט צווישן הימל־בעט און דער וויג.

זי האָט אין דער רעכטער האַנט דאָס איינציקע, קליינע, פאַרגרינטע פענצטער; לינקס — דעם טיש. זי אַרבעט אַ זאַק, שאָקלט צו דאָס וויגל

מיטן פוס און הערט זיך איין, ווי ע ר לערנט ביים טיש. און ער לערנט מיט א זינגענדיק־וואָלאכיש־וויינענדיק קול, ער לערנט און באַוועגט זיך אומרואיק, אָפּגעריסן און נערוועז. טייל ווערטער שלינגט ער, טייל ציט ער, טייל כאַפּט ער, טייל היפּערט ער איבער; טייל אַקצענטירט ער און דריקט אויס מיט ליבשאַפט, טייל שיט ער גלייכגילטיק אַרויס, ווי אַרבעס פון א זאַק; דערביי רוט ער נישט א רגע: דאַ כאַפּט ער אַרויס פון קעשענע אַן אַמאָל רויט און גאַנץ געוועזענע פאַטשיילע, ווישט זיך די נאָז, דעם שוויס פון פּנים און שטערן, באַלד לאָזט ער זי אַראָפּ אויף דער שויס און כאַפּט זיך קרייזלען די פאות, ציפּן דאָס שפּיציקע, ערטערווייז קוים גראָלעכע, בערדל... אָט, באַהאַלט ער אַן אויסגעצופּטע האָר אין ספר אַריין און הויבט זיך אָן פּאַטשן אויף דער קני, די הענט דערפילן דערווייל די פאַטשיילע, כאַפּן זי און וואַרפן א שפּיץ אין מויל אַריין; ער בייסט, וואַרפט איבער איין פוס אויפן צווייטן און טוישט אַלע מינוט די פּיס.

ביי דער גאַנצער צייט קנייטשט זיך אים זיין בלאַסער שטערן אין נאָז. די לאַנגע ברעמען ווערן, אונטער דער איבערגעלייגטער הויט פון שטערן, כמעט פאַרלוירן. דערווייל גיט אים — דאַכט זיך — עפּעס א שטאָך אין דער ברוסט; כאַפּט ער און דערלאַנגט זיך מיט דער רעכטער האַנט אויף דער לינקער זייט אַן „על־חטא"... ראַפּטום פאַרלייגט ער דעם קאָפּ לינקס, דריקט צו מיט א פינגער די לינקע זייט נאָז, מאַכט מיט דער רעכטער זייט א קינסטלעכע פאַנטאַנע, וואַרפט איבער דעם קאָפּ רעכטס, די פאָנטאַנע שפּריצט פון דער רעכטער זייט נאָז!... אין מיטן כאַפּט ער א שמעק טאַבאַק, צעהוידעט זיך בעסער, דאָס קול קלינגט, דאָס בענקל קנאַקט, עס רודערט דער טיש!

דאָס קינד וועקט זיך נישט! עס איז געוווינט צו דער מוזיק.

און זי, דאָס יונגערהייט איינגעשרומפּענע ווייב, זיצט און שעפּט נחת פון מאַן. זי לאָזט פון אים קיין אויג נישט אַראָפּ; איר אויער פאַרלירט נים קיין איינציקן טאָן פון זיין מויל... אַמאָל זיפצט זי: ער זאָל — טראַכט זי — טויגן צו ד ע ר וועלט ווי צו י ע נ ע ר, וואָלט איר דאָ אויך ווויל געוועזן... דאָ אויך...

— „מאַ! — טרייסט זי זיך — ווער שמועסט פון א כבוד! נישט יעדער איז זוכה צו ביידע טישן".

זי הערט זיך איין... איר איינגעשרומפּן פּנים ענדערט זיך, דאָס אויך וואָס אַמאָל; זי איז אויך נערוועז:

ערשט איז דערויף אויסגעגאָסן געווען אַ ווילדע הנאה; אַזוי פיל בּחת האָט זי פון זיין תורה געשעפּט... דערמאָנט זי זיך, אַז היינט איז דאָך שוין דאָנערשטיק, אַז עס איז דאָך קיין דרייער אויף שבת נישטאָ, און דאָס גן־עדן־ליכט אויפן פּנים ווערט וואָס אַמאָל טונקלער און טונקלער, ביז דער שמייכל פאַרשווינדט פון גאַנצן פּנים... דערנאָך וואַרפט זי אַ בּליק דורכן פאַרגרינטן פענצטער, קוקט אויף דער זון — עס מוז שוין זיין שפּעט און עס איז נאָך אין שטוב קיין לעפל וואַרעם וואַסער נישטאָ — און די שפּיזלעך בּלייבּן איר שטיין אין דער האַנט, אַ טונקעלער שאָטן האָט שוין דאָס פּנים בּאַדעקט. זי וואַרפט אַן אויג אויפן קינד; עס שלאָפט שוין אומרואיק, עס וועט זיך באַלד אויפכאַפּן, עס איז פאַרן קראַנקן קינד קיין טראָפּן מילך נישטאָ — און פון שאָטן איז שוין אַ וואָלקן געוואָרן, די שפּיזלעך הייבּן אָן אין דער האַנט צו ציטערן, צו וואַרפן זיך...

און אַז זי דערמאָנט זיך נאָך, אַז, אויסער דעם, גייט צו פּסח... אַז די אויערינגלעך מיט די בּענטש־לייכטער זענען פאַרזעצט, דער קאַסטן — לעער, דער הענגל־לייכטער — פאַרקויפט, — הייבּן אָן די שפּיזלעך גאָר מערדעריש צו טאַנצן! דער וואָלקן אויפן פּנים ווערט טונקל־בּלאָ, אָנגעלאָדן... אין די קליינע, גראָע אויגן, וואָס מען זעט קוים אַרויס פון אונטערן טיכל אויפן קאָפּ, בּאַווייזן זיך — בּליצן:

ער — זיצט נאָך אַלץ און לערנט; ער בּאַמערקט נישט, אַז עס מאַכט זיך אַ געוויטער, אַז עס ווערט אַלע מאָל געפערלעכער... אַז זי לאָזט אַרויס דעם זאָק מיט די שפּיזלעך פון דער האַנט און הייבּט אָן קנאַקן די אויסגעדאַרטע פינגער, אַז זי קנייטשט איין דעם שטערן פאַר ווייטיק, איין אויג ווערט צוגעמאַכט, און דאָס צווייטע קוקט אויף אים, מעסער־שפּיציק אויפן מאַן, דעם למדן, אַז עס וואָלט אים, ווען ער זאָל עס זען, קיל געוואָרן אין אַלע אבריםִ; דאָך זעט ער נישט, ווי אירע בּלאָע ליפּן ציטערן, ווי די גאָמבע ציטערט, ווי עס קלאַפּט איר אַ צאָן אָן אַ צאָן... ווי זי האַלט זיך איין מיט אַלע כוחות, נישט אויסצובּרעכן... ווי דער דונער רייסט זיך און רייסט, און עס דאַרף נאָר אַ קלייניקייט, ער זאָל אַרויס פון מויל.

דאָס קליינינקייט האָט זיך געטראָפן:

ער לערנט און זאָגט: „שמע מיניה — — — תלת..." און טייטשט זיך אויס בנעימות: „איז דאָך פון דאנען געדרונגען..." ער וויל זאָגן: דריי — נאָר דאָס וואָרט „געדרונגען" איז שוין גענוג געווען... אין דעם וואָרט האָט זיך אָנגעכאַפּט דאָס פאַרביטערטע האַרץ, דאָס איז געווען דער פונק צום פולווער!

איר שטאַרקער ווילן פּלאַצט. דאָס אומגליקלעכע וואָרט האָט געעפנט אַלע פאַרהאַמערטע טויערן, אויפגעקאַקט אַלע רינגלען... אויסער זיך איז זי צוגעשפּרונגען צום מאַן מיט פייַנע אין מויל, מיט נעגל אין פּנים אַריין.

— געדרונגען זאָגסטו, געדרונגען? אוי! אַ דרינגעניש זאָל אויף דיר קומען, רבונו של עולם! — האָט זי אויסגעשריען פון אַ הייזעריק קול פאַר כעס — — אַ דרינגעניש, רבונו של עולם! יאָ! יאָ! — האָט זי ווייטער מיט אַ שלאַנגען־קול געסיטשעט: פאַר פּסח... דאָנערשטיק... ס׳קינד קראַנק... קיין טראָפּן מילך! האַ!

עס פאַרפעלט איר אָטעם, די איינגעפאַלענע ברוסט שלאָגט פאַליעס, פון די אויגן יאָגן בליצן.

ער בלייבט ווי פאַרשטיינערט. בלייך איז ער אויפגעשפּרונגען פון בענקל, אָן אָטעם פאַר שרעק, און האָט זיך הינטערווייַלעכטס גערוקט צו דער טיר.

זיי שטייען איינס קעגן אַנדערן און קוקן זיך אָן; ער מיט גלעזערנע אויגן פאַר שרעק, זי — מיט ברענענדיקע — פאַר כעס... ער באַמערקט דאָך באַלד, אַז זי האָט פאַר כעס קיין שלימה נישט, נישט איבער דער צונג, נישט איבער די הענט. די אויגן ווערן אים אַלע מאָל קלענער; ער כאַפּט אָן עק פאַטשיילע אין מויל אַריין, רוקט זיך נאָך אַביסל אָפּ, אָטעמט טיפער אָפּ און מורמלט:

— הער, דו אשה... ווייסטו, וואָס איז בטול־תורה? נישט לאָזן דיין מאַן לערנען, האַ? אַלץ פּרנסה, האַ? און ווער גיט דעם פייגעלע! אַלץ נישט גלייבן אין גאָט! אַלץ יצר־הרע, אַלץ נאָר ד י וועלט... נאַרישע אשה... מרשעת! נישט לאָזן לערנען אַ מאַן... דערפאַר קומט גיהנום... זי איז שוין מזלדיק צו אַזעלכע זאַכן... ער וועט זיך נאָך גענוג אָנפאָרן...

אַז זי ענטפערט נישט, ווערט ער שטאַרקער ביי זיך! איר פּנים ווערט בלייכער און בלייכער, זי ציטערט אַלץ מאָל מער, און וואָס מער זי ציטערט און ווערט בלייכער — פעסטער און ראַשער ווערט זיין קול:

— „גיהנום! פייער! הענגען אויף דער צונג! ארבע מיתות בית־דין!״

זי שווייגט, דאָס פּנים אירס איז שוין ווי אַ קרייד.

ער פילט, אַז ער טוט נישט גלייך, אַז ער דאַרף זי נישט אַזוי קרענ־קען, אַז ער רעדט נישט ערלעך; נאָר איינהאַלטן קאָן ער זיך שוין נישט. אַלעס שלעכטע, וואָס ער האָט ביז אַהער אין זיך געהאַט, שיטן זיך אים אַרויס, ער קען זיי נישט איינהאַלטן.

— „ווייסט וואָס טייטש? — גייט זיין קול איבער ווי אין אַ בייזן דונער: סקילה — דאָס הייסט. וואַרפן אין גרוב אַריין און פאַרשיטן מיט שטיינער! שריפה — פירט ער ווייטער און וווּנדערט זיך אַליין אויף זיין העזה — שריפה, דאָס הייסט: אַריינגיסן אין די געדערים אַ לעפל היים־קאָכנדיק־זידנדיק בליי! הרג איז בסיף... דאָס הייסט: מען האַקט אָפּ דעם קאָפּ מיט אַ שווערד... אָט אַזוי! און ער מאַכט אַ באַוועגונג אַרום האַלדז. הײַנט — חנק... ווערגן... הערסט — ווערגן! פאַרשטייסט — בטול תורה! אַלץ פאַר בטול תורה!

דאָס האַרץ טוט אים שוין ווי פאַר רחמנות אויף זיין קרבן, נאָר עס איז אים דאָס ערשטע מאָל, ער זאָל אַזוי גובר זיין... עס פאַרשיכורט אים! אַזאַ נאַרישע יידענע! ער האָט ביז אַהער גאָרנישט געוווּסט, אַז מען קען זי אַזוי איבערשרעקן.

— אָט דאָס איז בטול תורה! שרייט ער ענדלעך אויס. ער האַקט דאָך אָפּ, זי קאָן דאָך צו זיך קומען און כאַפּן אַ בעזעם! ער שפּרינגט צוריק צום טיש, פאַרמאַכט די גמרא און לויפט אַרויס....

— „אין בית־המדרש אַריין גיי איך!״ שרייט ער צו איר שוין מיט אַ ווייכערער שטימע און פאַרמאַכט נאָך זיך די טיר.

דאָס נעשריי מיטן קלאַפּ פון דער טיר האָט אויפגעוועקט דאָס קרענקלעכע קינד. עס הייבט לאַנגזאַם אויף די שווערע ברעמען, דאָס וועקסן־געלע פּנים פאַרקרימט זיך, און עס הייבט אָן צו פּיפּן אונטערן נע־שוואָלענעם נעזל. נאָר זי שטייט אַלץ אויף איר אָרט, אויסער זיך, ווי פאַרשטיינערט און הערט נישט דעם קינדס קול.

— האַ! — רייסט זיך איר ענדלעך אַ הייזעריק קול פון דער פאַר־ענגטער ברוסט אַרויס — אַזוי — נישט די וועלט, נישט יענע וועלט... הענגען — זאָגט ער — ווערגן — זאָגט ער — הייסע סמאָלע — בליי — זאָגט ער! בטול תורה!

— גאָרנישט... מיר גאָרנישט... העשעט איר אין צעריסע־נעם האַרץ! דאָ הונגער... אָן אַ קלייד... אָן בענטש־לייכטער... אַלץ נישט... דאָס קינד הונגעריק... קיין טראָפּן מילך... און דאָרט — הענגען.. הענגען אויף דער צונג... בטול תורה — זאָגט ער. —

— הענגען... כאַ! כאַ! כאַ! — רייסט זיך ראַפּטום אויס איר פאַרצווייפלט קול... הענגען, יאָ. נאָר דאָ! — באַלד! אַלץ איינס! נאָך וואָס וואַרטן?

דאָס קינד הייבט אָן העכער צו וויינען, נאָר זי הערט אַלץ נישט.

— אַ שטריק! אַ שטריק! — שרייט זי אויסער זיך, און זוכט מיט פאַרבלאָנדזשעטע אויגן אַ שטריק אין אַלע ווינקעלעך.

— אַ שטריק ווו נעמט מען! זאָל ער שוין מיין געביין דאָ נישט טרעפן! לאָמיך כאָטש דאָס גיהנום פּטור ווערן! זאָל ער וויסן! זאָל ער זיין אַ מאַמע! זאָל ער! אַ כּפּרה בין איך! אַ מלאך־המוות! אַן עק! אַן עק זאָל זיין! אַ שטריק!

זי דערמאָנט זיך, אַז עס ליגט ערגעץ אַ שטריק... יאָ, אונטערן אויוון... מען האָט געזאָלט אויפן ווינטער דעם אויוון איבערבינדן, ער מוז נאָך דאָרט ליגן...

זי לויפט צו און געפינט דעם שטריק: אַ פרייד — זי האָט געפונען דעם אוצר! זי וואַרפט אַן אויג אויפן סופיט — דער האָקן זיצט... זי דאַרף נאָר אויפן טיש אַרויף.

זי שפּרינגט אַרויף —

נאָר פון דער הייך דערזעט זי, אַז דאָס דערשראָקענע, פאַרחלשטע קינד איז אויפגעזעצט, עס בייגט זיך איבערן וויגל; עס וויל אַרויס! אָט, אָט, פאַלט עס אַרויס...

— מאַמע! — האָט דאָס קינד קוים אויסגעריסן פון שוואַכן העלדזל. עס כאַפּט זי אָן אַ נייער כעס. —

זי וואַרפט אוועק דעם שטריק, שפרינגט אראָפּ פון טיש, לויפט־צו צום קינד, און וואַרפט אים דאָס קעפּל אויפן קישן צוריק, שרייענדיק:

— ממזר! אפילו הענגען לאָזט עס מיך נישט! אפילו נישט הענגען בשלום! עס וויל שוין ציען... ציען וויל עס... אָ! סם וועסטו ציען פון דער ברוסט! סם!

— נאַ, פרעסער, נאַ! — שרייט זי אויס אין איין אָטעם, און שטופּט דעם קינד די אויסגעדאַרטע ברוסט אין מויל אריין.

— נאַ, צי, בייס!...

# האשה מרת חנה

## (אַ פּעקל בריוו)

**א) צוויי בריוו, וואָס חנה האָט באַקומען פון איר ברודער מנחם־מענדל, און איין בריוו פון איר שוועגערן חוה־גיטל. בסך־הכל ד ר יי ב ר י וו.**

---

## ערשטער בריוו

**החיים והשלום לאחותי הצנועה מרת חנה תחיה.**



דיין בריוו האָב איך דערהאַלטן. וואָס קלערסטו, איך האָב גענוג טרערן פאַרגאָסן און אַ גאַנצע נאַכט געזיפצט און געקרעכצט; וואָס קומט מיר אָבער אַרויס, גאָט אין הימל איז מיין עדות, אַז איך בין דיר נישט אימשטאַנד צו העלפן. און וואָס דו שרייבסט וועגן דער ירושה, מוז איך דיר, ליבע שוועסטער, זאָגן, אַז דאָס איז גאָר קיין ווער־טער נישט! נאָכן יידישן דת האָסטו קיין שום טענה־ומענה אויף דער ירושה; פרעג דיין מאַן, ער איז דאָך אַ ייד אַ למדן, וועט ער דיר אויך זאָגן דאָס איי־גענע. און דו דאַרפסט גאָרנישט פרעגן דעם מאַן, ער זאָל דיר ערשט זאָגן; אַזאַ אשה כשרה ווי דו! עפנט אויף דאָס טייטש־חומש און זעט, אַז צלפחדס טעכטער האָבן באַקומען ירושה, נאָר ווייל עס זענען קיין בנים־זכרים נישט געווען, אָבער קוים זענען דאָ בנים־זכרים, באַקומען די טעכ־טער קיין ירושה נישט, און קיין שטר חצי זכר האָסטו נישט. איי, וואָס דו זאָגסט, אַז דער טאַטע, עליו־השלום, האָט דיר דעם גאַנצן נדן נישט געסילוקט, איז אוודאי קיין טענה נישט. וואָרן, צוריק געשמועסט, ווער קריגט דעם גאַנצן נדן? מיר האָט מען, ווייסטו, אויך אָפּגעריסן, און איך האָב, חלילה, קיין טענות נישט צו קיינעם. — און, בכל, איז דער שכל מחייב, אַז אויב דער טאַטע, עליו־השלום, האָט נישט געהאַלטן זיין

התחייבות, האָט דאָס צווייטע צד אויך אַזוי געטון, און מען איז דערויף באַשטאַנען; די צדדים האָבן איינער דעם צווייטן מוחל געווען, ווי ביי אונז יידן דער מנהג איז. און איך האָב נישט געוואָלט שטעלן אויף מיין דעה, און איבערגעשמועסט די זאַך מיט אונזער רב און מיט די דיינים, און אַלע זאָגן פּה־אחד, אַז עס איז אַזוי.

און, בנוגע צו דער טענה, וואָס דו שרייבסט, אַז דו האָסט נאָר אַ האַלב יאָר געגעסן קעסט, נישט אַ גאַנץ יאָר, — פון דעם ווייס איך שוין גאָר נישט! לא פּקדני אבא — דערפון האָט מיר דער טאַטע, עליו־השלום, נישט געזאָגט. און ווייסן ווייסטו, אַז איך בין דאַמאָלס געווען אַ פּרוש, בין געזעסן פאַר דער גאַנצער צייט ביים רבין, זאָל לעבן, און געלערנט... און חוה־גיטל מיינע דערציילט, אַז עס איז אַזוי געווען: עס איז געוואָרן אַ שטיקל מחלוקת צווישן אייך ווענגן דער מאַמע, עליה־השלום, שטאָט אין דער ווייבערישער שיל, און איר האָט אייך אַרומגעריסן ביי די קעפּ, און דער טאַטע, עליו־השלום, האָט דערפון גרויס צער געהאַט און גרויס עגמת־נפש; און איינמאָל, שבת־צונאַכטס, האָסטו געכאַפּט דאָס פּעקל מיטן מאַן און ביסט מיט'ן אַוועק אין זיין שטעטל אריין, — אויב אַזוי, ווער איז אייך שולדיק? אויף וועמען שרייסטו? ווער האָט אייך געהייסן אַנטלויפן? אַז מען דאַרף עסן קעסט, עסט מען...

נאָר — איך מיין נישט, חס־ושלום, דיר אָנצוטון עגמת־נפש. איך וויל דיר נאָר אויסווייזן, ווי ווייט אומגעריכט דו ביסט; אָבער יאָ גע־רעכט, נישט גערעכט, מען דאַרף זיך פירן לפנים משורת־הדין, בפרט קענגן אַן אייגענע שוועסטער, נאָר וואָס העלפט עס? וויל יאָ, וויל נישט, אַז מען קען נישט! דאַרפסט ווייסן, שוועסטער־לעבן, אַז דער פאָטער אונזערער, זכרונו־לברכה, האָט פאַר דער פּטירה געמאַכט אַ צוואה, ער האָט אַוועק־געגעבן דאָס גרויסע ש"ס דעם גרויסן בית־המדרש! דאָס קליינע ש"ס — דעם קליינעם בית־המדרש, די משניותן מיט די עשרים־וארבעס האָט ער געהייסן שיקן אין שטיבל אריין, ווו ער, עליו־השלום, האָט געדאַוונט... קבורה־געלט, נישט אויסגערעדט זאָל עס זיין, האָט געקאָסט צוויי הונדערט גילדן, מיד־ליד האָב איך אויך צעטיילט אַ פופציק גילדן, וואָס רעד איך, מער, אַ סך מער ווי פופציק גילדן! דעם טאַטן, עליו־השלומס, מלבושים האָב איך אויך צעטיילט אָרעמע לייט, חוץ דער זיידענער קאַפּאָטע, וואָס איך האָב, לויט צוואה, איבערגעלאָזט פאַר מיין משהלע, שיחיה, ער זאָל

אין איר גיין אין א מזלדיקער שעה, צו דער חופה, במהרה בימנו, אמן. וואָס דען בלייבט בסך־הכל?

עס בלייבט נישט מער, נאָר דאָס הייזל, נו, קיין שרפ״ט איז עס נישט ווערט. דער דאך איז, לא־עליכם, א חולה־נופל; אויף א האָר העגגט ער. דער וואָיט הייסט אראָפּנעמען די אַלטע פייער־מויער, און אינגאנצן איז עס בחזקת סכנה.

נישט מער, שוועסטער־לעבן, דו מיינסט, איך האָב פּרנסה! אז דער טאַטע, עליו־השלום, איז נפטר געוואָרן און איך בין אראָפּ פון קעסט, האָב איך פאַרדונגען די דריי שטובן לינקס גרונם דעם סוחר, מען רופט אים גרונם צאַפּ (דו מוזט אים אוודאי געדענקען און דאָס ווייב זיינס — זכאַ־טע), מיט דעם געלט קוועל איך מיך און באַצאָל קוים פּאָדימנע און אנ־דערע פּאַדאַטקעס, וואָס וואַקסן פון טאָג צו טאָג. שולדיק בין איך בסך־הכל פאַר א יאָר אַנדערטהאַלבן מיט א שמיץ! דערווייל טו איך מיר עצות, גיב א טרונק בראָנפן, — קום שפּעטער, קום מאָרגן, כנהוג, נאָר דער שטריק אויפן האַלדז וואַקסט, און וואָס דער סוף דערפון וועט זיין, ווייסט איין רבונו של עולם.

איך באַוווין די דריי שטובן רעכטס אינאיינעם מיטן אריינפאָר־הויז און מיט דער שענק; די צייט דערווייל איז זייער שלעכט. די דערפער ארום האָבן זיך פאַרשוואָרן, נישט צו טרינקען קיין בראָנפן. איז נאָך וויניק, האָט דער פּריץ געעפנט אין די ארומיקע דערפער שפּייז־געוועלב־לעך מיט טיי־הייזער, — וואָס זאָל איך דיר זאָגן? מען דאַרף רחמים! מען קוקט זיך די אויגן אויס, איידער מען דערזעט א פויער!

און וואָס דו שרייבסט, אז ווער עס קומט זאָגט דיר, אז איך האָב שיין פּרנסה. — זיי וויסן, אז מענטשן האָבן גאָר גרויסע אויגן. איידער מען פאַרדינט א דרייער, איז קריעת ים־סוף. דערווייל מוז מען ביילע־סאַ־שען התונה מאכן, און איך ווער גראָ און אַלט דעריבער. די הוצאות זענען אין לשער, אויף חוב וויל מען נישט געבן, צו די מלבושים פעלט נאָך א זיידן אויבער־מלבוש, ואחרי ככלות־הכל, מוז חוה־גיטל מיינע, באַלד נאָך דער חתונה פאָרן צו א דאָקטאָר. אז שמואל רופא הייסט שוין פאָרן, פאַרשטייסטו שוין, ווי עס האַלט, רחמנא ליצלן... איך האָב גע־פרעגט דעם רבין, זאָלן לעבן, הייסט ער, זאָל לעבן, אויך פאָרן קיין וואַר־

שע. און דער הוסט ווערט שטאַרקער פון טאָג צו טאָג, — גלייך מען וואָלט האַלדז געהאַקט!

און דאָס, וואָס דו ווילסט מיך איבערשרעקן, אַז אויב איך וועל דיר נישט באַלד ענטפערן ווי עס געהער צו זיין, וועסטו שרייבן צו אונדזער קרובה אין לובלין, און זי וועט גיין צו איר אַדוואָקאַט, מען זאָל מיך אי־בערגעבן אין גוישע הענט אריין, — זיי וויסן, שוועסטער־לעב, אַז דער־פאַר האָב איך גאָר קיין פּחד נישט! ערשטנס, פאַרשטיי איך, אַז עס איז גלאַט גערעדט, אַז אַזאַ כשרע צנועה, ווי מיין שוועסטער איז, ווייסט, וואָס אַ בית־דין איז, און וואָס אַ סאָנד, להבדיל, איז... אַזאַ שטות וועסטו נישט טון. אַ יידישע טאָכטער טוט נישט אַזוי! און דו זאָלסט אפילו וועלן, האָסטו דאָך אַ מאַן צו הונדערט און צוואַנציק יאָר, און ער וועט אַזאַ עוולה נישט דערלאָזן! ער וואָלט זיך שוין נישט געטאָרט ווייזן ביים רבין זיינעם, אפילו נישט אין שטיבל אריין קומען!

אויסער דעם, ראָט איך דיר, זאָלסט, חס־ושלום, נישט אַרויסוואַרפן קיין געלט אויף אַדוואָקאַטן; אָן עס לא היה זענען זיי די אַדוואָקאַטן. נאָר גיב און גיב און הערסטו אויף צו געבן, ווייסט ער שוין נישט ווער דו ביסט.

און דערמאָנען מוז איך דיר נאָך די טאָמאַשאָווער מעשה, וואָס דער טאַטע, עליו־השלום, פלעגט דערציילן. אפשר האָסטו זי פאַרגעסן, וועל איך דיר זי נאָכאַמאָל דערציילן. אַמאָל איז דאָרט נפטר געוואָרן אַ באַלעבאָס; איז די טאָכטער זיינע, אַ גרושה, געלאָפן צום אַסעסאָר, ער זאָל איר אויסטיילן אַ חלק ירושה, ווי עס איז בדיניהם. דערווייל, אַזוי ווי זי איז געשטאַנען און גערעדט מיטן אַסעסאָר, איז ביי איר אין שטוב אַראָפּגעפאַלן אַ קויל פון קוימען... אין דער רגע האָט זיך אונטערגע־צונדן די שטוב, און עס איז איר, נישט פאַר אונז געדאַכט, נישט פאַר קיין שום ייד געדאַכט, אַ קינד פאַרברענט געוואָרן.

און איך ראָט דיר, שוועסטער חנה, זאָלסט זען חרטה האָבן און תשובה טון אויף דעם, וואָס דו האָסט געשריבן. אין אדם נתפס על צערו, דאָס הייסט, ווי מענטשן זאָגן — צרות נעמען דעם שכל צו; נאָר אַ קטרוג קען, חס־ושלום, זיין דערפון, און דו דאַרפסט עפּעס אויף זיך נעמען, כאָטש אַ תענית איבער אַ טאָג!

איך פון מיין צד בין דיר מוחל מיטן גאַנצן האַרץ. און, אַז דו וועסט קומען, אם ירצה השם, אויף מיין טאָכטערס חתונה, וועט אַלץ ווערן אויס־

געהיילט, וועסטו זיך מיט אונדז משמח זיין אין א מזלדיקע שעה. נאָר זע, למען־השם, נישט צו דערמאָנען פון פראָצעסן, חס־ושלום! —

און דער עיקר פארדריסט מיך אויף בעלך, נ"י, המופלג, וואָס שרייבט גאָר נישט פון זיין געזונט. אויב ער איז אויף מיר אין כעס, זינדיקט ער, און ער דארף דאָך וויסן, אז כל הכועס וכו'. חוץ דעם, האָט זיך ארויסגעלאָזט א קול אין אונדזער שטעטל, אז ימים־נוראים איז ער נישט געווען ביים רבין און האָט געדאַוונט גאָר אין בית־המדרש. נאָך זאָגט מען, אז ער וויל אוועקלייגן דאָס לערנען און זיך צו עפּעס צושלאָגן. א נהנע מיגיע כפּו, זאָגט ער, וויל ער זיין. וואָס פאר א צער איך האָב דערפון, קענסטו משער זיין. וואָרן „תורה מה תהיה עליה"? ווער וועט זיצן און לערנען, אז נישט אזוינע טייערע קעפּ ווי ער?!

ער דארף וויסן, אז דער טאַטע, עליו־השלום, האָט זיך מיט'ן משדך געווען נישט אויף דעם תנאי! און בפרט היינטיקע צייטן, ווען די אומות־העולם נעמען זיך צום מסחר און די עסקים פאלן פון טאָג צו טאָג, איז אוודאי א יושר, נשים זאָלן האנדלען, און די מענער זאָלן טאקע יושב ועוסק בתורה זיין, און דער רבונו של עולם וועט זיך אפשר טאקע מרחם זיין... זאָל ער זיך בעסער ארויסנעמען א כתב־רבנות, זאָל ער ווערן שוחט, מלמד, — וואָס ער וויל, נאָר נישט קיין סוחר, חס־ושלום... איך זאָל נאָר וויסן, אז ער וועט מיר נישט אָפּרעדן מיין קינד פון מיין רבין, וואָלט איך אים מיין משהלען געשיקט מיט קעסט!

זע, אז דיין מאַן זאָל אוועקלייגן די נארישקייטן, דו מאַך דיר א געוועלבל, א שטעל... און זכות אבות, הן פון דיין צד, הן פון בעלך נ"ים צד, וועט אייך בוודאי ביישטיין.

און פאַריאָג, ראָט איך דיר, די מרה־שחורה, מיט וועלכער דיין בריוו איז אויסגעווייקט, אז עס שניידט ביים הארץ. א בשר־ודם אָן בטחון, איז ערגער ווי א בהמה, רחמנה ליצלן. ער דרייט זיך ארום אויף דער וועלט, ווי א יתום אָן א טאַטן; א גאָט, ברוך־הוא, אין הימל האָבן מיר, פאַר־לאָזן פארלאָזט ער נישט.

אז דער מענטש פאלט אריין אין מרה־שחורה, איז א סימן, אז ער האָט, חס־ושלום, קיין אמונה, קיין בטחון נישט, און דאָס איז נישט ווייט פון ערגערע זאכן, רחמנא ליצלן! וואָס איך וויל אפילו איבער מיין מויל נישט ברענגען!

גם שרייב מיר, אחותי חנה, ווי עס שטייט ביי אייך מיט ארבעס. אונדזערע צוויי גרויסע סוחרים, דו געדענקסט דאָך זיי, דער לאָמער יוחנן און יונה סגי־נהור, האָבן אויפגעהויבן דעם מקח, און דער פּריץ אונדזע־רער האָט נישט אויף זריעה... אפשר וועט זיך, אם ירצה השם, מאַכן אַ שטיקל עסק... עס איז אפשר מן השמים, איך זאָל האָבן צושטייער צו חתונה־הוצאות. דיין טובה פאַרלאַנג איך, חס־ושלום, נישט אומזיסט; זאָל זיך נאָר עפּעס מאַכן, שיק איך אייך אויף הוצאות, זאָלסט קומען עם בעלך המופלג, שיחיה, אויף סאָשע־ביילע, שתחיהם, חתונה, איך וועל נאָך פאַר דיר אַ מתנה געבן — דרשה־געשאַנק מצד הכלה!

חוה־גיטל, שתחיה, גריסט דיך גאָר פריינטלעך. אַליין שרייבט זי נישט, ווייל עס איז היינט ביי אונז יריד; זענען געקומען צוויי סוחרים פון די זאַמושציער אַכלער און ווילן דווקא געפּילטע פיש. די כלה, שתחיה, איז נעגאַנגען צום שניידער אָנמעסטן אַ מלבוש, און מיך האָט מען דאָ אַליין איבערגעלאָזט פאַר אַ שומר ביים קוימען.

און זע, למען־השם, אחותי חנה, נישט צוצולאָזן זיך צום האַרץ, אוועקטרייבן די מרה־שחורה און לעבן מיט בטחון. ווער עס שפּייזט אַ ווערעמל אויף דער ערד, אַ פייגעלע אין נעסט, וועט דיך אויך נישט פאַרלאָזן.

גריס בעלך, וכו׳

פון מיר אחיך — מ נ ח ם ־ מ ע נ ד ל.

---

## צווייטער בריוו

החיים והשלום לאחותי מרת חנה תחיה.

איך האָב דיין צווייטן בריוו דערהאַלטן. ער איז געוואָרן דורכגע־ווייקט פון טרערן, און פול זלזולים קעגן מיר, זוגתי חוה־גיטל, שתחיה, און אפילו בתי הכלה, בילאַ־סאָשע, שתחיה, און איך האָב דערפון פיל שפיכות דמים געהאַט, וואָרום פאַר וואָס? אחותי חנה, דו זאָגסט, אַז איך בין, חס־ושלום, אַ גזלן, אַז איך האָב דיר געטראָפן, חס־ושלום, אין וואַלד, און איך האָב דיך געהרגעט, חס־ושלום; אַז דורך מיר און זוגתי חוה־גיטל, שתחיה, ביסטו פאַרוואָגלט געוואָרן פון דער היים, אַז מיין טאָכטער ביילע־סאָשע איז, ביי דיר אין די אויגן אַ חצופה, ווייל זי מאַכט זיך זיידענע

מלבושים... מה אומר ומה אדבר, אַז איך מוז הערן און שווייגן, ווייל איך ווייס, אַז דיר איז אַזוי שלעכט... אַז נישט דו רעדסט, נאָר דיין שווער געמיט רעדט...

די זאַך איז אָבער נישט אַזוי. איך בין, חס־ושלום, קיין רוצח נישט! און זאָל קומען איינער פון גאַס, און זאָגן, אַז די קאַפּאָטע, וואָס איך טראָג אויפן לייב, איז זיינע, און ער וויל האָבן אַ דין־תורה, רעד איך מיט אים נישט דאָס אַנדערע וואָרט, און גיי מיט׳ן צום רב. און, אם ירצה השם, אַז דו וועסט קומען אויף ביילע־סאָשעס חתונה, האָב איך מיט דיר אַ דין־תורה, בפירוש אַ דין־תורה, פון קיין פּשר האַלט איך נישט!

און זע אַליין! בנוגע צו די קעסט, וואָס דו האָסט נישט דערעסן, ביסטו דאָך אַליין מודה אין דיין בריוו, אַז די סיבה איז געווען אַ מחלוקת צווישן דיר און זוגתי, תחיה. ווער עס האָט אָנגעהויבן איז נישט מיין זאַך. איך זע נאָר, אַז בעלך איז, קיין עין־הרע, אַ גרויסער גולם, שהלך אחרי אשתו... איר זענט, זאָגט מען, אין אַ מוצאי־שבת אַנטלאָפן, לייטן־געלעכטער אָנגעמאַכט. דער טאַטע, עליו־השלום, האָט געהאַט דערפון גרויס שבירת־הלב און קצור־ימים, (אַזוי האָט ער בפירוש געזאָגט; שכנים האָבן געהערט!) און דו לייגסט אַלץ אַרויף אויף חוה־גיטל תחיה! מאַכסט איר גלאַט אַ בלבול!

נאָר! מאי דהוה הוה — דער טאַטע עליו השלום איז שוין אויפן עולם־אמת! אוים קעסט, אוים טענות! שריי חי־וקים קעגן גאָט, ברוך הוא!

און זיי וויסן, אַז בתי הכלה ביילע־סאָשע, איז גאָר, חלילה, קיין חצופה נישט! זי איז נעבעך גאָר נישט שולדיק! צו די זיידענע מלבושים נויט מיך דער מחותן, דער תקיף. איינמאָל האָט זי אַפילו געוויינט, אַז זי שטעלט אונדז בדלות. וואָס זאָל מען אָבער טון, אַז אין די תנאים שטייט בפירוש „בגדי משי וסאַמעט", און ער טרעט נישט אָפּ פון די תנאים. אַז נישט, זאָגט ער, איז אוים, צערייסט ער די תנאים! און מער פעלט מיר נישט, נאָר בתי, תחיה, זאָל, חס־ושלום, פאַרזיצן!

און זיי וויסן, אַז דער נדן איז אויך נאָך נישט געסולקט איינגאַנצן במזומנים. צוגעזאָגט האָב איך זעקס, געגעבן דריי; אויף נאָך שתי מאות האָב איך געמוזט געבן אַן אַקט אויפן הויז. ווייסטו דאָך, אַז דאָס הויז איז אויפן טאַטנס, עליו השלומס נאָמען, — קאָסט ווייטער געלט, איידער מען קאָן פאַרשרייבן, וד"ל... אויף דער רעשט האָב איך געגעבן אַ זאָלאַ־

וועקסל אויף שטעמפל, וליתר תוקף־ועוז — נאָך אַ חרם־קוויטל. און אַצינד בין איך ערשט אין דער קלעם, אַז דער רבונו של עולם זאָל זיך מרחם זיין.

נאָר רעד מיט אַ יידענע! נישט אומזיסט האָבן אונדזערע חכמים געזאָגט: „נשים דעתן קלות" און מענטשן זאָגן: לאַנגע האָר — מיידל־וויַיז מיין איך, און קורצער שכל.. איך שרייב דעריבער באַזונדער לבלעך, שיחיה; ער איז אַ מאַנסביל, אַ בן תורה, אַ מופלג בתורה, און ער וועט וויסן, אַז אַ בשר־ודם טאָר זיך נישט אַרויפלייגן אויף אַן אַנדערן בשר־ודם, וואָרום: וכשל עוזר ונפל עזור, — אַ בשר־ודם קאָן קוים זיך אַליין דערטראָגן... אַ מענטש מוז האָבן בטחון.

און איך בין בטוח, אַז גאָט וועט דיך, חס־ושלום, נישט פאַרלאָזן; ער פאַרלאָזט נישט קיין שוואַכע פליג! נאָר פון רבונו של עולם קאָנסטו געהאָלפן ווערן, צו'ן אים זאָלסטו מתפלל זיין, און איך פון מיין צד, אַז איך וועל, אם ירצה השם, זיין ביי אים, זאָל לעבן, וועל איך אָנגעבן פון דיינעטוועגן אַ קוויטל מיט אַ באַזונדערן פדיון: 2 צי 3 מאָל ח"י און עס מוז פועלן!

און בנוגע צום אַרבעס, האָט זיך אויסגעלאָזט אַ בוידעם. איידער וואָס, איידער ווען, האָט זיך גבריאל דער פּאַכטער אַראָפּגעבערעגט פון אייער געגנט עטלעכע פורן אַרבעס. פּאַרדינט האָט ער אַ מטמון! ער מאַכט שוין חתונה אַ זון און גיט שוין נדן... וואָס קלערסטו, אַז גאָט וויל, פּעלט דיר אויף אַ מאַרקע, פּאַרשפּעטיקט זיך דיין תשובה אויף מיין בריוו, און גבריאל ווערט דער חכם!

און וואָס דו שרייבסט, אַז דאָס קינד דיינס איז נישט בקו־הבריאה, זאָל טאַקע דער רופא חולים העלפן; אין סכנת־נפשות, גלויב נישט; נאָר אַן מרה־שחורה! איך האָב געטון מיינס. איך בין אויפגעשטאַנען גאַנץ פרי, געאַנגען אין גרויסן בית־המדרש אַריין, אַריינגעוואָרפן אין מאיר בעל הנס, אויפגעשריבן אויף דער מזרח־וואַנט „לרפואה־שלמה" מיט גרויסע אותיות. און, אויב עס וועט זיין אם ירצה השם, אַ ליידונג, וועל איך נאָך שיקן ליכט אין שיל אַריין. דעם רבין זאָל לעבן וויל איך אויך מודיע זיין. און נישט דערמאַנען, אַז בעלך איז נישט זיין חסיד, און דו ווייסט, אַז ביי אים, זאָל לעבן, בין איך אַ בן בית...

פון מיר, אחיך —

מנחם־מענדל.

עיקר שכחתי. מירל־פייגע, דעם דיינס טאָכטער איז, לא עליכם, געווען מקשה לילד, האָט מען אַראָפּגעברענגט אַ דאָקטאָר פון טאָמאַשאָוו און דער מאַן איז תיכף אַוועקגעלאָפן צום רבין, זאָל לעבן. צי דער דאָקטאָר האָט קאַליע געמאַכט, צי וואָס, נאָר אַז דער מאַן איז געקומען, האָט ער זי שוין געטראָפן אויף דער מטה. ער האָט איר געמאַכט אַ גאָר שיינעם הספד. אַצינד רעדט מען אים שידוכים, איך וועל מיך אויך אַריינלייגן אין דער זאַך. עס איז אַ מצווה אַזאַ שיינעם יונגן מאַן אַ טובה צו טון. אגב, טאָמער באַשערט השם יתברך אַ רייכן שידוך וועל איך נישט צולייגן.

אחיך הנ"ל.

זוגתי חוה־גיטל, שתחי', לאָזט דיך גריסן גאָר פריינטלעך. וכן בתי הכלה שתחיה. מיט גאָטס הילף וועסטו, אם ירצה השם, די טעג באַקומען אַ חתונה־בריוול. עס זאָל אונדז אַלע זיין צו מזל און צו ברכה.

מנחם־מענדל הנ"ל.

## דריטער בריוו

גיסתי האהובה, המיוחסת והצנועה האשה הכשרה הלא היא מרת חנה תחיה.

ראשית בין איך דיר מודיע, ליבע שוועסטער און שוועגערן, אַז מהיום והלאה, אַז גאָט וועט שענקען דאָס לעבן, וועל איך אָפּנעמען דיינע בריוו, נישט מיין בעל־בכי און אשפה וועל איך פון זיי מאַכן! צווייטנס, ליבע שוועגערן, איז דאָס פון דיין זייט, צווישן אונדז גערעדט, אַ גרויסע חוצפה, וואָס דו האָסט זיך אָן אונדז אָנגעכאַפּט און דווקא פאַר אַ חתונה, און מאַכסט אונדז די טעג פינצטער ווי די נעכט, און ווילסט נאָך אָנמאַכן אַ שוואַרץ־פינצטער לעבן צווישן מאַן און ווייב. דו מוזט, אַפּנים, מיינען, ליבע שוועגערן, אַז דו ביזט נאָך ביים שווער, זכרונו לברכה, אויף קעסט, אַז דו ביזט אַ פאַרצויגענע בת־יחידה, אָן שום דרך ארץ; און אַז מען גיט דיר נישט דאָס טעלערל פון הימל, ווילסטו אַלעמען אויסשטעכן די אויגן, די וועלט אומברענגען, און די קולות דיינע גייען עד לב־השמים. איך געדענק נאָך דיין טופען מיט די פיסלעך, דיין זעצן מיט די פויסטן אין טיש אַריין, בשעת, ווען דער תם דיינער שטעלט זיך אין אַ ווינקל אַריין, שאָקלט מיטן שאָפּענעם קעפּל, אַז די פאות וואַרפן זיך אים, ווי די לולבים;

דער שווער, זאָל ער מיר עס דאָרט מוחל זיין, זאָגט דאָך אוודאי, אַז די בת־יחידה איז געדעכט.

טייערע שוועגערן חנה! עס איז שוין צייט זיך אויפצוכאַפּן פון שלאָף, צו פאַרגעסן די פוסטע חלומות, און צו זען אויף וואָס פאַר אַ וועלט מען איז. דער שווער, זכרונו־לברכה, איז שוין לאַנג אויפן עולם־אמת; נישטאָ קיין קעסט, אויסגערונען! אַ בת־יחידה קענסטו נאָר זיין ביי דיין אייגענעם מאַן, נישט ביי קיין אַנדערן, און איך וועל דיר צוויי מאָל פינף פינגער!

און דעם בריוו־טרעגער האָב איך זהיר והזהר אָנגעזאָגט, ער זאָל דיינע בריוו אָפּגעבן מיר צו דער האַנט, נישט מיין כשר בהמהלע. זיי וויסן, ליבע שוועגערן, אַז די גאַנצע וועלט בלאָזט אויף די נעגל פון דיין שגעון! ווער עס הערט, זאָגט נישט אַנדערש, נאָר אַ דיבוק, רחמנא־ליצלן! סערל די נגידה האָט מיר בפירוש געזאָגט, אַז דו ביזט ווערט, מען זאָל דיך קורע־כדג זיין! און איך קאָן גאָר נישט פאַרשטיין, וואָס דו ווילסט האָבן פון מיר! נישט איך חוה־גיטל האָב, חס ושלום, געשריבן די תורה; נישט איך, חוה־גיטל, בין, חס ושלום, אַראָפּ מיט דונער און בליצן אויפן באַרג סיני, אַוועקצוגזלן פון דיר דעם דיין פון ירושה; און אַז דער שווער דיינער, זאָל מיר עס דאָרט מוחל זיין, איז געווען אַזאַ בטלן, ווי דיין מאַן דער תם, און אַז מען האָט דיר נישט געגעבן קיין שטר חצי זכר, בין איך שולדיק? און דער רבונו של עולם איז נישט, חס ושלום, אין מיין רשות; די שליסל פון שערי רחמים, ליגן נישט ביי מיר, — עס איז דאָ צו וועמען צו שרייען! האָסט נישט קיין סידור, קיין מחזורים, קיין תחינות! דאַוון, בעט רחמים! און אויב דאָס קינד דיינס איז טאַקע חולה מסוכן, איז דאָרט אויך דאָ אַן אָרון קודש איינצוריסן, קברים צו מעסטן, און מאיר בעל־נס אויף צדקה פעלט אויך נישט! דו ווייסט אָבער נישט מער, נאָר — חוה־גיטל; חוה־גיטל און ווידער חוה־גיטל! פעלט דיר פרנסה, ווער איז שולדיק? חוה־גיטל! גיסט דו צו איר אויס דיין ביטער האַרץ; איז דיר קראַנק דאָס קינד, ווער איז שולדיק? מסתמא חוה־גיטל, און פאַרשרייסט מיר דעם קאָפּ! און איך, איין גאָט אין הימל ווייסט דעם אמת, בין חולה־מסוכן, איך פּאָבע מיט דער נשמה און ביי'ן אַ ליאַדע עגמת־נפש, ווער איך ממש אויס מענטש. און אַז מיר כאַפּט אָן דער הוסט, איז טאַקע סכנות נפשות, מיין איך, אַז עס עקט זיך מיין וועלט. איך בין, ווי מען זאָגט: אַ פּוס אין

שטוב אַ פּוס אין גרוב. און אַז די דאָקטוירים וועלן מיר נאָך הייסן פאָרן קיין אויסלאַנד וואסער טרינקען, בלייב איך אָן אַ העמד, חס ושלום; און אויף וועמענס הענט לאָז איך איבער די שטוב, די פּרנסה, די זעקס קינדערלעך, — וואָס?

דו ווייסט, דאַכט זיך, אַז אויף מיר שטייט דאָס גאַנצע הויז, אַז אַלץ ליגט אויף מיין קאָפּ, אַז ווו אַחיך מנחם־מענדל גיט זיך נאָר אַ ריר, איז באַלד אַ שאָדן; ליימענע הענט האָט ער, דאָס שלים־מזל! אַ מענטש זאָל נישט טויגן, נישט צו גאָט, נישט צו לייט; זאָל נישט אַריינטון קיין האַנט אין קאַלט וואַסער אַריין, גאָר נישט! פעלט מיר נאָך, עס זאָל קומען דער דאָקטאָר און זאָגן, אַז עס וואַקסט ביי מיר די מילץ אין דער ברייט, אַז די סכנה איז חס ושלום, זייער גרויס, אַז איך ברויך גרויס רחמים! — קומסטו און מאַכסט מיך פּאַר אַ גליקלעכע נגידה, איך זאָל דיר העלפן.

ליבע שוועגערן, איך זאָג דיר בפירוש, אַז דו האָסט אַ הארץ פון אַ טאָטער, נישט פון אַ יידישע טאָכטער; ביסט פּשוט אַ מענטש אָן רחמנות! שוין צייט, זאָלסט גאָר אינגאַנצן אויפהערן מיט דיינע ליבהאַרציקע בריוועלעך! און זע, למען השם, צו קומען אויף דער חתונה, וואָס וועט זיין, אם ירצה השם, גאָר קירצלעך. ווען, ווייס איך נאָך אַליין נישט, ווייל איך וויל עס נישט נעמען אויף מיין אחריות. זאָל מנחם־מענדל פאָרן צום צדיק, און אָפּשטעלן אויף זיין באַראַט, ווען די חתונה, זאָל זיין אין אַ מזלדיקער שעה, און איך וועל דיר שוין מודיע זיין. מתנות ברענגען דאַרפסטו נישט. און, אַז דו וועסט, אם ירצה השם, קומען עם בעלך המופלג, שיחיה, וועט איר ביי מיר זיין פון די געהויבענע געסט, איך וועל אייך זעצן אויבן־אָן; און די כלה בעט אייך אויך זייער און זייער, איר זאָלט קומען אויף דער חתונה, נאָר איר זאָלט אייך לייטיש פירן, נישט חס ושלום, פאַרגעסן, ווו איר זייט אויף דער וועלט, און נישט אָנטון קיין חרפות ובושות.

גריס בעלך, שיחיה, מיטן קינד לרפואה שלמה

פון מיר, דיין שוועגערן —

חוה־גיטל.

# ב) פיר בריוו וואָס חנה האָט באַקומען פון מאַן שמואל־משה.

## ערשטער בריוו

זוגתי האהובה מרת חנה תחיה.

ווען מיין בריוו, וועט קומען צו דיר אין דער האַנט אריין, וועל איך, בעלך שמואל־משה, שוין זיין אין מרחקים. און איך בעט ביי דיר סליחה ומחילה אויף דעם. איך בין אוועק פון דיר נישט מיט מיין גוטן ווילן, איך האָב שוין לעננער נישט געקאָנט אויסהאַלטן; איך האָב געזען בחוש, אז עס איז כלו כל הקיצין, אז עס איז שוין די צרות נישט צו דער־טראָגן; דעם נדן האָבן מיר אויפגעגעסן, די ירושה האָט דיין ברודער דער גזלן, איינגעשלונגען, ער האָט באַנוצט די צייט, ווען די בריוו זענען צווישן אייך געגאַנגען, און האָט פאַרשריבן דאָס הויז אויפן מחותנס נאָמען, — צושלאָגן זיך צו'ן אַ שטיקל עסק האָב איך נישט געקאָנט. נישט געהאַט מיט וואָס; איז מיר קיין אַנדערע עצה נישט געבליבן נאָר, אָדער זיך, חס ושלום צו הענגען, ווי משה דער שניידער האָט געטון, אָדער אַנטלויפן קיין אַמעריקע — האָב איך אויסגעקליבן אַמעריקע; זאָל איך כאָטש יענע וועלט נישט פאַרלירן. און אין אַמעריקע וועל איך שוין נישט זיין קיין בטלן, קיין „כלי־יקר"; איך וועל מיט גאָטס הילף מיטן שוויים פון שטערן, מיט מיינע צען פינגער פאַרדינען אויף אַ שטיקל ברויט, ביז השם יתברך וועט זיך מרחם זיין און וועט אריינשיקן די ברכה אין מיינע צען פינגער, און אפשר וועט ער גאָר בענטשן דיין מסחר דאָרט מיט די ציבעלעס, און וועט אונדז צוריק צוזאַמענפירן, אָדער מיך צו דיר אָדער דיך צו מיר! אמן, כן יהי רצון.

און איך בעט דיך זייער, ליבע, גוטע חנה, זאָלסט דיך נישט אַזוי מצער זיין, נישט אַזוי פיל וויינען. דו ווייסט, אַז מיין גאַנצער מיין מיטן אוועקפאָרן איז נאָר — פרנסה, נאָר דאָס שטיקל ברויט! דו ביסט זוגתי חנה און איך בין דיין מאַן שמואל־משה, אוןביידע זענען מיר צוגעבונדן צום קינד, זאָל לעבן און געזונט זיין. ווען איך וואָלט געהאַט כאָטש אַ שטיקל טרוקן ברויט, וואָלט איך עס, חס ושלום, נישט געטון... אפשר וועט זיך דערווייל השם יתברך מרחם זיין, און, אַז דיין ברודער, דער גזלן,

וועט דערהערן, אז איך האָב דיך חס ושלום געלאָזט אָן עגונה, וועט ער פּאָרט אפשר רחמנות קריגן, דאָס שטיינערנע האַרץ וועט ווייכער ווערן, און ער וועט דיר ניכער אפשר שיקן עטלעכע רובל אויף פּרנסה...

וואָס זאָל איך רעדן און וואָס זאָל איך זאָגן, מיין גאָלדענע חנה?! איך מוז דיר זאָגן, אַז די מחשבה אַוועקצופאָרן, און דיך איבערצולאָזן מיטן קינד, איז מיר שוין אַ סך מאָל אַרויפגעקומען אויפן זינען. איך האָב שוין לאַנג געזען, אַז איך האָב נישט קיין אַנדערע ברירה. טאָג אַזוי נאַכט האָב איך דערינען געקלערט, אי ביים דאַווענען, אי ביים לערנען. איך האָב נאָר געוואַרט, דעם קינד, עס זאָל אים זיין לרפואה שלמה, זאָל בעסער ווערן. אַז דעם קינד, זאָל לעבן איז בעסער געוואָרן, האָב איך דאָך נישט געהאַט דאָס האַרץ דיר צו זאָגן, אַז איך וויל אַוועק, ווו די אויגן וועלן מיך טראָגן... איך האָב מורא געהאַט, אַז דו וועסט זאָגן, אַז דו ווילסט נישט, און איך וועל נישט קענען טון דיין רצון. האָב איך אַלץ אין מיר געהאַלטן, אָפּגעגעסן זיך אין דער שטיל דאָס האַרץ. נאָר, אייער־נעכטן, אַז דו האָסט אַהיים געברענגט אַ פונט ברויט, און צעטיילט פאַר מיר און פאַרן קינד, זאָל געזונט זיין, און געזאָגט, אַז דו האָסט שוין געגעסן ביים שכן, און איך האָב דערקענט אין דיין פּנים, וואָס האָט באַקו־מען אַלערליי קאָלירן, — ווייל דו קענסט בטבע נישט זאָגן קיין ליגן — אַז דו נאַרסט מיך, אַז דו האָסט נאָך אין דיין מויל נישט געהאַט, — האָב איך בשעת מעשה דערפילט, ווי ווייט איך זינדיק קעגן דיר! עסנדיק פון ברויט, האָב איך געפילט, אַז איך עס פון דיר דאָס פלייש, חס ושלום; און דערנאָך, ביים גלעזל טיי, אַז איך טרינק, אַז איך זויג אויס, חס ושלום, דיין בלוט. עס האָבן זיך מיר מיט אַמאָל די אויגן געעפנט; איך האָב ערשט דערזען, וואָס פאַר אַ פּושע־ישראל איך בין! און אויסזאָגן האָב איך פּאָרט מורא געהאַט; בין איך אַנטלאָפן אָן דיין ידיעה. —

ביי יחיאל דעם מלווה האָב איך פאַרזעצט די אויבערשטע קאַפּאָטע מיטן טלית, נאָר, למען השם, דאָס זאָל קיינער נישט וויסן — און האָב גענומען אויף הוצאות. אַז עס וועט מיר פעלן, זענען אומעטום דאָ יידן בני־רחמנים און מען וועט מיך, חלילה, נישט לאָזן פאַלן אין גאַס. וועל איך אָנקומען צו מתנת בשר־ודם! און אַ נדר האָב איך געטון, אַז איך וועל, אם ירצה השם, שפּעטער, אַז זיין ליבער נאָמען וועט זיך מרחם זיין, און איך וועל וואָס עס איז פאַרדינען, וועל איך אַלץ אָפּגעבן אויף צדקה, מיט רווחים, — אם ירצה השם!

דאַרפסט פאַרשטיין, מיין גאָלדענע חנהלע, ווי מיר איז שווער און ביטער דאָס אוועקפאָרן... אַז אונדזער איינציק טייער קינד, איז געבוירן געוואָרן, איז מיר אוודאי אין זינען נישט אריינגעקומען, אַז איך וועל אים מוזן איבערלאָזן, כאָטש אויף אַ צייט, אָן אַ טאַטן...

די נאַכט, וואָס איך בין אוועק, בין איך אָפּגעשטאַנען, אוודאי אַ שעה אויפן זייגער איבער דיין בעט; דו ביזט געשלאָפן. ביי דער שיין פון דער לבנה, האָב איך ערשט געזען, ווי דו זעסט, נעבעך, אויס! ווי דאָס קינד, נעבעך, איז געל ווי אַ וואַקס... פאַר פּחד און גרויס רחמנות האָט מיר דאָס האַרץ געשטיקט; איך האָב שיר־נישט ארויסגעלאָזט אַ געוויין; אויס מענטש בין איך ארויס פון שטוב. איך האָב אָנגעקלאַפּט ביים בעק־קער, געקויפט אַ ברויט, שטילערהייט אריינגעגנבעט זיך אין שטוב און דיר איבערגעלאָזט. איך בין ווייטער געשטאַנען אַ ווײַלע און האָב קוים כוח געהאַט אָפּצורייסן די פיס פון דער ערד... וואָס זאָל איך דיר זאָגן, חנה, אַ מענטש שפּירט אַמאָל אין איין רגע יסורים פון הונדערט יאָר!

חנהשי קרוין, איך ווייס גאַנץ גוט, אַז איך בין אַ גזלן, אַ רוצח, וואָס איך האָב דיר נישט געלאָזט קיין גט, על כל פּנים אויף אַ תּנאַי; אָבער גאָט אין הימל איז מיין עדות, אַז איך האָב דערצו קיין כוח נישט געהאַט, קיין האַרץ נישט געהאַט, מיר דאַכט זיך, אַז ווען איך וואָלט דיר איבערגעלאָזט אַ גט, וואָלט איך, חס ושלום, געשטאָרבן אונטערוועגס פאַר יסורים; מיר זענען דאָך אַ געטרייער, כשרער זיווג; השם יתברך אַליין האָט אויפן זיווג מסכים געווען. און איך בין צו דיר אָנגעבונדן מיטן גאַנצן האַרץ: איין נשמה אין צוויי גופים. און איך ווייס נישט, ווי איך וועל לעבן אָן דיר און אָן דעם קינד, זאָל געזונט זיין, אפילו איין מי־נוט. און טאָמער זאָגט דיר עמעצער, אַז איך האָב דיך געלאָזט, חס ושלום, אַן עגונה, גלויב נישט! דען איך שמואל־משה, בין דיין מאַן, און וואָס איך האָב געטון האָב איך געמוזט טון. וואָרן וואָס טוט נישט אַ מענטש פאַר נויט...

חנהשי קרוין, ווען איך וואָלט פאַר דיר געקאָנט אויפרייסן מיין האַרץ, דו זאָלסט זען, וואָס דאָרט טוט זיך, וואָלט מיר אפשר אביסל גרינ־גער געוואָרן. — אַצינד, מיין כשרע נשמה, לייד איך גרויס צרות! די טרערן גיסן זיך מיר פון די אויגן, אַז איך זע נישט, וואָס איך שרייב, און דאָס האַרץ קלעמט, און אין מוח דרייט זיך ווי אַ מיל... און עס

קלאַפּט מיר אַ צאָן אָן אַ צאָן, און דער בעל־עגלה, דער עם־הארץ, שטייט איבער מיר און האַקט אין טיש אַריין און שרייט: פאָרן, פאָרן!

רבונו של עולם, האָב שוין אַמאָל רחמנות אויף מיר, אויף מיין ווייב חנה, זאָל געזונט זיין, און אויפן קינד, איך זאָל נאָך פון אים אַמאָל נחת דערלעבן.

פון מיר, דיין טרייער מאַן, וואָס שרייבט אויפן וועג אין קרעטשמע,

ש מ ו א ל ־ מ ש ה.

---

## צווייטער בריוו

אשתי היקרה והאהובה.

וואָס זאָל איך רעדן, וואָס זאָל איך זאָגן; איך זע בחוש, אַז מן השמים האָט מען מיך געהייסן פאָרן. אַז דאָס איז געווען אַ גאָט־זאַך. דאָס האָט ער מיר איינגעגעבן שכל, איך זאָל אַוועק קיין אַמעריקע; אַלץ וואָס השם יתברך טוט לאָזט זיך אויס צום גוטן.

מיין ליבע חנה! בשעת איך מאַך צו די אויגן, דאַכט זיך מיר, אַז איך בין אינדערהיים, און עס חלומט זיך מיר פון עק וועלט! וואָרום באמת, ווער וואָלט־געגלויבט, אַז אַזאַ בטלן, אַזאַ מענטש אָן אַ צונג אין מויל ווי איך, — אַ מענטש, וואָס קאָן קוים אַ צורת מטבע, זאָל פאָרן מיט דער באַן, לאָזן זיך אויף אַ שיף איבערן ים און קומען בשלום קיין אַמעריקע! אצבע אלהים! — גאָטס השגחה איז עס... זיין ווילן נאָר האָט גובר געווען, אַז איך האָב געקאָנט איבערלאָזן דיך מיטן קינד, זאָל לעבן. השם יתברך זאָל געבן, מיר זאָלן נאָך זוכה זיין אים מגדל צו זיין, לתורה לחופה ולמעשים טובים!

חנהלע קרוין! איך האָב מיך פריער אָנגעזען גרוים וואונדער אויף דער יבשה. דאָס איז אָבער גאָר נישט קעגן דעם, וואָס איך האָב געזען אויפן ים. אויפן ים, האָב איך פאַרגעסן אַלץ וואָס איך האָב פריער געזען אויף דער יבשה, און אַצינד, ביי די וואונדער אין אַמעריקע, פאַרגעס איך ווייטער דעם ים!

און אויף דער שיף האָב איך, אין דער התחלה, גרויס צער און עגמת נפש געהאַט; טאַקע אין לשער, נאָר דאָס אַלץ איז אויך געווען לטובה, און איך גלויב, אַז איך האָב דאָס אַלץ איבערגעלעבט אין דיין זכות און אין זכות פון אונדזער איינציק קינד!

חנהלע, דו מוזט אוודאי געדענקען לייב חזן, וואָס איז אמאָל, מיט עטלעכע יאָר צוריק, געקומען צו אונדז אין שטעטל אריין, און האָט ביי אונדז געדאַוונט ימים נוראים. מוצאי יום כפור, געדענק איך, האָסטו מיר געזאָגט, אַז, צייט דו לעבסט, האָסטו נאָך אַזאַ דאַווענען נישט געהערט. איך געדענק נאָך אפילו דאָס לשון, ווי דו האָסט מיר געזאָגט: לייב חזן צעשרייט זיך ווי אַ לייב און צעוויינט זיך ווי אַ קינד...

אויף מאָרגן, איז געוואָרן עפּעס אַ מחלוקת אין שטעטל. מען האָט לייב חזן נישט אין זינען געהאַט, נישט רעכט באַצאָלט; און ער איז, נעבעך, ארומגעגאַנגען אין די הייזער... געדענקסט מיט אַ קליין מיידעלע, גנענדיל האָט זי געהייסן. זי האָט נאָכגעזונגען דעם פאָטערס ניגונים מיט איר קינדיש קולעכל... אַז זיי זענען אריינגעקומען צו אונדז, האָסטו אויף איר גרויס רחמנות באַקומען, האָסט זי גענומען צו זיך אויף דער שויס, געקושט אין קאָפּ, האָסט איר עפּעס געשענקט, איך געדענק שוין נישט וואָס, און האָסט זיך נאָך צעוויינט פאַר רחמנות אויף דער אָרעמער יתומה אָן אַ מאַמען... דיך וואונדערט אפשר, וואָס איך געדענק אַזוי אַלץ?

זיי ווייסן, חנהלע קרוין, אַז איך געדענק אַלע דיינע זיסע רייד, אַלע דיינע תנועות, וואָס האָבן טויזנט חן געהאַט; שטענדיק שטייסטו מיר פאַר די אויגן! פאָרנדיק אויפן ים, האָט זיך מיר אויך וואָס אמאָל געדאַכט, אַז דו שטייסט נעבן מיר, דאָס קינד האַלט זיך אָן דיין פאַרטוך, און איך הער דיין קול און דעם קינדס קול, און עס קלינגט מיר אין די אויערן מיט אַזאַ זיסקייט, וואָס איז גאָר נישט צו באַשרייבן. —

און אַצינד האָב איך מיך מיט דעם אייגענעם לייב חזן אויפן וועג געטראָפן. נישט צו זינדיקן מיט די רייד, איז דער לייב חזן גאָר אינגאַנצן אַראָפּ פון וועג! גאָר, גאָר...

אויף דער שיף האָט ער נישט שטאַרק געקוקט, יאָ כשר נישט כשר; טרינקען טרינקט ער ווי נישט קיין ייד... איבער דער גאַנצער צייט האָב איך אים נישט געזען אין טלית און תפילין.. אָדער ער זאָל בענטשן נאָכן עסן... גיין גייט ער אָרום גאַנצע טעג אָן אַ היטל... און לא די, וואָס ער אַליין איז אַזוי, פירט ער נאָך די טאָכטער אין זיינע דרכים... די דעמאָלטיקע גנענדיל וועט היינט אַלט זיין אַ יאָר זיבעצן, וואָלסטו זען — אַ פאַרטרעט! און ער הייסט איר, זי זאָל זינגען און טאַנצן פאַר די פּאַסאַזשירן פון שיף, און זי זינגט אויף כמה וכמה לשונות, רחמנא ליצלן. לייט

הערן און פּאַטשן מיט די הענט פאַר נחת, און שרייען, דאָס גוטע־יאָר ווייסט זיי וואָס! און עס גייט צו אויסגעלאָסן און פאַרשייט, אַז — חלשות!

צום אַלעם ערשטן, וואָס זאָל איך לייקענען, האָב איך מיך מיט זיי זייער דערפרייט. פּאַרט, טראַכט איך, היימישע מענטשן, איך וועל שוין נישט אַרומגיין אַזוי עלנט, אַזוי איינער אַליין. האָב איך דערנאָך אָבער געהאַט גרויס שברות הלב; איך האָב נישט געקאָנט צוזען זיין התנהגות מיט דער טאָכטער. און טייל מאָל האָט מיך געשניטן אין האַרץ, ווי אַ ייד אַ בעל־תפילה, וואָס פלעגט שטיין פאַרן עמוד, זיין אַ שליח פון כנסת־ישראל פאַרן רבונו של עולם, רעדט גאָר פשוט נבול־פה, אַז די גאַל קערט זיך איבער. און אַ קול האָט ער, איז עס דורכגעברענט פון בראַנפן...

איז דאָך גוט, נעמען זיי זיך נאָך צו מיר און ווילן מיך מאַכן פאַר אַ לייט! חוזק מאַכן זיי פון מיר אויף דער שיף! מען הערט נישט מער נאָר: בטלן, שוטה... ער צופּט מיר די פּאות, זי רייסט די ציצית פון טלית־קטן און די גאַנצן שיף האָט מיט מיר צו טון!

און וואָס פאַרדריסט זיי? וואָס איך בין אַזוי אָפּגעהיטן פון טריפות, וואָס איך וויל בעסער פאַסטן, איידער עסן פת עכו"ם.

דו ווייסט דאָך, אַז איך האָב מיך פיינט צו קריגן, רוק איך זיך אָפּ אָן אַ זייט, באַהאַלט מיך אין אַ ווינקעלע! און וויין מיר אויס דאָס האַרץ אין דער שטיל...

דער עולם געפינט מיך אָבער און מאַכט פון מיר לייטן־געלעכטער. איך האָב געמיינט, עס איז מיין עק!

ערשט אַצינד, אין אַמעריקע, זע איך, אַז דאָס אַלץ איז געווען אַ גאָט־זאַך!

אַז דאָס האָט מיר גאָט, מיט זיין גרויס חסד, אָנגעגרייט לייב חזן מיט דער טאָכטער אין אַמעריקע, ווי ער האָט אָנגעגרייט יוספן פאַר זיינע ברידער אין מצרים.

וואָרום, וואָס וואָלט איך אָן זיי געטון! אַ מענטש אָן לשון, אָן אַ מלאכה, נישט ווייסנדיק, ווו אַ טיר עפנט זיך!

און לייב חזן איז דאָ אַ גאַנצער בן־בית. ענגליש רעדט ער ווי אַ וואַסער. תיכף, אַזוי ווי איך בין נאָר געקומען, האָט ער מיך אַריינגעפירט אין אַ ציגאַרן־פאַבריק, און — איך אַרבעט און פאַרדין שוין!

דערווייל וווינען מיר אפילו אין איין דירה. וואָרום, פרעג מיך בחרם, ווי אזוי מען גייט דאָ דינגען א דירה!

אויך זענען זיי, — טאַקע גאָטס חסד, בנוגע צו מיר, גאָר אנדערש געוואָרן.

גנענדיל מאַכט שוין נישט חוזק אוים מיינע באָרד און פאות, און האַלט זיך פון מיר פון ווייטנס, ווי עס פאַסט פאַר א יידישע טאָכטער. זי קאָכט פאַר אונדז, און דאָס איז זייער וויכטיק, הגם קיין פלייש עס איך נישט, נאָר אייער, און טיי טרינק איך אָן מילך. וואשן וואשט זי אויך.

פון דעם איז זיך באמת א מוסר ארויסצולערנען, אז טאַקע וואָס דער רבונו של עולם טוט, טוט ער צום גוטן.

און ווייסט, ווי עס האָט זיך אַלץ איבערגעדרייט צום גוטן? גאָר פשוט: אין ד יי ן זכות!

נאָך אויף דער שיף, אז איך האָב געזען, אז איך וועל עס פון זיי נישט אויסהאַלטן, האָב איך מיר געמאַכט א הארץ און בין צוגעגאַנגען צו גנענדלען, און געזאָגט איר, אז איך בין דיין מאַן. איך האָב זי דערמאָנט דעם נאָך יום־כפור, ווען זיי זענען ביי אונדז אין שטוב געווען, ווי אזוי דו האָסט זי מקרב געווען, געגומען אויף דער שוים, און אזוי ווייטער...

תיכף ומיד איז זי אנדערש געוואָרן. זי האָט אויף מיר רחמנות גע־קריגן, די אויגן זענען איר מיט טרערן פאַרלאָפן. זי איז באַלד צוגעלאָפן צום פאָטער און האָט מיט אים איבערגעשמועסט די זאַך, און באַלד איז געוואָרן א שלום.

תיכף האָבן זיי געבעטן דעם שיפס־קאַפּיטאַן, ער זאָל מיך הייסן בע־סער באַהאַנדלען. און אזוי איז געווען!

איך האָב אָנגעהויבן צו באַקומען ברויט, וויפל מיין הארץ האָט גע־גלוסט, און טיי, וויפל איך האָב געוואָלט. די שיפס־לייט, האָבן מיך אויפ־געהערט צו פייניקן, איך האָב אָנגעהויבן אַפּצוּוואָטעמען.

דאַרפסטו פאַרשטיין, וואָס פאַר א חשובה די גנענדל איז געווען ביי די לייט! און עס איז קיין וווּנדער נישט; ערשטנס, איז ביי זיי דער עיקר א יפת־תואר; פאַר א יפת־תואר וואָלטן זיי אין ים אריין געשפּרונגען. צווייטנס, איז גנענדל זייער א גוטע בטבע, און האָט חן ביי לייט, דעם זיבעטן חן!

אצינד, מיין גאָלדן ווייבעלע, וועל איך דיר אָנזאָגן א בשורה טובה:

ליב חזן זאָגט מיר צו, אַז איך וועל פאַרדינען, לכל הפּחות, ביז צען דאָלאַר א וואָך.

איך רעכן זיך אַזוי צו פירן: א העלפט, — פינף דאָלאַר, וועל איך דיר שיקן, און פינף וועל איך מיר באַהאַלטן. דערפון וועל איך לעבן, און וועל מיר נאָך אָנזאַמלען צו קויפן ש"ס; משניותלעך האָב איך מיטגענו־מען. עס איז ביי מיר געבליבן, איך זאָל יעדע וואָך לערנען, לכל הפּחות, צען בלאַט גמרא. קיין טלית וועל איך דערווייל נישט קויפן. ווייל איך דאַוון לעת־עתה אין ליב חזנס טלית... וואָרום ליב חזן האָט מיטגענומען א טלית.

צו וואָס, אַפילו, ווייס איך נישט. ווען דאַוונען, דאַוונט ער נישט א וואָרט!

איך רעד מיר איין אַז דאָס איז אויך מן־השמים; מען האָט'ן גע־הייסן פירן פאַר מיינעטוועגן א טלית.

און אפשר רעכנט ער צו דאַווענען דאָ ימים נוראים פאַרן עמוד? עס גייט צו ימים־נוראים! איך ווייס? אין אַמעריקע איז אַלץ מעגלעך! דאָ איז א פאַרקערטע וועלט!

און דער עיקר — איין דאָלאַר וועל איך באַהאַלטן, און זאַמלען מיט השם יתברכס הילף, פאַר דיר מיטן קינד אויף הוצאות, איר זאָלט דאָ ביידע קומען אַהער. וואָרום איך זע בחוש, אַז עס איז, השם יתברכס רצון, איך זאָל שוין בלייבן דאָ אין אַמעריקע. און דער רבונו של־עולם ווייסט בעסער וואָס עס איז גוט פאַר א מענטש.

ווייסט, וואָס איך וועל דיר נאָך זאָגן? אַז אַצינד בין איך שוין נישט מער אין כעס אויף דיין ברודער דעם גזלן; ווייטער דאָס אייגענע: איך זאָג, אַז דאָס איז אויך מן השמים! אַנדערש קען גאָר נישט מעגלעך זיין, אַ מענטש זאָל האָבן אַזאַ גזלניש האַרץ קעגן אַן אייגענע שוועסטער.

נאָר דאָס אַלץ האָט מען געפירט, איך זאָל אַנטלויפן קיין אַמעריקע, און דיך אַהער נעמען. און אַז גאָט וועט מיר העלפן, איך וועל קומען צו עפּעס געלט, וועל איך אים נאָך, דעם ברודער דיינעם, אויך בייהילפיק זיין. ער איז א קבצן, זאָג איך דיר, איך זע דאָך: וואָס ביי אונדז הייסט א גביר, הייסט דאָ, אין אַמעריקע — א שלעפּער!

איך ענדיק דעם בריוו, איך מאַך דאָס מאָל בקיצור, הגם, איך האָב נאָך א סך, א סך צו שרייבן. ווייל איך האָב מורא, ליב חזן מיט גנענדלען

זאָלן נישט אריינקומען צו מיר אין שטוב; איך וויל נישט, זיי זאָלן זען, וואָס איך שרייב דיר. און איך בעט דיך זייער, דו זאָלסט מיינע בריוו נישט ווייזן קיין שום בן אדם! וואָס דאַרף א פרעמדער וויסן, וואָס ביי אונדז קומט פאָר?

און איך האַלדז און קוש דאָס קינד, זאָל לעבן! גיב אים אויך אויף מיין חשבון צען טויזנט הייסע קוש, — הערסט?

פון מיר דיין מאַן

שמואל משה.

---

# דער דריטער בריוו

אשתי האהובה!

איך געדענק, דאָס ערשטע מאָל, אז יוחנן שוסטער איז אוועק פון אונדז קיין אמעריקע, האָט מען אָנגעהויבן שטארק וועגן אמעריקע צו שמועסן; ווי אזוי מען פירט זיך דאָרט, ווי עס גייט צו.

מען האָט געפרעגט, אויב מען גייט דאָרט נישט אויפן קאָפּ. און, אמת איז, אז דאָ איז א פארקערטע וועלט! קיין שום סדר; בלויז קולות מיט געוואלטן, ווי ביי אונדז אין קבצנישן מנין!

שטעל דיר פאָר, אז ביי אונדז, למשל, זאָל קומען פלטיאל דער וואטנמאכער און יאָסל דער גארבער, און זאָגן, אז דער רב אונדזערער איז נישט קיין למדן; ווייס איך, אז ער איז נישט בקי אין גטין וקדושין; אָדער גאָר, אז זיי געפעלט נישט דער ראש־הקהל! הכלל — זיי ווילן אן אנדערן רב, צי אן אנדערן ראש הקהל! נו, נו, וואָלט מען זיך נישט גע־האַלטן ביי די זייטן?

און דאָ, אין אמעריקע, — האָבן ארבעטער, ציגארן־שניידער, אזוי־נע ווי איך, אין אַלעם א דעה! — זיי מאכן מיט ביי דער קלפי, מישן זיך ביי די בוררים, און טרעף וואָס זיי קלויבן אויס? — א פרעזידענט!

און וואָס מיינסטו, איז א פרעזידענט?

א פרעזידענט איז, נישט מער נישט וויניקער, ווי א ראש וראשון איבער דער גאנצער מדינה! און, ווי איך האָב דאָ געהערט, איז אמעריקע צען מאָל אזוי גרויס ווי גאנץ אייראָפּע! פארשטייסט אן עסק? הײנט שטעל דיר פאָר מיין שרעק, אז איך זיץ מיר אזוי נעכטן ביינאכט אין שטוב, האָב אין זין די היים, און מיטאמאָל עפנט זיך די טיר, און עס קומען ארײן

צוויי ארבעטער, וואָס שטייען מיט מיר ביי איין מאשין, און — אחינו בני ישראל! און זיי לייגן מיר פאָר צוויי נעמען, איך געדענק שוין אפילו נישט וואָס פאר א נעמען, און זאָגן מיר, אז איך בין אויך אן ארבעטער, און מוז זען, מען זאָל אויסקלויבן א פרעזידענט, וואָס זאָל זיין גוט פאר אונדזער קלאַס.

און זיי דערציילן מיר, אז איין פרעזידענט האלט פאר די רייכע לייט, און טרעט מיט די פיס די אלע, וואָס לעבן פון זייערע צען פינגער; און דער צווייטער, טאקע דער, וואָס זיי ווילן אויסקלויבן, איז גאָר א דימענט; ער האַלט שטאָל און אייזן פאר ארבעטער, און די גראָבע בייכער רודפט ער מיט א שרעקלעכער שנאה! און נאָך אזעלכע נארישקייטן, וואָס איך האָב שוין גאָרנישט פארשטאנען.

אין הארץ האָב איך זייער געלאכט, נאָר פון שלום וועגן, — עס פאסט דאָך נישט, מבייש צו זיין קיין מענטשן, — האָב איך זיי געטון די טובה און צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ אויף יאָ!

אגב, האָב איך טאקע געוואָלט, זיי זאָלן וואָס גיכער ארויס פון שטוב, איך זאָל מיך שוין קענען זעצן שרייבן צו דיר דעם בריוו, נו, זאָג אליין איז דאָס נישט א משוגעת?

נאָך זייערע רייד נאָך, קומט אויס, אז עס וועט ווערן פרעזידענט דער, וואָס זיי ווילן, וועל איך פארדינען צען דאָלאר, און, חס־ושלום, ווערט אן אנדערער פרעזידענט, וועל איך פארדינען נאָך ניין, און אפשר אכט!

און לייב חזן זאָגט, אז ער פארשטייט די פּאָליטיק! אז אין דעם שטעקט א שכל! און, אז איך וועל דאָ זיין, זאָגט ער, א לענגערע צייט, וועל איך קריגן א ידיעה אין פּאָליטיק. מילא, זאָל זיין אזוי, שאָקל איך אים אויך צו מיטן קאָפּ, טראַכט איך מיר: נכנס יין יצא שטות — האָט גע־נומען אן איבעריקן טראָפּן, רעדט ער פון וועגן! האָט ער מיר אָבער גע־שוואָרן, אז בשעה קלפי, לעבט ער דערפון און עס בלייבט אים נאָך וועל־כער גראָשן אויף שפּעטער; פארשטיי איך טאקע נישט, ווי אזוי!

נאָר אלע נארישקייטן אוועקגעלייגט: נישט אונדזער זאך! זאָל זיין דער, זאָל זיין יענער פרעזידענט, פון דעם וועט אונדזער מזל נישט אויפ־שיינען.

די מעשה איז: אז גאנץ אָפט פאַל איך אריין אין א מרה שחורה,

און די טרערן קאפּען מיר פון די אויגן אויף די ציגאַרן־בלעטער. וואָס איך שנייד; און ביינאַכט שלאָפט זיך נישט, ווי עס דאַרף צו זיין!

טײַלמאָל הויבט מיר אָן קלינגען אין די אויערן; גאַנצע טעג האָב איך קאָפּ־ווייטיק... און צו דעם אַלעם איז קיין בעסערע רפואה נישטאָ, נאָר צו נעמען פּאַפּיר, טינט און פעדער, און צו שרייבן אַ בריוועלע צו מיין גאָלדענער חנה.

מיין טייערע ווייבעלע! איך קען פון דיר קיין זאַך נישט האַלטן בסוד. איך מוז דיר אַלץ דערציילן: איך לערן נאָך דערווייל משניות; קיין ש״ס האָב איך נאָך נישט געקויפט! און ווייסטו פאַרוואָס? ווייל איך האָב געמוזט מאַכן נאָר אַן אַנדער הוצאה.

זיי וויסן, מיין גאָלדענע חנה, אַז אומעטום איז איין וועלט. הגם מען שרייט דאָ אַלץ אין איינעם: פרייהייט, פרייהייט, איז דאָס אַלץ ווערט אַ ציבעלע! מען האָט דאָ אויך פיינט אַ ייד! דאָ איז מען אפשר נאָך מער מבזה דעם צלם־אלהים פון אַ ייד! הינט, וואָס זאָלן אַרומלויפן אין די גאַסן, זאָלן בילן און רייסן יידישע פּאָלעס איז נישטאָ, אָבער קיין לאָבי־סעס פעלן דאָ אויך נישט. קוים דערזען זיי אַ קאַפּאָטע, ווערט אַ געשריי: דזשיו, דזשיו! אויף זייער לשון איז עס פּונקט דאָס אייגענע, וואָס ביי אונדז „זשיד״. און זיי וואַרפן נאָך שטיינער און בלאָטע; בלאָטע פעלט דאָ אויך נישט, ברוך השם! וואָס האָב איך געזאָלט מאַכן? האָב איך גע־טון דאָס זעלבע, וואָס אַלע יידן טוען דאָ. איך האָב אַרונטערגעמאַכט די פּאות אונטער די אויערן, האָב מיר געקויפט, אויף אויסצאָלן ראַטעסווייז (אַזאַ מינהג איז דאָ), דייטשע בגדים. — האָסטו אַן עק פון געלט! און אויך דו, חנהלע. אַז דו וועסט, אם־ירצה־השם, קומען, וועסטו דיר אויך מאַכן אַנדערע קליידער; וואָרום אַ מינהג איז מבטל אַ דין, און דאָ איז מען זיך אַזוי נוהג!

און וואָס דו שרייבסט, אַז נגענדל געפעלט דיר נישט, פאַרשטיי איך נישט פאַרוואָס? וואָס דו האָסט דאָ צו איר? אויף בין איך נישט מחויב די וועלט מחזיר למוטב צו זיין. חוץ דעם, בין איך זיכער, אַז זי טוט דאָס אַלץ דער בימערער פּרנסה צוליב! בטבע איז זי אַזאַ כשרע נשמה, ווי אַלע יידישע טעכטער. אַ גאַנצן טאָג, אַז איך מיט לייב חזן זענען מיר אין פאַ־בריק, קאָכט זי און וואַשט און קערט די שטוב. אָוונט־צייט, גייט זי ערשט, צוזאַמען מיטן פאָטער, אין זייערע ערטער, וווּ זי זינגט און שפּילט, און

טאַנצט, פאַרן עולם. איך זיץ מיר אין דער היים, לערן תורה און שרייב צו דיר, קענען האַלבער נאַכט קומען זיי, טרינקען מיר צוזאַמען טיי און מען גייט שלאָפן.

און דאָס, וואָס דו שרייבסט, אַז דיר דאַכט זיך, אַז גנענדל האָט דאָס געמוזט צוגנבענען דעם לעפל, וואָס האָט אונדז דעמאָלט געפעלט, דאָס איז שוין גאָר קיין ווערטער נישט!

גנענדל איז אפשר נישט אַזוי פרום אין אמונה זאַכן. אָבער אַזוי, אַ פרעמדנס, חס־ושלום, וועט זי נישט רירן! און, חלילה וחלילה, זי זאָל זיך דערפון נישט דערוויסן! זי באַהאַנדלט מיר ממש ווי אַן אייגן קינד; פרעגט מיך אַלע מאָל, צי איך ברויך נישט אַ ווייס העמד, צי וויל איך נישט נאָך אַ גלאָז טיי!

און באמת איז זי אַ וווּיל קינד. אַלץ וואָס זי פאַרדינט, גיט זי אַוועק דעם פאָטער. היינט וואָלסט זען, ווי זי האַלט אים בכבוד, הגם ער איז עס נישט ווערט! כאָטש ער קומט אַמאָל אַהיים פריילעך, גאָר פריילעך און רעדט פאַר פייער, פאַר וואַסער!

אויך האָט מיר לייב חזן בפירוש געזאָגט, אַז ער זאַמלט איר נדן, און קומט ער צום ערשטן טויזנטער, זוכט ער איר אויס אַ חתן, און פירט זי אונטער דער חופּה כדת משה וישראל! און זי וועט זיך שוין נישט רייסן דעם האַלדז פאַר אַ פרעמדן עולם! איך ווייס נישט, צי ער מיינט עס ערנסט, נאָר — הלוואי! זאָל אים גאָט העלפן, ער זאָל עס דערגרייכן; זאָל זי אַוועקוואַרפן די מיאוסע פּרנסה.

גנענדל איז אַפילו דערביי געוועזן, און זי האָט זיך גערויטלט פאַר בושה, ווי עס פּאַסט פאַר אַן אמת יידישע טאָכטער; אַ פּנים, זי איז אויך מסכים.

בעט איך דיך דעריבער זייער, מיין ליבע חנהלע, דו זאָלסט זיך דערוויטערן פון לשון הרע און רכילות. דאָס איז גאָר קיין מינהג נישט, קיין יושר נישט; דאָס פּאַסט פאַר קליינשטעטלדיקע ווייבער. און דו, גאָלדענע חנהשי, דאַרפסט קומען אין אַמעריקע. דאָ זענען די ווייבער גאָר אַנדערש; געזעצטער, ערנסטער און — פאַרנומענע מענטשן ווי די מאַנסבילן.

און, צוריק געשמועסט, איז דיין שמואל משה קיין שניידער נישט, קיין שוסטער נישט, ער זאָל אַוועקוואַרפן אַ ווייב פאַר אַן אַנדערע וועגן.

דו טאָרסט עס גאָרנישט טראכטן! דאָס איז פאר מיר גלאט א חלול הכבוד! און זיי וויסן, אַז דיינע רייד שטעכן מיר ווי מיט מעסער; און ליב חזן מיט דער טאָכטער זאָלן זיך דאָס דערוויסן, וואָלטן זיי מיך פארלאָזט. איך וואָלט געבליבן איינער אליין ווי אין א מדבר. עס וואָלט א פאל געווען אומצוקומען, וואָרום דאָס לשון קען איך נאָך נישט. קוים איינציקע ווער־טער און וויים נאָך נישט, וו אוים און וו איין.

און אַצינד בעט איך דיך, און בעט דיך זייער, מיין ליבע חנה, זאָלסט נעמען דאָס קינד ביים הענטל, און זאָלסט מיטן הענטל איבערגיין אויפן פאפיר, ער זאָל מיר עפּעס צושרייבן; לאָמיך פון אים זען כאָטש א צורת אות! רבונו של עולם, וויפל מאָל שטעל איך מיך אוועק אין א זייט, איינער אליין אין א ווינקעלע, און וויין מיך גאנץ גוט אוים! און אויף וואָס וויין איך? אויף דעם, וואָס איך בין נישט זוכה צו לערנען מיט מיין קינד תורה! האָב איך וויינק הארצווייטיק דערפון, קומען נאָך די בריוו דיינע, און שיטן מיר זאלץ אויף די ווונדן. אָט, היינט האָט מיך ליב חזן געבעטן. און גנענדל, דאָ הייסט זי סאָפיא, האָט אויך צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ, איך זאָל גיין מיט זיי, הערן ווי זי זינגט, און זען ווי זי טאנצט, און איך האָב נישט געוואָלט; האָט ליב חזן ווייטער געזאָגט: נארישער חסיד, זי האָט פארצויגן מיטן געזל; נאָר מיין דאגה! איך וועל מיר גיין אין מיין דרך און וועל נישט אראָפּ אויף א האָר!

בלייב געזונט, דו און אונדזער קינד, ווי עס ווינטשט דיר, דיין מאן

שמואל משה.

זע למען השם, די זאך וועגן די קליידער זאָל בלייבן בסוד. עס זאָל דערפון, ביי אונדז אין שטעטל, קיין ילוד איש נישט וויסן, איך וואָלט מיך געשעמט די אויגן אויפצוהויבן.

בעלך שמואל משה הג"ל.

---

## פערטער בריוו

אל אשתי הצנועה מרת חנה תחיה.

אין צען בריוו, האָב איך גנענדלס נאָמען נישט געברענגט איבערן מויל, איך האָב אפילו, דעם פאָטער אירן, ליב חזן, נישט דערמאָנט. מיט גרויס מי האָב איך מיר געדונגען אן אנדערע דירה, ביי א היגן שוחט און האָב זיי שוין כמה וואָכן נישט געזען. און דו הערסט נאָך אלץ נישט אויף

צו שרייבן גנענדל און גנענדל, און סאָפּיע און סאָפּיע! און וואָס ווילסטו פון איר? וואָס? א י ך זאָל אַזוי געזונט זיין, מיר ביידע זאָלן אַזוי געזונט זיין, אויך זאָלן מיר אזוי זוכה זיין צו זען זיך, צוזאַמען מיטן קינד, אין פריידן, ווי איך האָב אליין געזען, ווי סאָפּיע איז אַריינגעקומען צום פּאַ־טער אין פאבריק, און עס איז צו איר צוגעגאַנגען דער דירעקטאָר אליין, און האָט אָנגעהויבן מיט איר צו ריידן, חנדלעך צו מאַכן; און, הגם איך האָב נישט פאַרשטאַנען, וואָס ער רעדט צו איר, ווייס איך דאָך, אז ער האָט געמיינט נישט קיין מצוות און מעשים טובים, און האָט זי נאָך גע־וואָלט אָנעמען ביי א באַק. נו, וואָס קלערסטו? איך בין נבהל ונשתומם געוואָרן, אַזא פּאַטש האָט זי אים דערלאַנגט איבער דער האַנט! און, האָסט נאָך געזאָלט זען, מיט וואָס פאַר אַ גאווה זי האָט זיך פון אים אַי־בערגעדרייט און אַוועקגעגאַנגען. איך האָב מיך פּשוט מחיה געווען...

זעסטו דאָך בחוש, אַז נאָך אַלע זאַכן איז גנענדל אַ כשר קינד, און דו ביסט אויף איר מוציא לעז בחנם. דו שרייבסט, אַז זי וויל מיך אַריינ־כאַפּן ווי א פיש אין א נעץ אַריין און נאָך אַזעלכע נאַרישקייטן, — שווערן קען איך דיר, יום־כפּור ביי א ספר תורה, אַז עס איז שקר. און דאָס דיר צוליב דערווייטער איך מיך פון איר, מייד זי אויס ווי ווייט מעגלעך איז. טרעפט מען זיך, ענטפער איך איר אויף הונדערטער ווערטער מיט א שאָקל מיטן קאָפּ. און ווייטער דאָס זעלבע: באמונה שלי, אַז דו ביסט זי חושד גאָר אומזיסט; דו זינדיגסט, חס־ושלום, פאַר גאָט! נאָר דאָס איז נאָך גאָרנישט, איך וואָלט עס, ווי אַלע מאָל, פאַרשוויגן, איז אָבער דערפון אַרויסגעקומען א מעשה, וואָס — גאָט זאָל שומר ומציל זיין! איך וואָלט בעסער געוואָלט, די ערד זאָל מיך איינשלינגען, איידער אַזא בושה!

ביי דער אַרבעט איז מיר איינמאָל, יענע וואָך, נישט גוט געוואָרן; עפּעס האָט מיר אָנגעהויבן צו שווינדלען פאַר די אויגן. איך האָב אָנגע־הויבן חלשן. אַז איך בין צו מיר געקומען, בין איך שוין געלעגן ביי מיר אין שטוב אויפן בעט. ביים בעט איז געשטאַנען א דאָקטאָר. געזאָגט האָט ער, אַז עס איז א פיבער, — אַזוי רופט מען דאָ קדחת. אָפּגעלעגן בין איך א טאָג צען. און איבער דער גאַנצער צייט איז לייב חזן נישט אָפּגעטראָטן פון מיין בעט, און האָט מיך געראַטעוועט ווי אַן אייגן קינד. שפּעטער בין איך געוואָר געוואָרן, אַז, ווען איך בין געלעגן אין היץ, פלעגט סאָפּיע אויך קומען מיך מבקר חולה זיין... און פּונקט דעמאָלט איז איינמאָל אָנ־

געקומען דיינס א קארטל, אין וועלכן דו האסט אויסגעגאסן דיין ביטער הארץ אויף דער אומשולדיקער סאפיע... זיי האבן אוודאי און אוודאי דאס קארטל געלייענט, ווארום איך בין דאך געלעגן אין דער היץ...

און, ווען דו האסט געשריבן דיינע מיאוסע רייד, דיינע זלזולים, די בלבולים דיינע, האבן זיי דא פאר מיר כמעט דאס לעבן געשטערעקט... גע־רופן דאקטוירים, געבעט און איבערגעבעט, רפואות דערלאנגט און עט־לעכע אייגענע חפצים פארזעצט, עס זאל זיין מיט וואס צו ראטעווען. א פלאש ווייַן אפילו האבן זיי מיר געבראכט. איך האב זי אפילו נישט אנ־גערירט מיטן מויל: אמת נסך! נאר זיין מיין איז דאך גוט געווען... א חוץ דעם פלעגן זיי מיר דריי מאל אין טאג מעסטן מיט א גלעזערן רערל די היץ, אזוי הייסן דא די דאקטוירים... און ווער האט מיר דאס אלץ דער־ציילט? טאקע דער שוחט מיטן ווייב; זיי האבן מיר דאס אלץ דערציילט? ווען נישט לייב חזן און סאפיע, וואלסטו שוין היינט, חס־ושלום, אן אלמנה געווען! שרייבסטו אין דער אייגענער צייט אזוינע נארישע הבלים. פע, א חרפה און א שאנד! איך וויים גארנישט, ווי דו וועסט קאנען קומען קיין אמעריקע, ווי דו וועסט גאר קאנען זיין אין אמעריקע!

איך האף, מיין ליבע חנהלע, אז דו וועסט אוועקווארפן די נאריש־קייטן, און פון היינט מאל אן, וועסטו מיר שוין דאס לעבן מיט אזוינע בריוו נישט פארביטערן.

אפט שלאף איך נישט ביינאכט. דאכט זיך מיר דעמאלט, אז איך זע בחוש, ווי דו זיצסט דארט ביים טיש און שרייבסט צו מיר א בריוו. דו שרייבסט און מעקסט, שרייבסט און מעקסט, און איך זע דעם בריוו. אבער פון וויטן דערקען איך נישט די אותיות און איך האב גרויס צער דערפון, וואס איך קען דעם בריוו פון דער וויטן נישט לייענען, און דו נעמסט די פעדער, לייגסט זי דעם קינד אין הענטל אריין, — אויף דער שוים ארויף האסטו עס גענומען, — און פירסט מיט זיין הענטל!

און דו זעסט, מיין ליב ווייב, אז איך שיק דיר וואך ביי וואך פינף דאלאר; אז איך קום אוים מיט אזוי ווייניק. און איינגאנצן האב איך נישט מער, ווי דריי העמדער; ווארום בעטן סאפיאן, זי זאל מיר קויפן, קאן איך נישט. און די שוחטקע איז א יולדת און גייט נאך פון בעט נישט אראפ, און מארגן וועט זיין, אם־ירצה השם, דער ברית מיט מזל...

יא... נישט דאס אבער מיין איך. דער עיקר איז — זיין א מענטש, פאר זיך און פאר מיר, דיין מאן,

שמואל משה.

אַ צושריפט אין דער זייט איבער דער גאַנצער לענג פון בריוו:

די מינוט באַקום איך פון דיר ווידער אַ בריוו. אצינד מיין חנהלע זאָג איך דיר שוין בפירוש און בפרוטרוט, אז דאָס איז אַ פּשוטער שגעון, רחמנא ליצלן! טאַקע, ווי מען זאָגט, מויל און אויערן אויפצושטעלן, אויף וואונדער צו לויפן! דו שרייבסט, אז דו קענסט דיר אויך לאָזן וואקסן צעפ און רעדן מיט פריצים, אז דו קענסט אויך זינגען און טאנצן — און, אז דו וועסט צו פוס אוועקגיין צום רבין און אָפּגעבן אַ קוויטל, ער זאָל שיקן אַ מיתה משונה אויף מיר און אויף זיי — — —

וואָס שרייבסטו? וואָס איז עס פאַר דבורים?

רבונו של עולם, וואָס איז מיט דיר געוואָרן?

איך קלער און קלער און וויים שוין נישט וואָס צו קלערן! איך זאָג דיר מיין עצה: זאָלסט אוועקוואַרפן דיין לשון הרע, מיטן רכילות מיט די קללות! עס פּאַסט נישט פאַר דיר! און איך זאָג דיר. בלי נדר ובלי מסקנא, אז באַם דו וועסט מיר נישט גיך און באַלד שרייבן אַ בריוו, ווי אַ כשר יידיש ווייבל דאַרף שרייבן, וועל איך דיר פּשוט נישט ענטפערן; איך וועל שיקן אַ שליח מיוחד נאָכן קינד אָן דיר.. הערסט? אז נישט... וועל איך מיך וואַרפן אין ים אריין!... עס איז אַ פאַל, חס־ושלום, משוגע צו ווערן!

דיין מאַן, הנ״ל.

---

## ג) צוויי בריוו, וואָס חנה האָט באַקומען פון איר קרובה פון לובלין און פון איר ברודער.

---

### ערשטער בריוו

ידידתי, שארת בשרי, האשה הצנועה והחשובה, מרת ח נ ה תחיה

ליבע חנה! דו ביסט געווען אַ גאַנצער נאַר און אַ האַלבער נביא, אז דו האָסט מיר געשיקט אַ צווייטן בריוו! וואָרום דער ערשטער בריוו איז אריינגעפאַלן מיין זולל וסובא אין דער האַנט אריין; ער האָט אים אריינ־געלייגט צו זיך אין קעשענע, און, ברוך השם, פאַרגעסן אָפּצוגעבן! אזוי איז זיין שטייגער, אַ חוץ פרעסן און זויפן ליגט אים גאָרנישט אינזינען. נאָר, אז איך האָב באַקומען דעם צווייטן בריוו, איז מיר באַלד איינגעפאַלן, צו זוכן ביי אים אין קעשענע, און, אז מען זוכט, געפינט מען.

חנהלע קרוין! לעזנדיק דיינע צוויי ביטערע בריוו, האָב איך גע־מיינט, אז מען שלאָגט מיך מיט א האַק אין קאָפּ אריין. פּאַר גרויס צער האָב איך נישט געוווּסט, ווו איך בין אין דער וועלט. תיכף ומיד האָב איך מיך אָבער באַרואיקט און איך האָב מיר אַזוי געטראַכט: למשל, ווען מיין משוגענער מאַן וואָלט געוואָלט עוקר זיין קיין אמעריקע— נו? וואָלט איך דאָך מיר געמאַכט סעודת פּורים, געלאָזט זיך קלעזמער שפּילן!

וואָרום באַרעכן: די גאַנצע פּרנסה מיינע איז, ווי דו ווייסט, פון פּעסל סמאָלע. דאַרף איך, ברוך השם, נישט קיין לאַסקע, במילא, קען איך גאַרנישט פאַרטראָגן זיינע תנועות און הויות, אז ער קומט צו מיר אין געוועלב אריין.

א יידענע, ענטפערט ער נישט, דער חסיד! נעמט נישט אויס דער האַנט! און, זאָגט ער אַמאָל א קונה, א מאַנסביל, א מקח, איז עס טאַקע אונטערן קרן! נעמט ער געלט, נאַרט מען אים אריין פאַלשע און אָפּגע־ריבענע מטבעות! טוט ער מיר שוין די טובה, און נעמט א שטיקל קרייט אין האַנט אריין, און מאַכט א חשבון! זאָל מען מיר אַזוי רעכענען מיינע זינד אויף יענער וועלט, ווי ער באַרעכנט מיין סחורה!

און דאָס, וואָס דיין מאַן, האָט דיר נישט איבערגעלאָזט קיין גט, איז מיר גאָר קיין גרויס וווּנדער נישט; וואָרום מיין מאַן דער משוגענער, לעקט ביי מיר נישט קיין האָניק, וויל מיר אויך קיין גט נישט געבן! און צו וואָס זאָל ער מיר געבן א גט? עס פעלט אים עפּעס ביי מיר? ער האָט זיך זיין פיינע דירה, קומט ער אהיים, איז גרייט א וואַרעמס, דאָס בעט איז געבעט צו דער צייט, משבת לשבת — א ווייס קלאָר העמד? פיל מאָל בעט איך אים מיט גוטן, ער זאָל גיין צו אַלדי רוחות, און ער — גאָרנישט! ער זאָל זיך עס א ריר טון! און אז איך שילט אים אָדער וואַרף אים עפּעס אין קאָפּ אריין, רוקט ער זיך אָפּ אין א ווינקל, מאַכט א רחמנות פּנים, נעמט נאָך אַמאָל מיך אויף די עינים; און איך נאָר קריג אויפ׳ן רחמנות! גיב אים נאָך עסן און טרינקען, און ער גייט זיך אוועק!

און וואָס דו שרייבסט מיר וועגן דיין משפּט, זיי וויסן, שוועסטער חנה, אז איך האָב דאָ אן אדוואָקאַט גאָר א מפורסם, וואָרום, צו מיין בייז מזל, האָב איך אַלע־אין־איינעם ספּראַוועס מיט די קעבינס די חצופות; הערסטו, חנהלע, אַזעלכע דינסטן, ווי מיר האָבן דאָ אין לובלין, איז אויף דער וועלט נישטאָ! וואָס זאָל איך דיר זאָגן, פרעסערקעס און זויפערקעס, גנבענען מיט די אויגן, אַנטלויפן נאָך פאַרן קוואַרטאַל און געבן מיר נאָך

אין סאָנד אריין, איך זאָל זיי באַצאָלן פאר אַ קווארטעל! און אין סאָנד איז היינטיקע צייטן, רחמנא ליצלן, קיין חילוק נישט צווישן אַ דינסט און אַ באַלעבאָסטע, און איך מוז שטיין מיט איר אין איין שורה! איך טאָר אפילו אַ מויל נישט עפענען, אַ וואָרט נישט רעדן, וואָרום באַלד גיט דער סודיאַ אַ קלינג מיטן גלעקל און פאַרשרייבט שטראָף ביז דריי רובל. דעריבער גיי איך טאַקע נישט אליין אין סאָנד אריין, און האָב מיר אויס־געזוכט אַ גוטן אדוואָקאט, אַ מויל — שוועבל און פעך, און ער פירט מיר שוין אויס די זאַך, ווי עס געהער צו זיין. ער האָט מיר אליין געזאָגט, אז דער סודיאַ האָט מיך שוין וויפל מאָל געוואָלט איינ׳ישב׳ען פאַר אַ בלבול, פאַרוואָס איך רייס אַ דינסט ביי די האָר, אָדער אזוי פאַר אַ מתנת יד! קען ער אָבער נישט, וואָרום דער אדוואָקאט מיינער האָט ביי זיך אַלע סאָנ־דאָווע ביכער, ווייסט אַלע, אָבער טאַקע אַלע זאַקאָנעס, און קלויבט אויס פאַר מיינעטוועגן די בעסטע זאַקאָנעס, און שטעכט אים דערמיט די אויגן אויס און ער בלייבט זיצן ווי אַ גולם — וויל יאָ, וויל נישט, שרייבן מוז ער: פּטור, פּטור!

און תיכף ומיד, — אז איך האָב דיין בריוו באַקומען, און האָב דעם פריערדיקן געפונען ביים בטלן מיינעם אין קעשענע — בין איך גע־לאָפן צום אדוואָקאט, און ער האָט מיך אויפגענומען מיט גרויס כבוד, טאַקע ביי זיך אין פיינעם קאַבינעט, און האָט מיר געבעטן זיצן אויף די פלושענער סאָפאַ.

איך האָב אים דערציילט דיין גאַנץ עסק, פון אלף ביז תיו, טאַקע ביז אויף דער האָר; און ער האָט אַלצדינג געלאַסן אויסגעהערט, הגם דאָס פאָרצימער איז געווען פול און פול מיט מענטשן. ער האָט אויסגעהערט און איז זיך ארומגעגאַנגען אין זאָל אויף און אָפּ.

דערנאָך האָט ער אָפּגעזיפצט און געזאָגט, אז לויט די זאַקאָנעס, האָט אַ טאָכטער דעם איינעם דין וואָס אַ זון, און קריגט גלייך חלק ירושה ווי ער. איז דאָך, דאַכט זיך, גוט? איז אָבער פאַראַן אַ שלעכטער פונקט, אז אַ ווייב קען נישט מאָנען אין סאָנד, אָן דעם מאַנס ידיעה. זי איז אין זיין רשות און מוז האָבן זיין פּלעניפּאָטענציע...

און אז איך האָב אים געזאָגט, אז דו ביסט, לא עליכם אַן עגונה, אז דער מאַן דיינער האָט דיך אוועקגעוואָרפן, און דו מעגסט, לויט מיין שכל, טון אַלץ וואָס דו ווילסט, האָט ער זיך מיר געשטעלט קעגנאיבער און גע־שאָקלט מיטן קאָפּ אין דער ברייט, לא מיט אַן אלף — הייסט עס!

און תיכּף איז ער צוגעגאַנגען צו דער שאַנק, האָט זי געעפנט, און אַרויסגענומען אַ בוך, נאָך אַ בוך; אַריינגעקוקט און אַוועקגעלייגט, אַריינגעקוקט און אַוועקגעלייגט, און דורכגעוואָרפן אַזוי כּמה וכמה ביכער, קליינע און גרויסע און נאָך גרעסערע; איינער איז געווען אַ גראָבער, איך זאָל נישט זינדיקן מיט די רייד, ווי אַ דבר־אחר, און דאָרט, אַ פּנים, האָט ער געפונען, וואָס ער האָט געזוכט, וואָרום ער האָט געקוקט און געקוקט.

און דערנאָך זאָגט ער מיר, אַז אויב עס וועט פאַרבייגיין פינף יאָר זינט דיין מאַן איז אַנטלאָפן, און דו וועסט ברענגען אַ פּאַפּיר פון וואַיט פון דיין שטאָט, אַז אין די גאַנצע פינף יאָר האָט זיך דיין מאַן נישט געוויזן, וועט ער, דער אַדוואָקאַט, איינגעבן פאַר דיר אַ פּראָזשבע אין סאָנד אַריין, און דער סאָנד וועט דיר געבן רשות צו פּראָצעסירן אָן דעם מאַן.

אַזוי האָט ער אויסדרדיקלעך געזאָגט, און איך גיב דיר איבער זיינע דיבורים וואָרט ביי וואָרט.

איך האָב אים געגעבן אַ רובל, האָט ער זיך אפילו געקרימט, אַפּנים, ווייניק, נאָר גענומען האָט ער; זאָלסטו מיר, חנהשע קרוין, דעם רובל, למען השם, באַלד אָפּשיקן, וואָרום די פּרנסה איז זייער געשלאָגן, און סמאָלע איז היינט נאָר קיין גאַנגבאַר אַרטיקל נישט...

אַצינד צוריק צו דער זאַך:

עס קומט אים אויף מיינע רייד! איך זאָג שוין דאָס אַלע מאָל, אַז די תורה הקדושה (זייערע זאַקאָנעס, להבדיל, אוודאי!) האָט אונדז איבערגעגעבן אין גזלנישע הענט אַריין. אַ מאַנסביל, אַ גולם, אַ לא יוצלח, מעג גטן דאָס ווייב ווען ער וויל; אַליין, צי דורך אַ שליח, און אַזאַ אשת חיל, למשל, ווי איך בין, קען נישט פּטור ווערן פון אַ מאַן אַ בטלן, בשום אופן וצד.

גייען מיר ביידע אויף אַ ברית, שטאָפּט מען אים מיט פיש און פלייש, פון אַלעם גוטן, און איך — באַקום מילכיקע ציקאָריע!

זיצט ער אין סוכה, מוז איך אים אַריינשיקן דאָס שענסטע און דאָס בעסטע, און פאַר זיך לאָזן די ביינער!

3 וואָכן, 9 טעג, און אַלע תעניתים האָב איך גלייך מיט אים; שמחת תורה איז זיין!

ער גייט צום רבי, א י ם גיט מען מעד מיט עפּל! און וואָס וועט זיין דאָרטן, מישטיינס געזאָגט — דער גן־עדן מיינער? איך וועל זיין דעם

משוגענעמס פוסנבענקל, ער וועט זיך דאָרט זיצן אויף אַ פּאַטער־שטול, און איך וועל זיין, זיין פוסנבענקל!

דאָ אויף דער וועלט איז ער לכל הפחות אַ שוואַכער בשר ודם, האָט ער פאַר מיר מורא; אָבער וואָס אין גן־עדן וועט זיין, פרעג מיר בחרם! און, זאָגן זאָג איך דיר אויסדריקלעך, זאָל ער מיר דאָרט אַ שטויס טון מיטן פוס, ווייסט דער אייבערשטער, וואָס דערפון וועט אַרויסקומען!

און צוריק געשמועסט; וואָס טויג דיר אַ גט? גלויב מיר, אַלע הינט האָבן איין פּנים! אַלע — נישט ווערט אַ דרייער; ווייסט דאָך — מיין שוועסטער מרים האָט צען גייענדיקע יאָר געליטן פון איר מאַן, איידער זי האָט פון אים אַרויסגעקריגן אַ גט; דערפאַר האָט זי אים אָוועקגעגעבן דאָס געלט, די מלבושים, מיט איין וואָרט — הכל כאשר לכל. נו, דאַכט זיך, מזל און ברכה!

האָט זי ווייטער חתונה, טוישט זי שופרות אויף קאַנע־ביינדלעך, אַ נייער בטלן צום קאָרמען! זי שרייט ווייטער אַ גט; ער הערט זי ווי׳ן רב און זי האָט שוין נישט מיט וואָס צו באַצאָלן!

בקיצור, שוועסטער חנה, אונדזער מוטער חוה האָט געזינדיקט און מיר ליידן פאַר אירע זינד! און אייביק וועלן מיר אַזוי ליידן! דען — פאַר אַ מאַן קען מען אפילו אין קבר נישט אַנטרינען. לעבדים ולשפחות האָט מען אונדז פאַרקויפט, אַפילו אויף יענער וועלט אויך! — אַזוי איז געוועזן פאַרצייטנס, אַזוי איז היינט; און לעתיד לבוא וועט אויך אַזוי זיין, מען מוז ליידן! וואָרום וואָס זאָל מען טון, אַז עס איז דעם רבונו של עולמס רצון אַזוי.

דעריבער, שוועסטער חנה, האָב בטחון אויף גאָט, ברוך הוא, פאַר־בלייב געזונט און פאַרגעס דיין מאַן! אין אַמעריקע, איז ער אוודאי אַרוים לתרבות רעה. אַזוי טוען זיי שוין שטענדיק, ימח שמם, אַז זיי קומען קיין אַמעריקע!

אין דער התחלה שרייבן זיי צוקער־זיסע בריוועלעך, שיקן געלט; דערנאָך ווערט עס וואָס אַמאָל ווייניקער; שרייבט מען און מען שיקט שוין געלט אַמאָל אין אַ יאָר, דערנאָך — איינמאָל אין אַ יובל... זיי ברויכן דאָרט נישט זייערע ווייבער! זיי האָבן דאָרט, רחמנא ליצלן אַנדערע, בע־סערע, פלינקערע ווייבער.

איך זאָל נישט זינדיקן מיט די רייד, ביי אונדז אין לובלין איז אין

דער יידישע גאַס, נישטאָ קיין הויז אָן אַן עגונה! שרייב דריי פאי'ן, זאָג איך דיר, פארגעס! זאָל זיך דיר דאכטן, אז דו ביסט אן אלמנה, חס ושלום, אָדער א גרושה!

זע בעסער צו טון אין דיינע ציבעלעס. זאָל דיר השם יתברך, שיקן הצלחה אין דיין עסק, זאָלסט מצליח זיין, ווו דו וועסט זיך נאָר קערן און ווענדן, ווי עס ווינטשט דיר דיין קרובה,

(די אונטערשריפט איז נישט צום איבערלעזן).

איך בעט דיך, למען השם, דו זאָלסט מיר וואָס צום געשווינדסטן אָפּשיקן דעם רובל, וואָרום מיין מאַן, דער זולל וסובא, האָט שוין פאריבל אויף מיר, צו וואָס איך האָב אויסגעליייגט דעם רובל.

(די זעלבע נישטלעזבארע אונטערשריפט).

---

## צווייטער בריוו

לאחותי הצנועה, הנגידה, החשובה מרת חנה תחיה.

ערשטנס מעלד איך דיר, טייערע שוועסטער, אַז מיר זענען ברוך השם, אַלע בקו־הבריאה, חוץ אשתי חוהלע, תחיה, וואָס דער הוסט, לא עליכם, לאָזט זי נישט אָפּ אַ רגע, און תיכף, אם ירצה השם נאָך דער חתונה, וועט זי מוזן פאָרן קיין ווארשע צו'ן א דאָקטאָר.

רצוף בזה, שיק איך מיט אַ חתונה־בריוול. זאָלסט זען, למען השם, צו קומען אויף דער חתונה און מקבל תענוג זיין, נאָר, למען השם, בעט איך דיך, אַז זאָלסט מיר נישט שטערן דעם נחת פון בתי תחיה, און באַ־האַלטן אַלע טענות ותביעות אויף נאָך דער חתונה.

קיין כלה־מתנה ביסטו נישט מחויב צו ברענגען. אויב עס גייט דיר ווענן דער בושה, וועט זיך נאָך, אם־ירצה השם, געפינען עפּעס אין שטוב פאר דיר פאר א מתנה; איך וועל דיר נישט קארגן. בלוט איז קיין וואסער נישט און א שוועסטער בלייבט שוועסטער.

און וואָס דו שרייבסט, אַז דו האָסט קיין מלבושים נישט, איז אויך נאריש. קענסט דיר באָרגן אַ מלבוש, אָדער דאָרט, אָדער דאָ, אַז דו וועסט קומען.

און וואָס דו שרייבסט, דו קענסט דיך נישט טרייסטן נאָכן ילד וואָס איז נפטר געוואָרן, — זיי וויסן, שוועסטער לעבן, אַז — ה' נתן וה' לקח.

קינדער זענען אַ פּקדון פון גאָט, ברוך הוא, און אַז ער וויל אָפּנעמען דאָס פּקדון, טאָר מען אפילו נישט מהרהר זיין, נישט איבערקלערן, חס־ושלום!

און וואָס דו שרייבסט, אַז דו האָסט מורא, דיין שמואל משה זאָל נישט געוואָר ווערן, אַז דאָס קינד לעבט נישט און דורך דעם, זאָל ער זיך, חס־ושלום, פון דיר אינגאַנצן נישט אָפּרייסן, — איז אויך אַן אומזיסטער חשד... גלויב מיר, שוועסטער חנה, אַז עס איז גאָר נאַריש. וואָרום — ממה נפשך: איז אמת, וואָס לייטן זאָגן, אַז שמואל משה איז געוואָרן אויס שמואל משה, חס־ושלום, אַז ער איז אַוועק גאָר אין אַנדערע דרכים, — איז אַלץ איינס, צי דאָס קינד לעבט, צי ניין; נישט ער דאַרף דיך, נישט דו קענסט דיך האַלטן אָן אים!

אויב ווייטער, ווי איך האָף צו זיין ליבן נאָמען, דאָס אַלץ איז נישט געשטויגן, נישט געפלויגן, נאָר אַ בלבול פון בייזע מיילער, און, ווי איך גלויב באמונה שלמה, שמואל משה איז טאַקע שמואל משה, דער מופלג, דער פרומער ייד, האָסטו נישט וואָס מורא צו האָבן; פאַרקערט, ביי האַלב הוצאה וועט אים אַצינד לייכטער זיין דיך אַראָפּצונעמען אהין, און איר וועט לעבן בשלום ושלוה כנהוג בישראל...

און וואָס דו האָסט פון אים אַזוי לאַנג קיין ידיעה נישט, — מה־רעש? עס איז דאָך, דאַכט זיך, מעבר לים! וויפל שיפן גייען אונטער, רחמנא ליצלן; וויפל בריוו־טרעגער קענען אומקומען אויף אַזאַ מהלך. און אפשר מוזן נאָך די שיפן דורכגיין אויף דעם אָרט, וווּ, דער ספר הברית שרייבט, אַז דאָס וואַסער שטייט ווי אַ באַרג און עס איז טאַקע סכנת נפשות. דאַנק זיין ליבן נאָמען, וואָס דיין שמואל משה איז בשלום אַרי־בער! דאָס פאָרן למדינת הים האַלט איך טאַקע פאַר אַן עוולה, עס איז אַ סימן פון ווייניק בטחון, וואָרום ווער עס האָט בטחון ווייסט, אַז ווו גאָט וויל, דאָ העלפט ער, און עס איז נישט כדאי איינצושטעלן דעם גוף מיט דער נשמה! וואָרום, לויט מענטשן דערציילן, איז אַמעריקע פאַר דער נשמה אַ סך מסוכנער, ווי דער ים צום גוף. דאָס יידישקייט, זאָגט מען, גיט מען באַלד אָפּ אויף דער שיף, ווי דער ים גיט זיך נאָר אַ שאָקל! באַלד עסט מען פּת עכו״ם, מען קליידט זיך דייטש, ווייבער טראָגן שייטלען! און יש אומרים — אפילו אייגענע האָר. און, אַ והא ראיה, — מען זאָגט, אַז אין גאַנץ אַמעריקע איז קיין איינציקער גוטער ייד נישטאָ. און איך ווייס טאַקע נישט, ווי אַזוי מען לעבט דאָך, ווי אַזוי מען גיט זיך אַן עצה ביי פּרנסה

זאכן, אָדער אז מען ווערט, חס־ושלום, קראנק, צי וואָס א מענטש קען זיך טרעפן! איך זאָג דיר, אז ווער עס פאָרט אין א טומאה אריין איז טאקע מתחייב בנפשו, גייט ער טאקע ווי א נאריש פויגעלע אליין אין דער נעץ אריין! און בפרט א ייד א למדן. וואָרום, וואָס גרעסער דער מענטש איז, איז גרעסער די סכנה, מער לאָקערט אויפן, רחמנא ליצלן די קליפּה, און וויל אים גובר זיין, צי מיט עשירות, צי מיט נשים יפות; די קליפּה האָט שוין אירע כלים צו דער ארבעט...

דעריבער איז מיין עצה פאר דיר, אז כל־זמן דו ווייסט נישט, וואָס דאַרטן טוט זיך, פארגעס אָן דער זאך! האָסטו פּרנסה פון די ציבעלעס, איז מה־טוב; חס־ושלום, — נישט, האָב איך פאר דיר אן אנדער עצה. אם־ירצה השם, אז דו וועסט קומען אויף דער חתונה, וועל איך שוין זען שלום צו מאכן צווישן דיר און אשתי חוהלע תחיה. פאָרט איין פליש און בלוט. און בטבע, זיי ווייסן, איז זוגתי חוה גיטל זייער א גוטע; זי וועט דיר בוודאי מוחל זיין, און, אז עס וועט זיין שלום ושלוה, און זי וועט פאָרן באלד, אם ירצה השם, נאָך דער חתונה, קיין ווארשע, וועסטו בלייבן באלע־באָסטע. און אז זי וועט, אם־ירצה השם, בשלום און געזונט צוריקומען, וועט זיך אויך נאָך געפינען פאר דיר אן אָרט ביים טיש, ווי אויך אין שטוב — א בעט צו שטעלן. עס זענען שלעכטע צייטן, נאָר א שוועסטער איז א שוועסטער, שנייט מען דינערע שטיקלעך הערינג.

נאָר אָן דעם אלעם האָבן מיר דאָך א גרויסן גאָט, ברוך הוא! ער זאָל נישט קענען שפּייזן א בשר ודם — א יידענע!

נארישקייטן!

און אויף דער חתונה זאָלסטו, למען השם, קומען פרי, זאָלסט קע־נען חוה גיטלען אביסל צוהעלפן. אויף דעם איז מען אויך א שוועגערן! דו דארפסט זען, מען זאָל נישט מוזן, אין היינטיקע שלעכטע צייטן, צונע־מען נאָך א סארוועך צי א קעכן... נאָר למען השם, פון דעם וואָס איך שרייב דיר דאָ, דער עיקר ווענן איבערבלייבן ביי אונדז אויף שפּעטער, זאָל בלייבן ביי דיר בסוד, חוה גיטל זאָל נישט ווייסן, אז איך האָב אזוינס געשריבן. דאָס דארף זיך אליין מאכן, פון זיך אליין... דו ווייסט אז חוה גיטל האָט פיינט, מען זאָל איר אין שטוב־זאכן עצות געבן... און בטוח בין איך, אז עס וועט זיך מאכן. א יידענע בלייבט א יידענע, כאָטש זי מיינט, אז זי גייט אין ספּאָדעק! דעריבער טאקע שרייב איך דעם בריוו, ווען זוגתי

חוה גיטל איז נישטאָ אין דער היים; זי איז אַרויסגעגאַנגען אָפּשטעלן מיטן בדחן, מיט קלעזמער. איך וויל איר אַפילו נישט זאָגן, אַז איך האָב דיר געשיקט אַ חתונה־בריוול; לאָז זי מיינען, אַז דו ביסט אַזוי גוט און פרום געוועז, אַז דו ביסט אַליין געקומען!

און השם יתברך זאָל טרייסטן דיך מיט אַלע אבלי־ישראל, און זאָל אויסשפּרייטן די פליגל פון רחמנות אויף אַלע עגונות, אָמן! כן יהי רצון!

אחותי חנה! ווי דו וועסט דיך מישב זיין, בלייבן דאָרט אָדער קומען צו אונדז אויף שטענדיק, — למען השם, אויף דער חתונה זאָלסטו קומען! דורכאויס קומען! און דו וועסט קיין חרטה, חס־ושלום, נישט האָבן! עס וועט זיין, אם־ירצה־השם, אַ שיינע חתונה. עס קען נאָך מעגלעך זיין, אַז ער אַליין, זאָל מאריך ימים ושנים זיין וועט קומען אויף דער חתונה. עס וועט מיך קאָסטן אַ מטמון, נאָר עס איז כדאי! פאַרשטייסטו, אַז אויף אַזאַ חתונה איז כדאי צו קומען!

פון מיר, אחיך

מ נ ח ם מ ע נ ד ל.

זוגתי חוה גיטל, איז בזו הרגע געקומען פון מאַרק, און זע אַ סימן, אַז עס איז שוין אַזוי מן השמים באַשערט — זי אַליין האָט מיר געזאָגט, אַז איך דאַרף מיך פאַר איר מיטן בריוו נישט צו באַהאַלטן, אַז זי האָט אויף דיר קיין פאַריבל נישט, איר עצה איז, זאָלסט פאַרקויפן די ציבעלעס, מאַכן זיך אַ מלבוש, און קומען לייטן גלייך, ווי אַ טייערע מחותנתטע, אויף דער חתונה.

קיין מתנה, זאָגט זי אויך, דאַרף מען נישט. און האַנדלען מיט ציבעלעס קען מען, זאָגט זי, ביי אונדז אויך.

איך זאָג דיר, אַז זוגתי חוה גיטל, איז אַ גוטע און אַ חכמה. און, אַז דו וועסט נאָר נישט זיין איינגעשפּאַרט, וועט זיך אַלץ ענדיקן בכי טוב; וועסט, מיט גאָטס הילף, זען!

אחיך הנ"ל.

---

אַ נישט געענדיקטער בריוו פון חנהן צום מאַן.

מזל־טוב דיר, מיין טייערער כשרער מאַן, מזל־טוב דיר!

נאַ דיר, הער פון אונדז ישועות ונחמות! גאָט זאָל געבן, איך זאָל פון דיר אויך הערן אַזוינע גוטע בשורות, אַזוינע ישועות ונחמות; אָמן,

כן יהי רצון! מיר זענען דאָך, ווי דו האָסט געשריבן, אַ זיווג אויף ד ע ר וועלט און אויף י ע נ ע ר וועלט!

ערשטנס קום איך דיר, מיין טייערער מאַן, צו מעלדן, אַז דער ברודער מיינער מנחם מענדל שיחיה ואשתו חוה גיטל שתחיה, זאָלן ביידע דערלעבן משיחס צייטן, האָבן מיר אַלצדינג מוחל געווען, און האָבן מיך אַראָפּגעבראַכט אין אַ מזלדיקער שעה, צו זייער טאָכטער אויף דער חתונה — אויף סאָשע־ביילעס חתונה.

אַ חתונה איז געווען גאָר אַ שיינע, שענער קען שוין נישט זיין! געלויבט איז השם יתברך, וואָס איך האָב זוכה געווען און דערלעבט צו זען אַזאַ חתונה! עס איז געווען מכל המינים פליישן, עוף און רינד־פלייש; היינט — פישן, אַזוינע פיש און געפילטע פיש, און נאָך אַלערליי מאכלים; אַ חוץ וויין, בראָנפן, הכל כאשר לכל...

און אַלץ איז געווען אַזוי געראָטן, אַזוי פיין! און איך אַליין האָב דאָס פלייש געקאָכט, די פיש געפילט, דעם צימעס געמאַכט, צום טיש גע־גרייט, און פריער נאָך אַלץ אַליין איינגעקויפט!

איך בין, ברוך השם, די גאַנצע באַלעבאָסטע געווען! די סאָרווערקע אויך; וואָרום, געקומען בין איך נישט צוליב דעם נחת אַליין.

איך האָב מיין ביסל ציבעלעס פאַרקויפט, געמאַכט מיר אַ שטיקל מלבוש און געקומען, אויף מיינע קרובימס פאַרלאַנג, גאַנצע אַכט טאָג פאַר דער חתונה; וואָרום עס האָט נישט געהאַט ווער צו טון, מחמת די כלה אַליין איז פאַרטון געווען אין די מלבושים, זי האָט פאַרברענגט ביז צום חופּה־טאָג ביים שניידער, ביים שוסטער, אַפילו ביים גאָלדשמיד!

און חוה־גיטל, נעבעך, די שוועגערן מיינע, — הוסט! און די מילץ, זאָגט מען, איז ביי איר נישט ווי עס דאַרף צו זיין!

בין איך טאַקע געווען די גאַנצע מחותנתטע, פאַר דער חתונה, און נאָך דער חתונה, נאָר נישט אויף דער חתונה. בשעת החתונה בין איך געווען זייער מיד און פאַרמאַטערט. בין איך מיר געזעסן אין אַ ווינקעלע און געוויינט און געוויינט פאַר גרויס נחת, וואָס איך האָב זוכה געווען, חתונה צו מאַכן מיין ברודערס טאָכטער; אויך — וואָס זי האָט געהאַט אַזאַ ליי־טישע חתונה.

און אַפילו נאָך דער חתונה! האָבן זיי מיך אויך חס־ושלום, נישט באַלד אַרויסגעטריבן.

תיכּף נאָך דער חתונה, איז די שוועגערן, זאָל געזונט און שטאַרק זיין, געפאָרן קיין לובלין צו א דאָקטאָר, זיך אן עצה צו האלטן, צו וועלכן דאָקטאָר זי זאָל פאָרן קיין ווארשע.

דערנאָך איז זי געפאָרן קיין ווארשע, און איז אויסגעווען ביי אלע גרויסע דאָקטוירים; פון דאָרט איז זי געפאָרן ערגעץ אנדערש, וואסער טרינקען, — מינעראַל־וואסער הייסט עס, — און איבער דער גאנצער צייט, לערך זעקס חדשים, בין איך געווען די גאַנצע באַלעבאָסטע אין שטוב. השם יתברך זאָל עס זיי געדענקען און זאָל זיי דערפאַר באַלוינען!

קיין קעכן איז נישט געווען, האָב איך געקאָכט... און דערפון האָב איך פיל נחת געשעפּט, ווי פון א ברונען!

ערשטנס, האָב איך קיין צייט נישט געהאט צו קלערן און צו טראַכ־טן, און בין, חס־ושלום! נישט משוגע געוואָרן אפילו נישט אריינגעפאלן אין א מרה שחורה! און קיין צייט האָט נישט געקאָנט זיין, וואָרום די שפע, איז ביי מיין ברודער, ברוך השם, גרויס.

די שענק איז ברוך השם, פול; מען לייזט שטיקער גאָלד, הן פון יידן און הן פון גוים, להבדיל!

און מיין שוועגערנס, חוה גיטל תחיהס, געפילטע פיש האָבן, ברוך השם, א נאָמען אויף דער וועלט און אן עולם זיצט, ברוך השם! עסט און טרינקט.

האָט זיך אמאָל פּאסירט, אז איך האָב פאָרט אָנגעהויבן עפּעס איבערצוקלערן און האָב מיך ג ע וו א ל ט פארטראַכטן; איז אויף דעם געווען אונדזער ביילע־סאָשע, זאָל לעבן, זי האָט מיך באַלד דער־מאָנט! און אן אויג האָט זי, קיין עין־הרע, א גוטס, באַלד דערזעעט זי!

און אזוי איז אלץ געגאַנגען בדרך הישר...

פאַר גרויס נחת, וואָס איך בין דאָ די גאנצע בעל־הביתטע, האָב איך איינמאָל ארויסגעוואָרפן א טראָפּן בלוט פון האלדז, איין טראָפּן, נישט מער.

דאָס האָט ווייטער דערזען מנחם מענדל, זאָל געזונט זיין, האָט ער מיר אָנגעזאָגט זהיר והזהר, איך זאָל מיך נישט מאכן ווייסנדיק! וואָרום, ווערט מען, ח"ו, געוואָר, ווערט מען, חלילה, ווייכן זיין שטוב. יאָסל גאַסט־הייזער פון קעגנאיבער וועט באַלד זאָגן שווינדזוכט און פטור! אונדזער זייט גאַס, וועט מיט גראָז פארוואקסן ווערן!

ביילע־סאָשע אָבער איז קליגער פאַר אים. זי האָט באַלד פאַרשטאַ־

נען, אַז עס איז נישט קיין שווינדזוכט, נאָר, אַז איך האָב געמוזט כאַפּן אַ שטיקל פיש און איינשלינגען, און צעראַצט זיך דעם האַלדז מיט אַ ביינדל. און, כדי איך זאָל, חס־ושלום, נישט דערשטיקט ווערן, האָט זי מיר דערלאַנגט אין די פּלייצעס: דאָס ביינדל זאָל אַריין אָדער אַרויס און נישט בלייבן, חס־ושלום, שטעקן אין האַלדז. פאַר גרויס ליבשאַפט, האָט זי מיר צו אַ שטאַרקן קלאַפּ געטון, דאָס ביינדל פון פיש איז אוודאי אַראָפּ, נאָר דערביי האָבן מיינע ביינער אַביסל געליטן...

דאָס אַלץ איז איבערגעגאַנגען בשלום, און, חוה־גיטל, זאָל געזונט זיין, איז צוריק געקומען פון וואַסער טרינקען.

געקומען איז זי, געלויבט השם יתברך, פריש און געזונט, אַ מחיה געווען צו קוקן! געליכטן ווי די זון! היינט האָט זי אָנגעברענגט מתנות, — נאָר פיינע זאַכן; פאַר זיך, פאַרן מאַן, פאַר דער טאָכטער מיטן איי־דעם... טייערע מתנות, נאָר מיר האָט זי קיין מתנה נישט געבראַכט; איך בין, זאָגט זי, חס־ושלום, קיין דינסט נישט, מען זאָל מיר שענקען מתנות, מען צאָלט מיר דען שכירות? איך בין דאָך געווען באַלעבאָסטע!

חוה־גיטל אַליין האָט כמה פּעמים געזאָגט, אַז איך בין געווען די גאַנצע באַלעבאָסטע, און האָב געטון, וואָס מיין האַרץ האָט געגלוסט!

און קוים איז חוה־גיטל געקומען, איז זי געוואָר געוואָרן, אַז מנחם מענדל איז איבער דער גאַנצער צייט, נישט געווען ביים רבין, האָט זי פאַר־בראָכן די הענט, אַז די ביינער פון די פינגער האָבן געקנאַקט, און האָט מיך באַלד אַרויסגעשיקט אין מאַרק אַריין דינגען אַ פור.

נאָך דעם זעלבן טאָג איז מנחם מענדל, זאָל געזונט זיין, אַוועקגע־פאָרן אין אַ מזלדיקער שעה צום צדיק.

און אויף מאָרגן האָט מיר חוה־גיטל אַן עצה טובה געגעבן, איך זאָל צוזאַמענעמען מיינע זאַכן און גיין צו אַלדי גוטע יאָר... וואָרום, וויבאַלד זי אַליין איז דאָ, און ביילע־סאָשע העלפט איר צו, בין איך דאָס פינפטע ראָד ביים וואָגן, און וועל נאָך, חלילה, משוגע ווערן פון ליידיקגיין. זי האָט מיר געראָטן, ענטוועדער איך זאָל פאָרן צוריק, פון וואַנען איך בין געקומען, אָדער דאָ בלייבן און טון וואָס מיין האַרץ וועט גלוסטן. זי זאָגט מיר, חלילה, קיין דעה נישט.

נאָך די זעלבע נאַכט, האָב איך שוין אין איר שטוב נישט גענעכטיקט.

אַ שיינע נאַכט איז געווען, האָב איך זיך דורכשפּאַצירט אין אַלע גאַסן מיטן פּעקל אונטערן אָרעם.

זעסטו דאָך, מיין טייערער, כּשרער מאַן, אַז מיר איז, ברוך השם גאַנץ גוט, אַז דו דאַרפסט מיר מער קיין געלט נישט שיקן, ווי דו פלעגסט אַמאָל שיקן. גיב בעסער דאָס געלט לייב־חזן, ער זאָל דיר קויפן ש״ס, אָדער גנענדל סאַפּיען, זי זאָל דיר לאָזן מאַכן העמדער, און זע, למען־השם, זי זאָל דיר אַליין די העמדער אָנמעסטן, און זען ווי זיי ליגן, די העמדער, — עס איז דאָך אַמעריקע.

זעסטו, מיין ליבער, טייערער מאַן, אַז איך בין שוין מער קיינעם נישט חושד אומזיסט. איך זאָג שוין נישט, אַז גנענדל, לייב־חזנס טאָכטער, האָט ביי מיר צוגעגנבעט אַ לעפל, אָדער דעם מאַן, חס־ושלום! און אויב איך האָב נישט, נישט דעם לעפל, נישט קיין מאַן, ווייס איך, אַז זי איז בוודאַי גאָרנישט שולדיק. איך גלייב באמונה שלמה, אַז השם־יתברך האָט דיך און מיך געוואָלט מזכּה זיין, האָט ער דיר צוגעשיקט אויף דער שיף לייב חזן מיט דער טאָכטער, זיי זאָלן דיך פאַרזאָרגן; כּהויה — אַלץ ווי דו האָסט געשריבן. נאָר איין זאַך וועט נישט זיין ווי דו האָסט געזאָגט! זאָלסט אפילו אויס דער הויט שפּרינגען, וועסטו נישט שיקן קיין שליח מיוחד נאָכן קינד, זאָלסט עס צונעמען פון מיר צו דיר קיין אַמעריקע, וואָרן דאָס קינד אונדזערס איז, אין דיין זכות און זכות פון דיינע אבות — לאַנג שוין נישטאָ; מען האָט עס באַהאַלטן ערגעץ אויפן בית־עולם, אין אַ קליין שטיבעלע אָן אַ טירל, אָן אַ פענצטערל, — שריי חי־וקים, וועסטו נישט ווייסן, וווּ זיינע ביינדעלעך ליגן! קיין שום מצבה, קיין שום סימן, גאָרנישט! זוך דעם ווינט אויפן פעלד!

די אַסכּרה האָט עס צוגענומען אונטער אירע פליגל...

און ווייל דו ביסט דער גרויסער בעל־זכרון און געדענקסט אַלץ, וואָס איך האָב גערעדט, און אַלץ, וואָס איך האָב געטון, וועל איך דיר דערציילן אַ מעשה, אפשר וועסטו זי אויך געדענקען! עס איז אַ מעשה מיט אַ שאַל, וואָס איך האָב נישט געוווסט, וואָס מיט אים צו טון: צי זאָל איך אים כאַפּן אויף מיר און אַרויסלויפן זוכן אַ דאָקטאָר צום קינד, אָדער איך זאָל פאַרשטאָפּן מיט דעם שאַל די צעבראָכענע שויב, דער שניי זאָל נישט אַריין צום קראַנקן קינד אין שטוב אַריין, אָדער איך זאָל צודעקן מיט דעם שאַל דאָס הייזעריקע קינד, וואָס עס שטיקט זיך, נעבעך, — און די קעלט איז גאָר גרויס, גאָר גרויס! אַ סך מאָל בין איך אַהין און צוריק געלאָפן: פון קינד צום פענצטער, צו דער טיר, און צוריק פון טיר צום פענצטער, צו דער וויג... אבי געלאָפן! דו וועסט

שוין, מיין געטרייער מאַן, מיין איך, די מינוט נישט פאַרגעסן. וואָרן, ווי דו מיין טייערער מאַן זאָגסט, בין איך צוגעבונדן צו דיר, דו צו מיר און ביידע צום קינד, און אַצינד, אַז דאָס קינד איז נישטאָ, קאָנען מיר ביידע שוין אויך נעלם ווערן. — נאָר, וואָס וועט גנענדל זאָגן? דעם אמת זאָגנדיק, איז ביי מיר געבליבן, איך זאָל זיך לאָזן וואקסן לאַנגע האָר און אָנטון זיך ווי מען טראָגט אין אַמעריקע. אויך, ווייסטו דאָך, אַז איך האָב אַ זיס קול, אַז איך פלעג נאָכזינגען אַלע תפילות, און אַצינד, אַז איך בין געווען ביים ברודער מנחם־מענדל, זאָל געזונט זיין, אין גאַסט־הויז האָב איך נאָך געהערט פון שיכורע פויערים אַלערליי שיינע לידער, — האָב איך מיך דאָס אויך אויסגעלערנט, און איך זינג אַוודאי אַזוי גוט ווי גנענדל, און אפשר בעסער פאַר איר, און קען מער לידלעך פאַר איר, און נעכטן ביינאַכט, אַז איך האָב געגנעכטיקט אונטערן בלויזן הימל, איז נאָך צו מיר געקומען די מלכּא־שבא און האָט מיך אויסגעלערנט טאַנצן — און אַ גאַנצע נאַכט האָב איך אַרומגעטאַנצט מיט דער מלכּא־שבא קעגן דער לבנה.

און דו, מיין ליבער שמואל־משה, האָסט גאָר אַ מקח־טעות געהאַט! וואָרן איך בין בעסער פאַר גנענדלען. וואָרן, איך געדענק גאַנץ גוט, אַז זי האָט געהאַט צוויי פעפערלעך, איינס אויפן לינקן אויער און אַ צווייטעס אויף דער רעכטער באַק, און — אַ נעזל אַביסל אַ פאַרדרייטס. און איך, ווייסטו דאָך, האָב אַ ריין לייב, אָן שום פעפערל, חס־ושלום. — דו האָסט געמיינט, אַז נאָר גנענדל קאָן זינגען, און יעדן פרייטיק־צו־נאַכטס טאַנצן, אַז זי אַליין קאָן זיך לאָזן וואַקסן צעפּ, אַנדערע קענען גאָר נישט די תורה! איך בין, חס־ושלום, אויף דיר נישט אין כעס; האַלט דיך אָן איר! מיר איז גענוג, אַז איך האָב דעם קינדס קבר׳ל, איך גיי אַהין, איך וועל מיר דאָרט אויסבויען אַ קליין שטיבעלע און זיצן דאָרט ביז האַלבער נאַכט, ביז דער האָן וועט קרייען. דעם קינד וועל איך דערציילן זיס און שטיל פון זיין טאַטן שמואל־משהן, וועט ער שטאַרק הנאה האָבן! און, אַז דו וועסט אַליין קומען, אָדער שיקן אַ שליח מיוחד, נאָכן קינד, וועל איך אייך מיט די נעגל די אויגן אויסקראַצן, וואָרן דאָס קינד איז מיינס, נישט גנענדלס — ימח שמה וזכרה, זאָל זי ווערן מיט דיר איינאיינעם — —

דער בריוו איז קענטיק נישט קיין געענדיקטער; מען האָט אים געפונען צוזאַמען מיט די אַנדערע בריוו אין דער קעשענע ביי דער משוגענער חנה.

# וואָס הייסט „נשמה"

(אַ יוגנט־געשיכטע)

## .1



יך געדענק ווי אין אַ חלום, אַז עס האָט זיך ביי אונדז אין שטוב אַרומגעדרייט אַ קליין דאַר יידל מיט אַ שפּיציק בערדל, וואָס פלעגט מיך אַלעמאָל אַרומנעמען און קושן.

דערנאָך, געדענק איך, איז דאָס אייגענע יידל קראַנק געלעגן אין בעט, ער האָט זייער געקרעכצט און די מאַמע איז געשטאַנען און געהאַקט זיך אין קאָפּ אַריין.

אַמאָל כאַפּ איך מיך אויף ביינאַכט און דערזע אַ פולע שטוב מיט יידן; פון דרויסן הער איך אַ יעמערלעך געוויין... איך האָב מיך שטאַרק דערשראָקן און אָנגעהויבן שרייען.

עס איז צוגעקומען צו מיר איינער פון די יידן, ער האָט מיך אָנגעטון און אַוועקגעפירט צו'ן אַ שכן שלאָפן.

דעם אַנדערן טאָג האָב איך די שטוב נישט דערקענט; אויף דער ערד איז געלעגן אָנגעשיט שטרוי, דער שפּיגל אויף דער וואַנט — איבערגעדרייט, דער הענגלייכטער פאַרהאָנגען מיט אַ טישטוך, און די מאַמע איז געזעסן אין די זאָקן אויף אַ קליין בענקעלע אויף דער ערד...

אַז זי האָט מיך דערזען, האָט זי אַרויסגעלאָזט אַ שרעקלעך געוויין, און האָט אָנגעהויבן שרייען: „דער יתום, דער יתום!...

אויפן פענצטער האָט זיך געברענט אַ קאַגעניק, דערנעבן איז געשטאַנען אַ גלאָז וואַסער און געהאָנגען אַ שמאַטע...

מען האָט מיר געזאָגט, אַז מיין טאַטע איז געשטאָרבן; אַז זיין נשמה וואַשט זיך אינעם גלאָז וואַסער און ווישט זיך אָפּ מיט דער לייוונט... אַז אויב איך וועל זאָגן ערנסט קדיש, וועט זי פליען גלייך אין הימל אַריין.

און מיר האָט זיך פאָרגעשטעלט, אַז די נשמה איז אַ פייגעלע...

2.

איינמאָל האָט מיך דער באַהעלפער אָפּגעפירט אַהיים, נעבן אונז זענען דורכגעפלויגן גאַנץ נידעריק, עטלעכע פייגל.

— „נשמהלעך פליען, נשמהלעך פליען!" האָב איך מיר צוגעזונגען.

דער באַהעלפער האָט זיך אומגעקוקט.

— גיי דו נאַר, — מאַכט ער צו מיר — דאָס זענען פייגל, פּראָס־טע פייגל!

דערנאָך האָב איך געפרעגט די מאַמען: ווי אַזוי ווייסט מען דעם חילוק פון אַ נשמה ביז אַ פּראָסט פייגעלע?

3.

אַז איך בין אַלט געוואָרן פערצן יאָר, האָב איך שוין געלערנט גמרא מיט תוספות, מיט מהרש"א, און טאַקע ביי „זרח קנייפ".

עד היום ווייס איך נישט, צי האָט ער טאַקע אַזוי געהייסן, צי האָבן עס אים די תלמידים דעם צונאָמען געגעבן, ווייל ער פלעגט קנייפן אָן רחמנות.

און ער פלעגט נישט וואַרטן ביז מען וועט פאַרדינען אַ קניפּ; ער פלעגט צאָלן פאָרויס. „דערמאָן מיך, זאָגט ער, וועל איך דיר אָפּשלאָגן!"

דערצו איז ער געווען מוהל, געהאַט אַ שפּיציקן פּריעה־נאָגל, און יעדער קניפּ האָט צוגעשלאָגן צום האַרץ.

און ער פלעגט זאָגן: „וויין נישט, וויין נישט אומזיסט! איך קנייפּ דאָך נאָר דיין גוף! וואָס שאַדט דיר! אַז די ווערים אין קבר וועלן האָבן ווייניקער צו עסן?"

און דער גוף, זאָגט זרח קנייפ, איז טאַקע נאָר עפר ואפר, אַ והאַ־ראיה: רייב איין האַנט אין דער אַנדערער וועסטו זען!

און מיר האָבן געפּרוווט און טאַקע געזען בחוש, אַז דער גוף איז עפר ואפר.

— און וואָס איז די נשמה? — האָב איך געפרעגט.

— אַ ר ו ח נ י ו ת! — האָט מיר דער רבי געענטפערט.

4.

זרח קנייפ האָט פיינט געהאַט שנאת־מוות זיין ווייב די רביצן; פאַר דאָס איז שפּרינצע, די בת־יחידה זיינע, געווען ביי אים אַן אויג אין קאָפּ.

מיר וייטער האָבן פיינט געהאַט שפּרינצען, ווייל זי פלעגט אונדז צוצומסרן צום פאָטער, און — ליב געהאַט די רביצן, וואָס פלעגט אונדז פאַרקויפן אויף קרעדיט באָבעס מיט אַרבעס און נישט איינמאָל מציל זיין פון רבינס הענט.

דער גרעסטער חשוב ביי דער רביצן בין איך געווען. א י ך פלעג קריגן דעם גרעסטן צולאָג, און ווען דער רבי האָט זיך גענומען צו מיר, פלעגט זי שרייען: „רוצח, וואָס ווילסטו פון יתום? זיין טאַטנס נשמה וועט זיך אין דיר נוקם זיין!"

דער רבי האָט מיך אָפּגעלאָזט און די רביצן האָט געלייזט מיין חלק.

איינמאָל, געדענק איך, ווינטער ביינאַכט, בין איך אהיימגעקומען פון חדר אַזוי צעקניפּן און פון פראָסט אַזוי דורכגענומען, אַז די גאַנצע הויט האָט אויף מיר געשטאַרט.

דעמאָלט האָב איך אויפגעהויבן די אויגן צום הימל און האָב יע־מערלעך געוויינט און געבעטן: טאַטישי! זיי זיך נוקם אין זרח קנייפּ!... רבונו של עולם, וואָס וויל ער פון מיין נשמה האָבן ? !"

אַז ער קנייפּט נאָר דעם גוף, האָב איך פאַרגעסן.

אין אָדם נתפס על צערו!

5.

דאָך אַז זרח קנייפּ האָט אַמאָל אין א „יומא דפגרא" פאַרמאַכט די גמרא און גענומען זיך צו דערציילן מעשיות, איז ער גאָר געוועזן אַן אַנדער מענטש.

ער האָט אַראָפּגעלאָזט דעם ספּאָדעק, געבליבן זיצן אין די גרויסע פּעדערן (קיין יאַרמולקע האָט מען נישט אַרויסגעזען). ער האָט אויפגע־קנעפּלט די סטראָקעס, אויסגעגלייכט דעם שטערן. די ליפּן האָבן אים גע־שמייכלט, און דאָס קול איז אויך גאָר אַנדערש געוואָרן.

געלערנט האָט ער מיטן האַרבן, גראָבן, בייזן קול, מיט וועלכן ער פלעגט רעדן צו דער רביצין; מעשות דערציילט — מיט דעם אייגענעם ווייכן, גוטן, דינעם קול, מיט וועלכן ער פלעגט זיך ווענדן צו שפּרינצען, מיט „דער טייערער נשמה".

און מיר פלעגן זיך ביי אים שטענדיק בעטן ווי ביי א גזלן, ער זאָל אונדז דערציילן א מעשה. מיר האָבן נישט געוווסט, אַז זרח קנייפּ קען נישט מער ווי א י י ן פּרק „איזהו נשך", מיט וועלכן ער הייבט

אָן און לאָזט אוים דעם זמן, און מ ו ז שטיקעווען מיט מעשות, בפרט א ווינטער־זמן, וואָס איז אָן ימים־טובים! מיר נאַראָנים פלעגן פאַר יעדער מעשה צאָלן מיט באָבעס און מיט אַרבעס, און איינמאָל זיך צונויפגעלייגט פאַר שפּרינצען אויף א רויטן באַרכענען שפּענצער.

פאַר דעם באַרכענען שפּענצער האָט אונדז זרח קנייפּ דערציילט, ווי אַזוי דער רבונו של עולם קלויבט אויס פון זיין אוצר א נשמה און בלאָזט זי אַריין אין א גוף.

און איך האָב מיר פאַרגעשטעלט, אַז ביים רבונו של עולם אין אוצר זענען אויסגעלייגט די נשמות, ווי די סחורה ביי מיין מאַמען אין געוועלבל, אין אַלערליי שאַכטלען, רויטע, גרינע, ווייסע, בלאָע... און אַרומגעבונדן מיט שטריקלעך.

## 6.

— און אַז גאָט, דערציילט דער רבי, קלויבט אויס א נשמה, און איז גוזר אויף איר, זי זאָל אַראָפּגיין אויף דער זינדיקער וועלט, ציטערט זי און וויינט...

דערנאָך קומט צו איר א מלאך אין דער מאַמעס בויך אַריין, און לערנט מיט איר אויס כל תורה כולה. נאָר אַז עס קומט די רעכטע צייט, גיט איר דער מלאך א שנעל אין דער נאָז און זי פאַרגעסט צוריק דאָס לערנען.

—דעריבער, זאָגט דער רבי, האָבן אַלע יידישע קינדער צעשפּאָלטענע אויבערשטע ליפּן...

דעם אייגענעם טאָג פאַרנאַכט האָבן מיר זיך געגליטשט הינטער דער שטאָט און איך האָב דערזען, אַז די שקצים: יאַנטעק, וואַיטעק און יאַשעק האָבן צעשפּאָלטענע אויבערשטע ליפּן גלייך מיט אונדז.

— יאַשעק! — האָב איך מיר איינגעשטעלט דאָס לעבן און געפרעגט: — „טי טאַקזשע מאַיעש דושאַ?“

— א טאָביע, פּשאַ דושאַ, צאָ דאָ טעגאָ? — האָב איך געהאַט א קלאָרע תשובה.

## 7.

חוץ ביי א מלמד, האָב איך מיך געלערנט ביי א לערער שרייבן.

דעם לערער האָט מען געהאַלטן אין שטאָט פאַר א גרויסן אפּיקורס און די שכנים האָבן זיך נישט געמישט מיט זיינע כלים.

ער איז געווען אַן אַלמן, און מען האָט נישט געגלייבט, אַז גיטעלע, זיין טאָכטער, אַ מיידל אין מיינע יאָרן, זאָל קענען גוט כשר מאַכן פליש.

ער איז אָבער געווען אַ גרויסער מושלם, און מיין מאַמע האָט גע־וואָלט, אַז איר בן־יחיד זאָל קענען שרייבן.

— איך בעט אייך זייער, ר' לערער, האָט זי געזאָגט, איר זאָלט מיט אים נישט לערנען קיין שום אַפּיקורסישע זאַכן: קיין תנ"ך, קיין פּסוק, נאָר לערנט אים אויס שרייבן אַ יידיש בריוול, פּשוט אַ „שלום לאהובי"־בריוול!

און פונדעסטוועגן ווייס איך נישט, צי דער לערער האָט געהאַלטן וואָרט.

אַז איך האָב אים דערציילט די שאלה מיט די צעשפּאָלטענע ליפּן, איז ער אַריינגעפאַלן אין אַ שרעקלעכן כעס; ער האָט זיך ראַפּטום אויפ־געשטעלט, אַוועקגעקאָפּעט מיטן פוס דאָס בענקל און אָנגעהויבן אַרומ־שפּרייזן אין שטוב מיט אַ געשריי: „גראָבע יונגען, רוצחים, פלעדערמייז!"...

ער האָט זיך פּאַמעלעך באַרואיקט, צוריק אַנידערגעזעצט, איבער־געווישט די פּאַרלאָפּענע ברילן און מיך צוגעצויגן צו זיך:

— גלייב נישט, מיין קינד, האָט ער מיר געזאָגט, אין אַזעלכע נאַ־רישע זאַכן! דו האָסט דיך גוט צוגעקוקט צו די שקצים אויף דער גליטש? ווי הייסן זיי?

איך האָב אים געזאָגט די נעמען.

— נו, פרעגט ער מיך, צי האָט איינער פון זיי אַנדערע מאָדע אויגן? אַנדערע הענט און פיס, אָדער אַנדערע אברים ווי דו? צי לאַכן זיי נישט מיט דיר גלייך? און אַז זיי וויינען, גיסן זיך ביי זיי אַנדערע מאָדע טרערן ווי ביי דיר? פאַרוואָס זאָלן זיי נישט האָבן קיין נשמה גלייך מיט דיר? אַלע מענטשן זענען גלייך. גלייכע קינדער, איין גאָט איז זייער טאַטע, איין ערד איז זייער לאַנד! אמת, אַז היינט האָבן זיך די פעלקער איינס דאָס אַנדערע פיינט, יעדעס פאָלק רעדט זיך איין, אַז ער איז די קרוין פון אַלע פעלקער, אַז נאָר א י ם האָט גאָט אין זינען; נאָר מ י ר האָפן, אַז עס וועט קומען אַ בעסערע צייט, אַ בעסערע, ליכטיקע־רע צייט, ווען אַלע מענטשן וועלן דערקענען איין גאָט, איין געזעץ, ווען עס וועט מקוים ווערן אונדזערע הייליקע נביאימס ווערטער, אַז עס וועלן אויפהערן אַלע מלחמות, פאַרשווינדן ווערן קנאה־שנאה, אַלע וועלן די־

נען איין בורא־עולם, און עס וועט זיין ווי דער פסוק זאָגט: כי מציון תצא תורה ודבר ה' מירושלים! . . .

דעם פסוק האָב איך געדענקט פונעם „ויהי בנסוע" אין דאַווענען.

דער לערער האָט נאָך לאַנג גערעדט, נאָר איך האָב שוין ווייניק־וואָס פאַרשטאַנען; איך האָב נישט געקענט גלייבן, אַז אַ „גוי האָט אויך שכל", אַז אַלע מענטשן זענען גלייך! איך האָב געוווסט, אַז דער לערער איז אַן אפּיקורס; ער גלייבט נישט אפילו אין גלגול, כאָטש איך האָב אַליין געזען, נאָך פּראַדל מופקרתס טויט, ווי עס האָט זיך אַרומגעדרייט אַ שוואַרצער הונט אויפן דאַך פון הויז, וווּ זי האָט געוווינט.

אויך האָט ער זיך געשניטן די נעגל נישט איבערגעהיפּערט, קיינ־מאָל נישט צוגעשניטן קיין עדות און אַזוי אַרויסגעוואָרפן דורכן פענצטער!

איך וואָלט שוין לאַנג אַנטלאָפן פון אים, איך וואָלט אויסגעזאָגט דער מאַמען, אַז ער רעדט „על השם ועל משיחו" ווען נישט...

איר טרעפט שוין אוודאי וואָס און ווען איך מיין...

8.

נאָר ד אָ ס איז מיר אין קאָפּ אַריין, אַז עס וועט קומען אַ צייט, ווען די אומות העולם וועלן קומען צו אונדז לערנען תורה, און דאָס האָט באַדאַרפט זיין היינט־מאָרגן.

ביי אונז איז דעמאָלט געווען שויז אמתע משיחס צייטן: מען האָט געפונען דאַרויף אַ שטאַרקן רמז אין דניאל און אַ זיכערן לפ"ק; מען האָט געוויזן עפּעס אַ זוהר מיט אַ מדרש הנעלם, מען האָט אויך פון אויער צו אויער דערציילט, אַז דער קאָזעניצער האָט אויפגעהערט צו זאָגן תחנון. אויך איז געווען אַ קלאָרע ידיעה פון ארץ־ישראל, אַז ד אָ ס יאָר האָט זיך נישט געוויזן קיין פוקס נעבן כותל־מערבי.

און מען האָט זיך טאַקע געריכט אַלע טאָג אויף משיח בן יוספן. קהל האָט זיך געלאָזט קאָסטן און איינגעהאַלטן די פּאַדאַטקעס; אַז משיח וועט קומען, ווער וועט געדענקען אַזאַ קלייניקייט צוריקצומאָנען!

דעם ערגסטן סוף האָבן געהאַט די ווייבער. נאָך פּאַראַיאָרן זענען איינגעפאַלן די טרעפּ פון מקוה. אַ צען מאָל האָט מען נישט געלאָזט „אויסנעמען", איידער מען האָט צוזאַמענגענומען געלט אויף נייע געהילץ. נו, עס ליגן שוין, ברוך־השם, גרייט. עס איז אָבער פּ אָ ר ט אַ שאָד צו דינגען אַ בעל־מלאָכה, אַן עבירה די פּאָר קערבלעך!

און איך בין זיכער געוועזן, אז אין א קורצער צייט וועט דער איי־גענער יאַשעק, וואָס איז מיר נעכטן אונטערגעלאָפן אויף דער גליטש, בשעת איך האָב געמאַכט א „שוסטער", וואָס דורך אים האָב איך שיר־נישט האַלדז און לייב צעבראָכן; דער אייגענער וואַיטעק, וואָס ווייזט מיר אַלע מאָל א חזיר־אויער, און דער אייגענער יאַנטעק, וואָס ציילט אונז: ראַז, דוואַ, טשי — אז אַלע דריי וועלן קומען צו מיר בקירה והשתחויה פרעגן א דין, למשל: פון מוקצה!

און איך רחמן בן רחמנים, וועל זיי נישט געדענקען זייער שלעכטס, וואָס זיי האָבן מיר געטון; איך וועל זיי ז אַ ג ן. איך וועל זיי מקרב זיין און אויסזאָגן דעם סוד פון דער אייזערנער מיט דער פאַפּירענער בריק; אָנזאָגן זיי הזהר והזהר, אַז זיי זאָלן זיך נישט דערוועגן צוצוגיין צו דער אייזערנער בריק. אַמבעסטן, האָב איך מיר געטראַכט, וואָלט געווען, זיי זאָלן זיך גאָר האַלטן פון דערווייטנס, אבי זיי זאָלן ראַטע־ווען זייערע נשמות...

## 9

ערב ראש־השנה האָב איך געענדיקט „איזהו נשך" און האָב גע־פילט דעם טעם פון יציאת־מצרים.

ר' יוזל, מיין נייער רבי, האָט מען מיר געזאָגט, קנייפּט נישט. אפילו שלאָגן, שלאָגט ער נישט אומזיסט. רבי יוזלען האָב איך אַלעמאָל געזען ביים דאַווענען. ער איז געווען א הויכער ייד מיט גרויסע ברעמען, אז מען האָט ביי אים קיין אויג נישט אַרויסגעזען. ער פלעגט טראָגן אָפן דעם קאַפּטן און פון אונטער דער לאַנגער צוויי־שפּיציקער ווייסער באָרד, האָט פוןביידע זייטן אַרויסגעשטאַרט דער טלית־קטן. געגאַנגען איז ער שטיל און שטיל האָט ער גערעדט, גלייך אַלץ וואָלט געווען א סוד. דערביי האָט ער גאַנץ לאַנגזאַם אַרויף און אַראָפּ געשאָקלט מיטן קאָפּ, אויפגעהויבן די ברעמען, צוזאַמענגעצויגן דעם שטערן, אַרויסגעשטעקט ביידע ליפּן מיט די וואָנסן און אַריינגעשטעקט ביידע הענט אין גאַרטל אריין; יעדעס וואָרט האָט זיך געדאַכט, איז איינס פון די וויכטיקסטע זאַכן, אז די רייד שטייען טאַקע ברומו של עולם.

ר' יוזל איז אַמאָל געווען א „משולח" ביי איינעם פון די גרויסע גוטע יידן. עד היום האָט ער פון רביים אין קאָמיסיאָן: פאַרשפּראָכענעם בוימל, מטבעות, קמעות און שמירהלעך; ער איז דער ערשטער אין שטאָט

אָפּצושפּרעכן עין־הרעס, און אז דער רב איז נישט בקו הבריאה, זאָגט ער פאַר אים, שבת הגדול, ראש־השנה, און מאַכט אַמאָל אַ הספד. דער רב איז געווען אַן אַלטער שוואַכער ייד און רבי יוזל האָט זיך געריכט „איבער הונדערט און צוואַנציק יאָר" זיין אָרט צו פאַרטרעטן.

אחוץ דעם איז ר׳ יוזל געווען אַ באַרימטער בעל־תוקע, און אז ער פלעגט מאַכן די ברכה פאַר תקיעות, האָט טאַקע, ווי זאָגט מען, אַ פיש אין וואַסער געציטערט.

איך בין געוואָרן מלא גאווה, אז איך וועל זיין ר׳ יוזלס תלמיד.

נאָך פאַר יום־כיפּור האָב איך געהאַט די געלעגנהייט צו רעדן מיט ר׳ יוזלען וועגן דער נשמה.

די נשמה איז געוואָרן ביי מיר אַ מין אידעע פיקס, זי איז מיר נישט אַראָפּגעגאַנגען קיין רגע פון די געדאַנקען. דאָס ערשטע האָט מיר ר׳ יוזל אַרויסגעשלאָגן פון קאָפּ דאָס חברקייט מיט די אומות העולם, און אַריינגעשלאָגן אין אַמביציע מיט „אתה בחרתנו".

„נישט אומזיסט, האָט ער געזאָגט, ליידן מיר גלות, ביזוי בזיונות און אַזוינע מכות, וואָס שטייען נישט אין דער תוכחה! מיר זאָלן גלייך זיין מיט די אומות העולם, וואָלטן מיר געהאַט עולם־הזה גלייך מיט זיי. „דאָס קינד, וואָס דער טאַטע האָב ליב — דאָס שמייסט ער", עס זאָל וועלן לערנען און אַריינקומען אין אַלע שערי בינה"...

— נאָר אפילו ביי אונדז יידן, זאָגט רבי יוזל, זענען נישט אַלע נשמות גלייך: עס זענען דאָ גראָבע, פּראָסטע נשמות ווי זרח קנייפּ למשל. דיין לערער, דער אַפּיקורס, האָט אַ נשמה בבחינת קמח; עס זענען פאַראַנען נשמות גרויסע, גאָר גרויסע: טייל קומען אַרויס פון דער „חתירה", פון אונטערן כסא־הכבוד; עס זענען פאַראַנען גאָר, גאָרג רויסע נשמות עליונות בבחינת קמח סולת.

איך האָב ווייניק פאַרשטאַנען פון די בחינות און בפרט פון דער חתירה פון אונטערן כסא־הכבוד; איך האָב נאָר געוווסט וואָס מען מיינט קמח סולת און האָב מיר פאָרגעשטעלט דעם חילוק פון נשמות, ווי צווישן ראַזאָווע־מעל, קאָרן־מעל, ווייצן־מעל, און מעל וואָס מען נעמט לכבוד שבת אויף חלה. די גרעסטע נשמות מוזן זיין מיט זאַפערן און ראָזשינקעס!

## 10.

— נאָר דער עיקר, זאָגט ר׳ יוזל, זענען יסורים.

— קיין איינציקע נשמה ווערט נישט פאַרלוירן, אַלע מוזן צוריק־

קומען צו דער מדרגה, אויף וועלכער זיי זענען געווען איידער זיי זענען אראָפּגעקומען אויף דער וועלט, און געריייניקט ווערן די נשמות נאָר דורך יסורים; דער בורא־עולם מיט זיין גרויס רחמנות שיקט אויף אונדז יסורים, מיר זאָלן זיך דערמאָנען, אז מיר זענען נאָר בשר־ודמס, א חרס הנשבר, א גאָרנישט און אז ער גיט נאָר א קוק אויף אונדז, צעפאַלן מיר און ווערן בטל כעפרא דארעא... נאָר אויף יענער וועלט רייניקט מען אויך די נשמות.

און ער האָט מיר דערציילט, וואָס מען טוט אַלץ מיט די אָרעמע נשמות אין די שבעה מדורי גיהנום...

## .11

צווישן די ימים־טובים האָב איך געהאַט מער צייט אומצוקוקן זיך אין דער היים. פאַר סוכות איז געווען ביי אונדז א וועש.

איינמאָל ביינאַכט האָט זיך מיר געחלומט, אז איך בין אויף יענער וועלט. איך זע, ווי מלאכים שטעקן ארויס די הענט פון הימל און כאַפּן ארויף נשמהלעך, וואָס קומען צוריק פון דער וועלט. די מלאכים קלויבן זיי איבער: נאָר די ריינע, די ווייסע ווי שניי, פליען זיי ווי טויבן ארויס פון די הענט, גלייך אין גן־עדן אריין. די ברודיקע — שיט מען אָן א בארג, און דעם בארג ווארפט מען אריין אין ים־הקרח, וווּ עס שטייען שווארצע מלאכים מיט פארשארצטע הענט און וואַשן זיי. נאָך דעם קאָכט מען זיי ערשט איבער אין גרויסע, שווארצע טעפּ, ביים פייער פון גיהנום.

און אז מען דריקט אויס פון זיי דעם ברוד, און אז מען פּרעסט זיי, הערט מען דאָס געוויין פון די נשמות מסוף העולם עד סופו.

צווישן דער ברודיקער וועש דערקען איך דעם לערערס נשמה; זי האָט געהאַט זיין לאַנגע נאָז, זיינע איינגעפאַלענע באַקן, זיין שפּיציק בערדל און האָט געטראָגן זיינע גרויסע בלויע ברילן. מען האָט זי געוואַשן און זי איז וואָס אַמאָל שווארצער געוואָרן...

און א מלאך האָט אויסגערופן: „דאָס איז דעם לערערס, דעם אפּי־קורס'ס נשמה!"... דערנאָך האָט דער איינגענער מלאך צו מיר געזאָגט מיט כעס: אז דו וועסט גיין אין זיינע דרכים, וועט דיין נשמה אויך זיין אזוי ברודיק און מען וועט זי אַלע נאַכט אזוי וואַשן, ביז זי וועט פאַר־פאַלן ווערן אויף כף־הקלע.

— איך וועל נישט גיין אין זיינע דרכים! האָב איך ארויסגעשריען פון שלאָף.

די מאמע האָט מיך אויפגעוועקט, אראָפּגענומען מיר די האנט פון האַרץ.

— וואָס איז מיט דיר, תכשיט מיינער? — האָט זי געפרעגט דער־שראָקן. דו שווימסט דאָך ארום אין שווייס!

— פאו, פאו, פאו! האָט זי מיך אָפּגעבלאָזן.

— מאמע, איך בין געווען אויף יענער וועלט!...

אין דער פרי האָט מיך די מאמע גאַנץ ערנסט געפרעגט, אויב איך האָב נישט דאָרט דעם טאַטן געזען? איך האָב געזאָגט: ניין!

— א שאָד, א שאָד! האָט זי באַדויערט, ער וואָלט דיר אוודאי עפּעס אָנגעזאָגט פון מיינעטוועגן.

## .12

וואָס קומט ארויס, אז דער לערער מאַכט חוזק אפילו אויס חלומות! אים צוליב, נאָך מער גיטעלען צוליב, האָב איך אים געוואָלט ראַטעווען; איך האָב אים דערציילט מיין גאַנצן חלום. ער האָט אָבער געזאָגט, אז א חלום איז א נאַר; ער מאַכט זיך נישט פון אזוינע זאַכן.

ער וויל מיר ברענגען ראיות פון תנ"ך און פון דער גמרא, אז חלומות זענען פּלעווּעס, שישקעס און וואַנצן; איך פאַרשטעק מיר אָבער די אויערן מיט די קליינע פינגער און וויל נישט הערן.

איך האָב געזען באַשיימפּערלעך, אז ער איז פאַרפאַלן, אז זיין גזר־דין וועט זיין ביטער, אז איך דאַרף אים ווייכן ווי אַן עפּוש, אז ער וויל אומברענגען מיין נשמה — מיין יונגע נשמה!

וואָס קומט אָבער ארויס? הונדערט מאָל האָב איך מיר צוגעזאָגט, אַז איך וועל אַלץ דערציילן דער מאַמען, און האָב קיין איינציק מאָל נישט געהאַלטן וואָרט.

א סך מאָל האָב איך שוין געהאַט אָפֿן דאָס מויל צו זאָגן — האָט זיך מיר אָבער אַלץ געדאַכט, אַז גיטעלע שטייט הינטער דער מאַמעס פּלייצעס, פאַרשפּרייט צו מיר אירע דראָבנע הענטלעך, ווינקט צו מיר מיט די גרויסע אויגן: „ניין! בעט זי זיך, ניין! זאָג נישט!"

און דאָס געבעט אין אירע אויגן איז שטאַרקער פאַר מיין פרומ־

קיוט. איך פיל, אז נישט נאָר אין פייער און וואסער, נאָר אין גיהנום אריין וואָלט איך מיך פאר איר געוואָרפן.

און עס איז מיר דאָך געווען א גרויסער שאָד: די מאמע און אלע מיינע מלמדים האָבן געגלייבט באמונה שלמה, אז פון מיר וועט אמאָל ארויסוואקסן עפּעס א גרויסע זאך...

.13

איך בין פּטור געוואָרן זרח קנייפ מיט זיין פריעה־נאָגל, עס איז מיר דאָך נישט בעסער געוואָרן.

איך בין שוין אלט געווען זעכצן יאָר. שדכנים האָבן שוין געריסן ביי דער מאמען די פּאָלעס און איך האָב נאָך געהאט א קינדישע טבע אראָפּצוכאפּן וואקס מוצאי יום־כפּור פונעם שולחן און צו קנעטן אין חדר אונטערן טיש.

דער שמש פלעגט מיר זיין דערפאר א שונא אויפן לעבן, און איך האָב געהאט דערפאר צרות אין חדר.

— ווו האלטסטו? — פרעגט ר׳ יוזל.

איך בין פארטראכט און לייג אויף דער גמרא די גאנצע האנט: אלע פינף פינגער מיטן שטיק וואקס.

ר׳ יוזל איז בלאס געוואָרן פאר כעס. ער עפנט דאָס שופלעדל, נעמט ארויס א דין שטריקל און בינדט מיר צוזאמען ביידע גראָבע פינגער און אזוי שטייף, אז עס האט מיך אָנגעכאפּט ביים הארץ.

נישט דאָס נאָך האט ער געמיינט.

ער איז צוגעגאנגען צום בעזעם און האט גאנץ לאנגזאם ארויסגע־ריסן א ווייך דין ריטל. מיט דעם ריטל האָט ער מיר געשמיסן איבער די צוזאמענגעבונדענע הענט... ווי לאנג? מיר האט זיך געדאכט, עס דויערט אייביק. און א וואונדערלעכע זאך, איך האָב די יסורים מקבל גע־ווען באהבה; איך האָב אין זין געהאט, אז דאָס שיקט דער רבונו של עולם אויף מיר יסורים, איך זאָל תשובה טון און נישט מער גיין צום לערער.

אז די הענט זענען מיר שוין גוט געשוואָלן געוואָרן און די הויט איז אָנגעלאָפן מיט אלערליי קאָלירן, האָט ר׳ יוזל אוועקגעלייגט דאָס ריטל און געזאָגט: גענוג! מער וועסטו שוין קיין וואקס נישט קנעטן!

איך האָב פונדעסטוועגן ווייטער געקנעטן.

איך האָב געהאט דאָס גרעסטע פארגעניגן דערפון, אז איך האָב

געמאַכט פונעם וואַקס וו אַ ס איך וויל. איך האָב געפּילט, אַז איך האָב איבער עפּעס צו שאַפן.

איך פלעג אויסקנעטן אַ קאָפּ פון אַ מענטש, דערפון געמאַכט אַ קאַץ אָדער אַ מייזל, דערנאָך האָב איך אַרויסגעצויגן פון די זייטן פליגל, געשפּאָלטן דעם קאָפּ אויף צווייען און עס איז אַרויס אַ קרוין־אָדלער. גאָר דערנאָך האָב איך פון ביידע קעפּ און ביידע פליגל געפלאָכטן אַ קווי־לעטש אין פירן.

איך אַליין בין אָבער אויך געוועזן אַזאַ שטיק וואַקס... מיך האָט געקנעטן ר׳ יוזל, דער לערער, די מאַמע און ווער עס האָט נאָר געוואָלט. גיטעלע האָט מיך צעגאָסן!...

.14

מען האָט מיך געקנעטן ווי וואַקס, נאָר מיר האָט עס וויי געטון!

איך געדענק גאַנץ גוט, אַז עס האָט מיר וויי געטון; נאָר פאַר וואָס? וואָס איז גראָד מיך אָנגעגאַנגען די נשמה?

מיינע חברים האָבן פון מיר געלאַכט, זיי האָבן מיר אַ נאָמען געגעבן „נשמה־יונג״, און ווי נאַריש דער נאָמען איז געווען, אַזוי פיל צרות האָב איך פון אים געהאַט.

איך בין פאַרטראַכט, איך קלער, וואָס מיין סוף וועט זיין, ווען איך וועל שוין כוח האָבן מיך אויסצורייסן פון שטנס האַנט; איך רעכן מיך אָפּ מיט מיין אייגענער נשמה. איך זאָג איר מוסר, איך זידל זי... ראַפּטום גיט מיר איינער אַ שנעל אין דער נאָז: „נשמה־יונג״! — איך וויל פאַרגעסן אין מיינע צרות, פאַרטיף מיך אין אַ וועלט־קשיא, שפּאַן צוזאַמען אַ שווערן תוספות מיט אַ האַרבן רמב״ם, בראָק איין אַ „פּני יהושע״ און מיש אוים מיטן „תומים״; איך בין שוין גאָר אויף אַן אַנ־דערער וועלט; אוים לערער, אוים גיטעלע, אוים נשמה... עס הייבט זיך שוין אָן צוזאַמענצושרויפן אינעם מוח, אָט פאַל איך שוין אויף דער המצאה, דאָס רעכטע וואָרט ליגט מיר שוין אויף דער שפּיץ צונג — ראַפּטום גיט מיר עמעץ אַ פייף אין אויער אַריין: „נשמה־יונג!״ עס הילכט, אין מוח פּלאַצט עפּעס, אוים רמב״ם, אוים תוספות, אוים פּני יהושע, אוים תומים... צוריק אויף דער ערד!

איך שטיי שמונה עשרה, איך האָב אַ פול האַרץ און פולע אויגן מיט געוויין. „רפאנו ה׳ ונרפא״ בעט איך מיט גרוים כוונה, און מיין נישט,

חלילה, דעם גוף, די נשמה מיין. איך: הייל, רבונו של עולם, הייל מיין אָרעמע יונגע נשמה! „דאָס איז דער נשמה־יונג" ווייזט איינער אין מיטן אויף מיר — אוים כוונה!

אַזוי האָב איך געליטן טאָג און נאַכט.

.15

גיטעלען האָט מען געהאַלטן פאַר א גרויסע חכמה: דער פאָטער פלעגט זי אַנדערש נישט רופן נאָר „חכמה מיינע"; שכנות פלעגן זאָגן, אַז זי איז קלוג ווי דער טאָג; ווען זי זאָל אזוי פרום זיין ווי קלוג זי איז, וואָלט געווען א פרייד פאַר איר מאַמען אין גן־עדן. מיין מאַמע פלעגט זי אויך שטענדיק לויבן, אַז זי איז א גרויסע מחוכמת, וואָלט זי נאָר בע־סער כשר געמאַכט פלייש, וואָלט זי זיך אַליין אַזאַ שנור געוווּנטשן.

און איינמאָל, אַז איך האָב נישט געטראָפן דעם לערער אין דער היים און גיטעלע איז אַליין געווען, איז מיר איינגעפאַלן, איך זאָל זיך מיט איר אָן עצה האַלטן איבער דער נשמה.

די פים האָבן אונטער מיר געציטערט, די הענט — געוואָרפן, דאָס האַרץ — געצאַפּלט, די אויגן האָב איך אַריינגעשטעקט אין דער ערד ווי א טריפה מעסער און האָב פאָרט געפרעגט: מען זאָגט, גיטעלע, אַז דו ביסט אַ קלוגע, זאָג מיר, איך בעט דיך, וואָס איז אַזוינס נשמה?

זי האָט געשמייכלט און געענטפערט:

— אסור, אויב איך ווייס!

נאָר פּלוצלינג איז זי טרויעריק געוואָרן, טרערן זענען איר געקומען אין די אויגן אריין.

— איך האָב מיך דערמאָנט — זאָגט זי מיר — אַז ווען דיר מאַמע, עליה־השלום, האָט געלעבט, האָט דער טאַטע שטענדיק געזאָגט, אַז זי איז זיין נשמה... זיי האָבן זיך אַזוי ליב געהאַט!...

איך ווייס נישט פון וואַנען עס האָט זיך צו מיר גענומען, נאָר איך האָב זי אין דער אייגענער רגע אָנגעכאַפּט ביי דער האַנט און געציטערט.

— גיטעלע, דו וואָלסט געוואָלט זיין מיין נשמה?

און זי האָט מיר גאַנץ שטיל געענטפערט: יאָ!

.16

און וויפל גליקן האָב איך אַלץ געהאַט!

אַ גליק, וואָס גיטעלע איז געווען א בת־יחידה, איך — א בן־יחיד

און ביידע יתומים, איז עס אונז לייכטער געווען צו פועלן; א גליק, וואָס דער לערער האָט צוזאַמענגעלייגט א פאָר הונדערט רובל נדן און מיין מאַמע האָט זיי גייטיק געהאַט אין געוועלבל אריין; א גליק, וואָס איך האָב פּלוצלינג באַקומען — און טאַקע גאָר אומזיסט — א שלעכטן שם, אַז איך וואַקס אַן אַפּיקורס און קיינער האָט מיך נישט געוואָלט אויפכאַפּן. און דאָס גרעסטע גליק איז געווען, וואָס איך בין געפאַלן אויף א שכל און האָב אונטערגעשיקט ציפּע די וואַטע־מאַכערן, א שדכנטע, א מויל אויף שרויפן, און האָב איר צוגעזאָגט גאָר באַזונדער צו געבן א סך געלט! פונדעסטוועגן האָט נאָך אַלץ די מאַמע געוויינט איבער מיר: אוי, ווען דיין טאַטע זאָל אויפשטיין פון קבר און זאָל זען מיט וועמען איך טו, וואָלט ער דאָך נאָכאַמאָל פון חרפּה געלייגט זיך אין קבר אריין.

דעמאָלט בין איך געפאַלן אויף א שכל; איך האָב ווייטער אין מיטן דער נאַכט אָנגעהויבן שרייען, איך בין נאָכאַמאָל געווען אויף יענער וועלט, נאָר דאָס מאָל שוין אָפּגעגעבן דער מאַמען א גרוס, אַז דער טאַטע באַשטייט אויפן שידוך.

און איך האָב געקריגן א נייע נשמה...

# ווענוס און שולמית


ין קלויז הינטערן אויוון זענען געזעסן צוויי ישיבה־בחורים, ח י י ם און ז ע ל י ק. ח י י ם האָט געלעזן הויך פון אַ געשריבן ביכל, און ז ע ל י ק הערט צו און פאַריכט אַ שוך מיט אַ פּראָסטער נאָדל־פאָדעם.

„...און שיין איז חנה געווען ווי ווענוס...”

— זאָג מיר, זעליק, איך בעט דיך, וואָס מיינסטו מיטן וואָרט ו ו ע נ ו ס? — האָט חיים אַ פרעג געטון.

— ווענוס איז אַ מיטאָלאָגישער גאָט — האָט אים זעליק געענטפערט, שמייכלענדיק אין שיך אַריין.

— וואָס איז אַזוינס מ י ט אָ ל אָ ג י ע?

— דאָס ווייסטו אויך נישט, חיים?... דו געדענקסט יענע וואָך איז געקומען צו פאָרן אַ משונהדיקע בריה מיט אַ לאַנגן פאַרטוך און אַ רויט מיצל, און האָט פאַרקויפט בזיל־הזול לאַקרעץ־פּלעצל מיט נאָך אַנדערע זיסע זאַכן?

— אהא!

— דאָס איז געווען אַ גרעק, און עס איז דאָ אַזאַ גאַנץ פאָלק, וואָס הייסט מיטן נאָמען „ג ר ע ק ן”.

— און אַלע פאַרקויפן לאַקרעץ־פּלעצל?

— גיי, דו נאַר, זיי האָבן זייער אייגן לאַנד — „ג ר י כ נ ל אַ נ ד”... די גרעקן זענען אַן אַלט פאָלק... זיי ווערן דערמאָנט אין ת נ ”ך. זייער לאַנד הייסט „אַ ר ץ י ו ו ן”, זיי אַליין — „י ו ו נ י ם”.

— וואָסער י ו ו ן? נישט פון דעם קומט אַרויס „איוואַן”?

— חס־ושלום! י ו ו נ י ם זענען נאָר גרעקן — „מ ל כ ו ת י ו ו ן”. אָט די יוונים זענען אַמאָל געווען זייער אַ שטאַרק און אַ געבילדעט פאָלק... דו האָסט אוודאי געהערט: אַ ר י ס ט ו, ס אָ ק ר אַ ט; זיי ווערן דאָך געבראַכט פון אונזערע חכמים, ווי פונעם ר מ ב ”ם. אַ ר י ס ט ו,

למשל, האָט געגלייבט, אַז די וועלט איז אַ קדמון... דאָס אַלץ זענען גרעקן, נאָר די גרעקן, כאָטש זיי זענען געווען געבילדעט, געקאָנט מאָלן, זעגן, שניצן און אַלע שיינע מלאכות, זענען זיי פּאָרט געווען פּראָס־טע געצן־דינער, האָבן זיי פּראָסט געדינט עבודה־זרה.

— או — וואַ!

— זעסט דאָך! און אָט די מעשיות, די ספּורים פון די געצן, פון די אָפּגעטער, הייסט מיטאָלאָגיע.

— אהאַ! נו, און וואָס איז ווענוס?

— אין דער מיטאָלאָגיע איז ווענוס די געטין פון שיינקייט...

— וואָס הייסט געטין?

— פאַרשטייסטו: ביי זיי האָט יעדער פאַך, יעדע מלאכה אַ באַ־זונדערן גאָט. ווי, למשל, מען זאָגט ביי אונז, אַז יעדע אומה האָט איר שר... למשל שניצעריי, פּאָעזיע, שיינקייט, געזונטהייט, גבורה...

— האָט דאָס אַלץ געטער? נאָר וואָס מיינט מען געטין? אַ קליין געטל?

— ניין, גאָט איז אַן „ער". געטין איז אַ „זי".

— האַ? נקבות? זיי האָבן אריינגעזעצט אין הימל אריין נקבות?

— ע, חיים, פאַרוואָס מעגער יאָ און נקבות נישט?

— אמת; איך האָב אָבער געמיינט, זעליק, אַז געטער דאַרפן זיין נישט זכרים און נישט נקבות...

— דו מוזט וויסן, חיים, אַז די גרעקישע געטער זענען גליך צו מענטשן; דער חלוק איז נאָר דאָס, וואָס זיי לעבן אייביק. דערפאַר האָבן זיי גליך ווי מענטשן־קינדער ווייבער און פּלגשים, נאָר שטאַרבן קענען זיי באין אופן נישט! אָט, למשל, דער העכסטער פון זיי, יופּיטער אליין, דער גרעסטער גאָט, וואָס האַלט דעם דונער אין דער האַנט און אַלע געטער ציטערן פאַר אים אימת־מוות; ער אַליין איז פונדעסטוועגן אַ פאַנטאָפל, אַ גאַרנישט ביי זיין ווייב יונאָנאַ, ווי אַ פּראָסטער מלמד ביי דער רביצן. איך האָב דיר שוין אַמאָל דערציילט פון דעם פילאָזאָף סאָ־קראַטעסעס ווייב, פון דער מרשעת קסאַנטיפּע; זי איז געווען אַ הונט קעגן דער יונאָנאַ! היינט שטעל דיר פאָר, וואָס פאַר אַ צרות יופּי־טער האָט געליטן; ער האָט זיך אוודאי צען מאָל אין טאָג געוווּנטשן דעם טויט... נאָר ניין, שטאַרבן קאָן ער נישט!

— הכלל — וועגוס?

— אַט וועגוס איז די געטין פון שיינקייט! אצינד וועל איך דיר פאַרלעזן איר געשיכטע.

זעליק האָט אַוועקגעלייגט דעם האַלב־פאַריכטן שוך, ארויסגעשלעפּט אַ ברודיק פּאַפּיר פון בוזעם און אָנגעהויבן לעזן:

— וועגוס, אַפראָדיטאַ, אַפּאָגענעאַ, פּאָנ־טאַנעגעאַ, אַנדיאַמעטאַ...

— דאָס איז דייטש? איך פאַרשטיי דאָך נישט קיין וואָרט — האָט זיך חיים געוווּנדערט.

נאַרעלע, דאָס זענען די נעמען, וואָס וועגוס האָט געהאַט אין פאַרשידענע ערטער אין גריכנלאַנד און דערנאָך אין רוים.

זי האָט מער נעמען ווי יתרו; וואָס טויגן מיר די נעמען, לייען די מעשה בעסער!

זעליק לעזט:

„אונטער די פאַרשידענע נעמען איז וועגוס געווען הייליק אין די פאַרשידענע שטעט אַלס געטין פון דער ליבע".

— שוין נישט שיינקייט?

— אַלץ איינס! „זי איז נישט געבאָרן געוואָרן פון אַ מאַמען, זי איז ארויסגעשפּרונגען פון ים, זי איז אַ בילד־שיינע נקבה, זייער אַ רייצנדע..."

— אַ רייצנדע? וואָס הייסט דאָס?

— דאָס הייסט זי האָט יעדן נערייצט, אויפגעקאָכט דאָס בלוט, וכדומה.

— אהא!

— „זי האָט מען פאַרגעשטעלט גאַנץ אָדער האַלב נאַקעט..."

— פע!

— „איר מאַן איז געווען וווּלקאַן..."

— וואָס איז דאָס פאַר אַ מין חיה?

— אויך אַ גאָט, דער גאָט פון פייער... ענלעך צו אונדזער תובל־קין; ער האָט דערפונדן די מלאָכה פון אייזן קאָוועז, דאָס הייסט אין דייטש די „שמידע־קונסט", פאַרשטייסט?

— אַביסל.

— „נאָר מיט אים האָט זי קיין קינדער נישט געהאַט...

— געטער גטן זיך נישט און האָבן חתונה אָן חופּה וקדושין. „דערפאַר אָבער האָט זי געהאַט קינדער מיט אַנדערע געטער און מיט מענטשן אויך".

— ווי הייסט? גלאַט אזוי, ממזרים, הייסט עס?

— זיי־זשע נישט קיין שוטה, חיים! אז געטער זענען פּטור פון חופּה, קדושין און גט, איז ביי זיי נישטאָ קיין ערווה און קיין ממזרים...

— יאָ, אוודאי, אז מען וואַשט זיך נישט, דאַרף מען נישט בענטשן; דו זאָגסט דאָך אָבער מיט מענטשן אויך?...

— נו, וואָס זשע איז? הלמאי אונזערע בני־אלהים, וואָס זענען דערמאָנט אין פּסוק...

— נו, נו, לייען ווייטער.

„מיט מ א ר ס ן האָט זי געהאַט צוויי קינדער..."

— ווי זאָגסטו? מ ר ס צי מ ר ס נ א ?

— נישט מרס, נישט מרסנא, נאָר מיט מארסן, מיטן גאָט מארס, דאָס איז דער „איש מלחמה", דער גאָט פון מלחמות, דער קריגס־גאָט...

— „צוויי מיט באַקכוסען, מיטן גאָט, וואָס האָט צו שאַפן איבער ווייַן און אַנדערע משקאות".

— דאָס מוז זיין אַ מין ל ו ט, אַ גוטער שיכור...

— „צוויי מיט מ ע ר ק ו ר"...

— ווער איז דער?

— מערקור איז דער גאָט פון גנבים, סוחרים, משולחים!

— זייער אַ געמיינער שידוך.

— מיט איינעם אַ נ כ י ז ע ס, אַ פּראָסטן בשר־ודם, האָט זי זיך געטראָפן ערגעץ נעבן אַ טייך, זייענדיק פאַרשטעלט אין אַ פּאַסטושקע; פון דעם וויזיט איז געבוירן געוואָרן אַ יינגל... אמאָל האָט זיך איר גע־טראָפן אַזאַ מעשה: עס האָט זי נאָכגעיאָגט אַ חברה רוצחים — האָט זי זיך באַהאַלטן אין אַ הייל און האָט גערופן ה ע ר ק ו ל ע ס ן".

— ווער איז דאָס?

— דאָס איז אַ שטאַרקער גאָט, נישט אַפילו אַ גאַנצער נאָר אַ האַלבער גאָט; איינער אַליין האָט ער אויסגערייניקט אין איין טאָג 36 פערד־שטאַלן...

— ווייטער, ווייטער, זעליק; עס הויבט שוין אָן צו נודען און קאַ־פּויר צו גיין, כ'לעבן.

— „הערקולעס איז געקומען אין דער הייל אריין, ער האָט אריינ־געלאָזט די רוצחים איינציקווייז, איינעם נאָכן אנדערן, מען האָט זיי צו־רעכט געמאַכט"...

— פע, חלשות!

— „די ווענוס פלעגט זיך שטאַרק נוקם זיין אין די, וואָס האָבן געלאַכט אוים דער ליבע. איינוווינער פון שטעט האָט זי פארוואנדלט, דאָס הייסט מגלגל געווען, אין אָקסן".

— גענוג! — האָט חיים אויסגעשריען, אויפשפרינגענדיק, — עס קערט זיך די גאַל! ווענוס, אַ געטין, כאַ, כאַ, כאַ! געהאַט טויזנט מענער, געהרגעט, געשטאָכן, געקוילעט — נאוף, זנות, רציחה, פע!

חיים האָט אויסגעשפּיגן און זעליק איז אויפגעשטאַנען אין איין צאָרן.

— ע! — האָט זיך זעליק אָנגערופן באַליידיקט — דו ווייסט וואָס דו רעדסט און וואָס דו שפייסט... דו נעמסט אַ טייער, שיין מלבוש, און טוסט עס אָן אויף דער לינקער זייט, דרייסט איבער דעם ספּאָדעק און מאַכסט אַ פּורים־שפּיל!... ווענוס איז נאָר אַ משל, אַזאַ מין אידעאַל, אויף אַזאַ'ן אַרט, למשל, ווי אין שיר־השירים ש ו ל מ י ת...

— אַקוראַט, כאַ, כאַ, כאַ! שעמען מעגסטו דיך, זעליק! פּונקט גלייך! שולמית אין שיר־השירים איז אַ געזונטע, אַ פרישע, אַ שטיק אייזן! די ברידער האָבן איר געהייסן היטן זייערע וויינגערטנער, האָט זי איר וויינגאָרטן נישט געהיט; דאָס פּנים איז איר אָנגעברענט, נאָר זי איז נישט קיין ציגיינערן; דער האלדז איז וויים ווי מירמלשטיין; זי שמעקט מער, ווי אַלע פעלדער, וועלדער און גערטנער צוזאַמען. זי קוקט נישט אַראָפּ פאַר בושה און בלאָזט זיך נישט, ווי אַן אינדיק; זי קוקט גלייך, זי האָט זיך נישט וואָס צו שעמען. זי האָט אַזוינע גוטע, וואַרעמע האַרציקע אויגן, ווי צוויי גוטע טויבן! און ליפּן האָט זי — צוויי דינע, רויטע פעַ־דעם. און זי שנירט נישט דאָס פּיסקל און מאַכט נישט קיין מיאוסע הוויות; זי רעדט גלייך, און האָניג גיסט זיך איר פון מויל!... אַז דו זעסט זי, קומט דיר קיין שלעכטער געדאַנק נישט אַריין אין קאָפּ; גאָר פאַר־קערט: דו פאַרלירסט גאָר די געדאַנקען. זי גיט אויף דיר אַ קוק מיט איין

אויג, לאָזטו דיינע אראָפּ ווי אַ גנבֿ; דיין האַרץ אין דיר הויבט אָן ציטערן און צאַפּלען, ווי אַ געקוילעטער האָן. זי איז איינפאַך, ריין און ציכטיק, ווי ערשט געפאַלענער שניי! אָט קומט אָן דער זומער, אַ ניי לעבן אויפן פעלד און אינעם גאָרטן, די טורקל־טויב הויבט אָן צו ברומען, די בלומען הויבן אָן שפּראָצן, דער פייגנבוים בליט, די ווייַנטרויבן בלישטשען! אַלץ ווערט אויפגעלעבט, אַלץ האָט זיך אויפגעכאַפּט צו נייעם לעבן און איר האַרץ האָט דערפילט אַ ניי געפיל! פּלוצים איז דאָס געפיל געקומען און באַלד מיטן גאַנצן שרעקלעכן כּוח! שטאַרקער ווי דער טויט איז איר ליבע, טיפער ווי דאָס גיהנום איז איר קנאה. און איר ליבע איז אייביק, טייכן וועלן זי נישט פאַרפליסן, דער ים אליין וועט זי נישט פאַרלעשן... און ליב האָט זי נאָר איינעם: אַ יונגן, שיינעם פּאַסטוך; זי ווייסט נישט, אַז דער פּאַסטוך טראָגט אַ קרוין אויפן קאָפּ, אַז ער איז דער גרעסטער מלך אויף דער וועלט! זי איז פּראָסט, אָפן און ערלעך, זי קאָן נישט שפּילן קיין ראָמאַן, קיין „טשיטשיבאַבע", איר טוט וויי, וואָס ער איז נישט איר ברודער פון איין טאַטן און פון איין מאַמען, זי זאָל אים קאָנען קושן פראַנק און פריי אין אַלע גאַסן! אָט! דאָס איז שולמית! דאָס איז, ווי דו זעסט, אַן אידעאַל פון אַן אמתער יידישער טאָכטער, וואָס האָט אַ טאַטן און אַ מאַמען, נישט ווי דיין וועגנס די אויסגעלאַסענע.

— דו פאַרגעסט אָבער איין זאַך — האָט אים איבערגעשלאָגן זעליק

— דו פאַרגעסט, אַז דאָס אַלץ, דאָס הייסט די מיטאָלאָגיע איז נאָר משלים; דערונטער שטעקן פילאָזאָפישע און רעליגיעזע געדאַנקען.

— אדרבא, פאַרקערט! גאָר פאַרקערט די סברא! ווי פאַרקליידט מען הויכע געדאַנקען אין נידעריקע משלים? ווי פאַרבינדט מען בריליאַנטן אין אַ ברודיקער שמאַטע? און וואָס הייסט? צי איז דען ביי אונדז יידן שיר־השירים נישט קיין משל? איז דען נישט שלמה דער רבונו של עולם אַליין, דער מלך שהשלום שלו? און שולמית איז דען נישט די כנסת ישראל? די ריינע, נאָר פאַרשוואַרצטע כנסת ישראל?! נאָר סודות אהין, סודות אהער, שולמית איז טאַקע שולמית, און וועגנס, להבדיל אלף אלפי אלפים הבדלות, איז אַזוינס, וואָס איז נישט ווערט די רייד! הערסטו, זעליק, ימח שמה!!! מעק אויס איר נאָמען פון דיין ספר און שרייב — ווי הייסט דאָס מיידל, וואָס דו באַשרייבסט? חנה, דאַכט זיך?

— חנה.

— נו, שרייב, אז זי איז אזוי שיין געווען, ווי... אָדער ניין, שרייב נישט! הערסטו! זאָלסט דיך נישט דערוועגן, עס וואָלט געווען א העזה פון דיר; לאָז דיין חנה מיט די פיסלעך, ווי די שפּילקע־קעפּלעך גלייך זיין צו וועמען דו ווילסט, צו מרימען מיט דער פּויק, צו אביגילן, צו רחבן, צו דלילהן, לאָז זיין צו וועמען דו ווילסט, אפילו צו אסתר המלכה; נאָר נישט צו שולמית, קיינע קאָן נישט גלייך זיין צו איר, קיינע נישט, הערסט?!... —

# אין פּאָסט־וואָגן

א


ר האָט מיר אַלץ דערציילט אויף אַמאָל, אין איין אָטעם, אין איין מינוט כמעט, בין איך געוואָר געוואָרן, אַז ער איז חיים, יונה הרוביעשוויוערס איידעם, בערל קאָנסקיוואָלערס זון, און אַז דער לובלינער גביר מערענשטיין, געהער אים צו אַ פעטער פון דער מוטער, עליה השלומס צד. נאָר דער פעטער זיינער פירט שוין כמעט אַ גוייש הויז; טריפות, ווייסט ער נישט אויב מ׳עסט, נאָר אומגע־וואשן — האָט ער אַליין געזען...

עס איז עפּעס, זאָגט ער, אַנדערע מאָדנע ברואים: לאַנגע האַנטוכער ליגן אויף די טרעפּ. איידער מען גייט אַריין, מוז מען געבן אַ קלונג; אין שטוב זענען אויסגעשפּרייט געמאָלטע טישטעכער... מענטשן זיצן ווי אין אַ תפיסה, גייען שטילערהייט ווי גנבים... בכלל, זאָגט ער, איז ביי זיי שטיל ווי רחמנא ליצלן צווישן טויב־שטומע...

זיין ווייב האָט אַזאַ מין משפּחה אין ווארשע. נאָר צו זיי קומט ער נישט; גלאַט זיי זענען קבצנים אויך — „וואָס טויגן זיי מיר? האַ?"..

ביים לובלינער פעטער איז נישט ווי גאָט האָט געבאָטן, איז ער וויניקסטנס אַן עושר. נו, אַז מען רייבט זיך נעבן אַ פעטן, ווערט מען אויך פעט; וווּ מען האַקט האָלץ, פאַלן שפּענער, וווּ עס איז אַ סעודה, קאָן מען אָפּלעקן אַ ביין... אָבער דאָרט — קבצנים!

ער ריכט זיך אפילו מיט דער צייט צו קריגן אַ שטעלע ביים לוב־לינער פעטער. די געשעפטן, זאָגט ער, זענען שלעכט. היינט האַנדלט ער מיט אייער, ער קויפט זיי אין די דערפער און שטעלט זיי אָפּ קיין לובלין. פון דאָרט גייען זיי קיין לאָנדאָן... מען זאָגט, אַז דאָרט ליינט מען זיי אין קאַלך־אויוון אַריין און עס קומט פון זיי אַרויס הינער.. „עס מוז זיין אַ ליגן... די ענגלענדער מוזן גאַנץ איינפאַך ליב האָבן אייער!", נאָר סיי־ווי־סיי — דאָס געשעפט איז דערוויילע דערשלאָגן...

אַלץ בעסער דאָך ווי תבואה! תבואה איז גאָר געהרגעט. באַלד נאָך דער חתונה איז ער געוואָרן אַ תבואה־סוחר. ער איז געווען אַ לערן־קינד, האָט מען אים צוגענומען אַ שותּף אַן אַלטן סוחר... דער סוחר, האָט אים אויסגעמאַכט דאָס אויער, פּשט פּשוט געפּריצעוועט...

ב.

אינעם פּאָסט־וואָגן איז פינצטער, איך האָב חיימס פּנים נישט געזען, און, עד היום ווייס איך נישט, ווי אַזוי ער האָט אין מיר אַ ייד דערקענט... אַז ער איז איינגעשטיגן, בין איך געזעסן אין ווינקל און געדרימלט, זיין קול האָט מיך ערשט אויפגעוועקט... פון שלאָף רעד איך נישט... אפשר האָב איך אַ ייִדישן קרעכץ געגעבן? אפשר האָט ער דערפילט, אַז מיין קרעכץ און זיין קרעכץ זענען איין קרעכץ?

ער האָט מיר אַפילו דערציילט, אַז זיין ווייב קומט אַרויס פון וואַרשע, אַז עד היום שמעקט איר נישט קאָנסקיוואָליע...

— געבוירן, פאַרשטייט איר מיך, איז זי אין הרוביעשאָוו, נאָר דערצויגן געוואָרן איז זי אין וואַרשע: ביי דער טריפּהנער משפּחה דאָרט, אַ יתומה געווען...

אין וואַרשע האָט זי זיך אָנגעשמעקט מיט אַנדערע זאַכן. זי איז אַ גרויסע בריה אין פּוילישן; דייטשישע אַדרעסן לייענט זי ווי אַ וואַסער. זי זאָגט אַפילו, אַז זי קאָן שפּילן, נישט אויף אַ פידל, נאָר עפּעס אויף אַן אַנדערע מאָדע כלי...

— און איר ווער זענט? כאַפּט ער מיך פּלוצלינג אָן ביי דער האַנט.

פון שלאָפן איז שוין נישט געווען וואָס צו רעדן, און אָנגעהויבן אינטערעסירן האָט ער מיך שוין אויך. עפּעס אַ מעשה, אַ קליינשטעטלדיקער יונגער מאַן, אַ ווייבל, אויפגעצויגן אין וואַרשע, דאָס קליינע שטעטל שמעקט איר נישט... פון דעם קאָן עפּעס זיין, טראַכט איך, מען דאַרף געוואָר ווערן אַקוראַט, עפּעס צוליגן, וועט זיין אַ ראָמאַן... וועל איך באמת צוברעקן אַ מין גזלן, אַ קאַטאַרזשניק, אַריינהאַקן אַ פּאָר באַנקראָטן און צורייסן אַ פּיפּערנאָטער, וועל איך אויך זיין אינטערעסאַנט.

איך בויג מיך צו, צו מיין שכן און זאָג אים ווער איך בין.

— אַזוי, זאָגט ער, איר זענט עס טאַקע, איר אַליין... און זאָגט

מיר, איך בעט אייך, ווי נעמט עס אַ מענטש צייט און קאָפּ, זיך אויסצו־קלערן מעשות...

— איר זעט דאָך!

— איך ווייס? האָט איר געמוזט אַ גרויסע ירושה קריגן און איר לעבט פון פּראָצענט.

— חס ושלום, מיינע עלטערן לעבן, ביז הונדערט און צוואַנציק יאָר...

— האָט איר געמוזט אויף דער לאָטעריע געווינען!

— אויך נישט...

— וואָס דען?

איך האָב אים באמת נישט געוווסט וואָס צו ענטפערן...

— האָט איר פון ד ע ם פּרנסה?

איך ענטפער אַן אמת יידישע תשובה: בע!

— און דאָס איז אייער גאַנצע פּרנסה, גאָר אָן אַ צושפּרונג?

— דערווייל...

— אָ וואָ! וואָס האָט איר, איך בעט אייך, דערפון?

— זייער ווייניק!

— א ו י ך טויט?

— געהרגעט...

— שלעכטע צייטן, זיפצט מיין שכן.

אַ פּאָר מינוט איז שטיל געווען, מיין שכן קאָן דאָך לאַנג נישט רוען:

— זאָגט מיר, איך בעט אייך, נאָך וואָס טויגן די מעשות?

— איך מיין נישט א יי ד, חלילה, — פאַרבעסערט ער זיך — חס ושלום, אַ ייד דאַרף פּרנסה. צאַפּט ער פון דער וואַנט; דאָס איז ביי מיר גאָר קיין קשיא נישט... וואָס טוט נישט אַ ייד פאַר פּרנסה? אָט, האָב איך נישט געקריגן קיין געלעגנהייט, פאַר איך מיט דער פּאָסט, גאָט ווייסט אויב איך זיץ נישט אויף שעטנז. נאָר דעם עולם מיין איך, וואָס טויגן זיי די מעשות? וואָס פאַר אַ תכלית שטעקט דערינען? וואָס שרייבט מען אין די ביכלעך?

ער וואַרט נישט אויף תשובה און ענטפערט זיך אליין: —

— עס מוז גלאט זיין אזא מאָדע, א מ י ן קרינאָלינע, א קשיא אויף ווייבער!

— און איר, פרעג איך אים, איר האָט נאָך ק יי נ מ א ל נישט געלעזן די ביכלעך?

— א יי ך מעג איך דאָך זאָגן, איך האָב יאָ אפילו א שטיקל ידיעה דערפון... אָט אזוי גרויס...

ער האָט מיר אוודאי אָפּגעמאָסטן א שטיקל אויפן פינגער, א נאָגל מיט א שטיקל פלייש צו, נאָר עס איז פינצטער געווען.

— עס האָט אייך פאָרט אינטערעסירט?

— מיך? חס ושלום! אַלץ מיין ווייב! די מעשה דערפון, פאַר־שטייט איר, איז אזוי געווען: עס וועט זיין א יאָר 5־6, טאָקע 6, א יאָר נאָך דער חתונה — מיר האָבן נאָך קעסט געגעסן... האָט זיך עפּעס גע־מאכט, אז מיין אשה איז נישט געווען אינגאנצן; נישט חלילה קראַנק, זי איז אַרומגעגאנגען, נאָר אזוי, נישט בקו הבריאה..

איינמאָל פרעג איך זי, וואָס איז איר...

— אייגנטלעך, — כאַפּט ער זיך צוריק, — ווייס איך נישט, נאָך וואָס איך דול אייך דעם קאָפּ מיט אזוינע זאכן...

— אדרבא, — זאָג איך אים, — דערציילט, ר׳ קרוב...

מיין שכן לאַכט:

— מען דאַרף שטרוי אין מצרים? א י ר דאַרפט מיינע מעשות, איר קאָנט אייך נישט א ו י ס ק ל ע ר ן אליין?

— דערציילט, ר׳ קרוב, דערציילט...

— איר שרייבט, אפנים, פאַר יענעם ליגן, און פאַר זיך ווילט איר אמת?

אז מען זאָל שרייבן א מ ת, פאַלט אים גאָר נישט איין...

— נו, מאכט ער, זאָל זיין אזוי...

ג.

— נו — דערציילט מיין שכן — עס איז קיין בושה נישט: אין א באזונדער חדר האָבן מיר געוווינט, א יונגער מאַן בין איך געווען, מער צוגעלאָזט צו אזוינע זאכן — פרעג איך ז י, וואָס עס איז איר, לאָזט זי אַרוים א געוויין...

איך האָב אויף איר שטאַרק רחמנות געהאַט. אויסער דעם, וואָס זי איז, קיין עין הרע, ביז הונדערט און צוואַנציק יאָר, מיין ווייב — איז זי נאָך — א י ת ו מ ה . . . און אין דער פרעמד, טאַקע עלנט!

— ווי הייסט עלנט? — וווּנדער איך מיך.

— מיין מאַמע, עליה השלום, איז, פאַרשטייט איר, נפטר געוואָרן, א יאָר־צוויי פאַר מיין חתונה, און מיין טאַטע, עליו השלום, האָט שוין קיין אַנדער ווייב נישט גענומען.

מיין מאַמע, זכותה יגן עלינו, איז געווען אַן אשה צנועה, און מיין טאַטע האָט זי נישט געקאָנט פאַרגעסן... נו, א יי ן יידענע אין שטוב... דער טאַטע אַליין, עליו השלום, האָט קיינמאָל קיין צייט נישט געהאַט... כמעט א גאַנצע וואָך אויף די דערפער געווען, ער האָט געהאַנדלט מיט כל המינים, וואָס איר ווילט נאָר — אייער, פּוטער, שמאַטעס, חזיר־האָר, לייוונט.

— און איר?

איך בין געזעסן אין בית־המדרש און געלערנט... נו, א ווייבל אַליין, — האָב איך גערעכנט, — האָט זי מורא... ווי קומט אָבער ווינען דערצו? „ניין" — זאָגט זי — „זי נודזיעט זיך"... נודזיעט זיך? וואָס הייסט דאָס?

געזען האָב איך, אַז זי גייט אַרום ווי איינער אין שלאָף. אַמאָל רעדט מען צו איר און זי הערט נישט, אַמאָל פאַרטראַכט זי זיך און קוקט אויף דער וואַנט, און קוקט, און קוקט... אַמאָל מאַכט זי מיט די ליפּן, און מ'הערט נישט איר קול... נאָר וואָס הייסט נודזיען זיך? אַלץ ווייבערי־שע זאַכן. אַן עם לא היה די נשים... א ייד, א מאַנסביל נודזיעט זיך נישט... א ייד האָט גאָר קיין צייט נישט זיך צו נודזיען, א ייד איז הונגעריק אָדער זאַט; אָדער אַן עסק, אָדער אין בית־המדרש, א ניט שלאָפט ער... האָט מען שוין ג אָ ר צייט, רויכערט מען א לולקע־ציבוך — אָבער נודזיען זיך?

— פאַרגעסט נישט, — זאָג איך אים, — א יידענע אַן תורה, אַן קהלשע זאַכן, אָן תרי"ג מצוות...

— דאָס איז טאַקע די מעשה; איך האָב מיך טאַקע באַלד אָנגעהויבן שטויסן, אַז נודזיען זיך איז א מין ליידיק־גיין, א מ י ן ב ט ל ה וואָס מ'ווערט שיר משוגע דערביי. אונדזערע רבותים האָבן שוין דאָס לאַנג געזען ברוח הקודש... איר קענט די קליינע אותיות? הבטלה מביאה לידי

שעמום! על פי דין טאָר קיין ווייבל נישט גיין ליידיק, זאָג איך איר טאקע: טו עפּעס! זאָגט זי, זי וויל „לעזן"!

„לעזן" איז אויך ביי מיר געווען א משונה וואָרט... געוווסט, אַפילו, האָט מען שוין, אז ביי די, וואָס לערנען זיך שרייבן, הייסט לערנען „לעזן", להבדיל, ביכלעך מיט צייטונג. איך האָב אָבער נאָך דעמאָלט נישט געוווסט, אַז זי איז אזא מלומדת... זי פלעגט מיט מיר וויניקער רעדן ווי איך מיט איר! זי איז אַפילו א הויכע יידענע, נאָר פלעגן פלעגט זי האלטן דעם קאָפּ אראָפּ, די ליפּן פארביסן, גלייך זי קאָן קיין צוויי נישט ציילן... זי איז בכלל געווען א שטילע... א שאָף! און שטענדיק איז איר אויפן פּנים געווען אויסגעגאָסן אזא מין פארזאָרגעניש — גלייך עס וואָלט איר א שיף מיט זויער־מילך אונטערגעגאנגען... זי וויל — זאָגט זי — לעזן. און וואָס? פּויליש, דייטש... זאָל זיין עברי־טייטש, אבי לעזן...

און דאָ איז אין קאָנסקיוואָליע קיין זכר פון קיין ביכל נישטאָ! רחמנות האָב איך אויף איר, אָפּזאָגן קאָן איך איר נישט... זאָג איך איר צו, אז ווען איך וועל זיין ביים פעטער אין לובלין, וועל איך איר ברענגען ביכלעך...

— און ד ו האָסט גאָרנישט? — פרעגט זי.

— איך? חס ושלום!

— וואָס דען טוסטו גאנצע טעג אין בית־המדרש?

— איך לערן!

— איך וויל אויך לערנען, — מאכט זי!

איך גיב איר צו פארשטיין, אז גמרא איז, להבדיל, קיין מעשה־ביכל נישט, אז זי איז נישט פאר ווייבער, אז עס איז גאָר דאָ א דעה אין דער גמרא, אז נקבות, טאָרן נישט לערנען, אז גמרא איז ל ש ו ן־ק ו ד ש...

עס האָט אָבער נישט געהאָלפן! מ'זאָל וויסן דערפון אין קאָנסקיוואָליע וואָלט מען מיך פארשטיינערט, און זיי וואָלטן גערעכט געווען! איך וועל אייך נישט לאנג ברייען, איך וועל אייך דערציילן קורץ און בקיצור, זי האָט אזוי לאנג מיך געבעטן, געוויינט, געחלשט; אזוי לאנג, אזוי ברייט, ביז זי האָט געפּועלט. איך פלעג מיך יעדע נאכט אנידערזעצן און פארטייטשן איר א בלאט גמרא...

איך האָב אָבער פריער געוווסט דעם סוף...

— און דער סוף איז געווען?

— פרעגט גאָרנישט... איך האָב איר איבערגעזעצט א בלאַט „ארבעה אָבות נזיקין"... השור והבור, והמבעה, וההבער... און טאַקע מיט רש"י, מיט תוספות, מיט מהרש"א... איך האָב געקנאַקט, און זי — איז דערביי נאָכט אויף נאָכט איינגעשלאָפן... עס איז נישט פאַר קיין יידענע!

א גליק האָט מיך געטראָפן, אז אין דער גרויסער זאַוויערוכע, וואָס עס איז אין דעם יאָר געווען, האָט זיך א פּאַקנטרעגער פאַרבלאָנדזשעט קיין קאָנסקיוואָלע. האָב איך איר אהיימגעבראַכט א פּוד, א גאַנץ פּוד מעשה ביכלעך... אַצינד ווייטער איז געוואָרן פאַרקערט... זי האָט מיר געלייענט, און — איך בין איינגעשלאָפן...

און עד־היום — מאַכט ער — ווייס איך נישט, נאָך וואָס עס טויגן די מעשה־ביכלעך, פאַר מאַנסבילן אוודאי נישט! אפשר שרייבט איר נאָר פאַר ווייבער?

## ד.

דערווייל האָט אָנגעהויבן טאָגן...

אין דער טונקעלער בויד האָט אויפגעטויכט מיין שכנס געל, לאַנג און דאַר פּנים; א פּאָר אונטערגעשלאָגענע, מידע, רויטע אויגן.

ער האָט געוואָלט, א פּנים, זיך נעמען צו דאַווענען פון פּאַרנט; ער האָט געווישט די פּאַרטוי'טע שויב פון פּאָסטוואָגן, נאָר איך האָק אים איבער:

— זאָגט נאָר, איך בעט אייך, ר' קרוב, האָט אויף מיר קיין פאַריבל נישט, הײַנט איז שוין אייער ווייב צופרידן?

— ווי הייסט צופרידן?

— זי נודזיעט זיך נישט מער?

— זי האָט היינט א „שטעל" מיט זאַלץ און מיט הערינג... איין קינד ביי דער ברוסט... צוויי — צו קעמען און צו וואַשן!... מיט נעזלעך שנייצן איז זי יוצא פאַר א טאָג...

ער ווישט נאָך אַמאָל די שויב, איך שטער אים ווייטער —

— זאָגט נאָר ר' קרוב — ווי זעט אויס אייער ווייב?

מיין שכן שטעלט זיך אויף, וואַרפט אויף מיר א זייטיקן בליק, באַטראַכט מיך פון קאָפּ ביז די פיס און פרעגט מיך שטרענג:

— וואָס איז, איר קענט מיין ווייב! פון וואַרשע, וואָס?

— חלילה, ענטפער איך אים, איך מיין גלאט, טאָמער בין איך אין קאָנסקיוואָליא, ווייל איך זי דערקענען...

— איר ווילט זי דערקענען! שמייכלט ער בארואיקט, מהיכי תיתי! האָט איר א סימן: זי האָט א פעפער אויף דער לינקער זייט נאָז!

ה.

דער ייד איז אראָפּגעקראָכן פון פּאָסטוואָגן, ער האָט זיך מיט מיר געזעגנט, שטייענדיק שוין אויפן שטאָפּל, פון דער ווייטנס, און גאָר קאַלט.

ער איז מיך, אפּנים, חושד, אז איך קען פאָרט זיין ווייב, און אפשר אז איך געהער צו זיין טרפהנער משפחה!

איך בין געבליבן איינער אליין, נאָר פון שלאָפן איז שוין נישט געװעזן וואָס צו רעדן. דער פרישער מאָרגן האָט מיך דורכגענומען; מיין ליטעראַרישער פּאַלטאָ איז אונטערגעשלאָגן מיט ווינט, און דער קילער מאָרגן גנבעט זיך מיר אריין אין אלע גלידער. איך האָב מיך צוריק פאַררוקט און אָנגעשפּאַרט אין ווינקל. דרויסן האָט אָנגעהויבן שיינען די זון. עס קען זיין, אז איך בין געפאָרן אין א הערלעכע געגנט. די ערשטע שטראַלן פון דער זון, האָבן אפשר זיך הערצלעך געקושט מיט שפּיצן פון בערג, מיט גרינע בוימער, און אפשר געגליטשט זיך אויף א שפּיגל־בלאָען טייך... איך האָב דאָך די העזה נישט געהאט צו עפענען דאָס קליינע פענצטערל...

א יידישער ליטעראַט האָט דרך ארץ פאַר קעלט; איך האָב מיך גענומען „אויסצוקלערן", ווי דער ייד זאָגט, א מעשה. דאָך אנדערע מחשבות האָבן מיר איבערגעשלאָגן...

צוויי פאַרשידענע וועלטן, א מאַנישע וועלט, און א ווייבערישע וועלט... א וועלט מיט „ארבעה אָבות נזיקין", און א וועלט מיט מעשה־ביכלעך, וואָס מען קויפט אויפן פּוד!

לעזט ער, ווערט זי אַנטשלאָפן; לעזט זי, ווערט ער אַנטשלאָפן... ווייניק האָבן מיר כתות... ווייניק צעפאַלן מיר אויף „פראַנצויזישע נעז", „ענגלישע שטעקן", „דייטשע יערגעס", „ליטווישע חזירים", „פּוילישע שנאָרער", „ארץ־ישראל שלעפער"... ווייניק אז יעדעס א ב ר פון אונדזער גוף ליגט אין אן אנדער שטאָל, און האָט אן אנדערן קלינגענדיקן ביי־נאָמען; ווייניק וואָס יעדעס איבר צעפאַלט נאָך אויף פאַרשידענע חלקים: חסידים, מתנגדים, דייטשן... שפּאַלטן מיר זיך נאָך, אויף זכרים

און נקבות... און יעדערער איינציקער יידישער, ענגער, נאסער, ברודיקער שטוב, מוזן אויך זיין צוויי באזונדערע וועלטן...

לעזט ער — ווערט זי אנטשלאָפן, לעזט זי — ווערט ער אנט־שלאָפן.

מען וואָלט געדאַרפט, טראַכט איך, על־כל־פּנים די צוויי וועלטן צו פאַרייניקן...

דאָס איז דער חוב פון יעדן יידישן שרייבער... נאָר די יידישע שרייבער האָבן צופיל אייגענע חובות... מען זאָל וויניקסטנס האָבן א צו־שפּרונג צו דער פּרנסה...

---

מיין קלערן איבער א צושפּרונג צו דער פּרנסה האָט איבערגעהאַקט דער פּאָסטיליאָן מיט עטלעכע שאַרפע טענער. איך בין דאָך נישט אַראָפּ־געגאַנגען פון וואָגן, עס איז מיר אביסל וואַרעמער געוואָרן, די זון האָט אָנגעהויבן צו ווייזן, אז זי איז נישט קאַרג.

איך האָב ווייטער געקריגן א שכן, נאָר ביים ליכטיקן מאָרגן האָב איך אים גוט געזען און אפילו דערקענט. עס איז געווען מיינער אן אַל־טער באַקאַנטער, מיר האָבן קינדוויז צוזאַמען זיך געגליטשט, אָפּט גע־שפּילט אין בעקן־ברויט, כמעט חברים געווען... דערנאָך בין איך געגאַנ־גען אין ברודיקן פינצטערן חדר אריין, און ער אינעם ליכטיקן פרייען גימנאַזיום...

אז איך האָב נישט געקענט, האָט מען מיך געשמיסן, פאַר טרעפן דעם מהרש״אס קשיא — געקניפּן אין בעקל, סיי ווי סיי האָט מיר וויי געטון; ער איז אַמאָל געזעסן אין קאַרצער און אַמאָל געקריגן פינפן... איך האָב מיר דעם קאָפּ געבראָכן איבער קתא דמגלא, און ער — איבער גריכישע און לאַטיינישע ציין־קלאַפּעדיקע ווערטער. דאָך האָבן מיר זיך געהאַלטן צוזאַמען. מיר האָבן געלעבט בשכנות; ער פלעגט מיך בסוד לערנען לעזן, דערנאָך באָרגן ביכער. אין די שפּעטערע יאָרן האָבן מיר ביידע איבערגעקערט די וועלט, ליגנדיק אויפן גרינעם גראָז נעבן טייך... איך האָב געוואָלט דערפינדן אזא מין פולווער, וואָס זאָל שיסן גאָר פון ווייטנס, אויף הונדערטער מייל, למשל: ער — א באַלאָן, אַרויפצופליען צו די שטערן, ביי יענע מענטשן אויך עפּעס איינפירן א „פּאַריאַדעק״! מיר האָבן געהאַט שרעקלעך רחמנות אויף דער אומגליקלעכער וועלט, זי

איז אריין אין א בלאָטע, ווי שלעפּט מען זי ארויס! אן אומגעשמירטער וואָגן, פוילע פערד, און דער בעל־עגלה שלאָפט!

דערנאָך האָב איך חתונה געהאט, און ע ר איז געפאָרן אין אוני־ווערזיטעט אריין. קאָרעספּאָנדירט האָבן מיר נישט. פון וויטנס האָב איך געהערט, אז עס האָט זיך אים געטראָפן א מכשול און איז אנשטאָט דאָקטאָר — אפּטייקער געוואָרן, אין א קליין שטעטל ערגעץ...

אז מיין שכן איז אריין אין וואָגן, האָב איך שיר־נישט אויסגעש־ריגן פאר פרייד; עס איז מיר ווארעם געוואָרן אונטערן הארץ. די הענט האָבן זיך אויסגעשפּרייט, דער גאנצער קערפּער האָט זיך צו אים איבער־געבויגן, דאָך האָב איך מיך צוריקגעהאלטן; מיט אלע כוחות צוריק־געהאלטן.

א קשיא אויף א מעשה, טראכט איך, עס איז טאקע י א נ ע ק פּ אָ ל נ י ע וו ס ק י , אונדזער געוועזענעם סעקוועסטראטאָרס זון; עס איז טאקע מיין געוועזענער חבר; ער האָט טאקע אמאָל געהאט ברייטע אָרעם און האָט געוואָלט ארומכאפּן די גאנצע וועלט און אויסקושן איר יעדעם איבר, אויסער די מיאוסע בראָדאָווקעס, וואָס מען דאַרף אָפּשניידן! נאָר א קשיא אויף א מעשה... היינטיקע צייטן! אפשר איז ער שוין אן אנטיסעמיט, א מ ז י ק אין דער „ראָלא", אפשר זענען היינט מיר יידן די בראָדאָווקעס — וואָס מען דאַרף אָפּשניידן פון אייראָפּעס שיינער נאָז, ער וועט מיך נאָך אָפּמעסטן מיט א פּאָר קאלטע אויגן, אָדער זיך אפילו צעקושן מיט מיר, נאָר זאָגן, אז איך בין נ י ש ט ווי אלע יידן...

איך האָב אָבער א טעות געהאט, פּאָלניעווסקי האָט מיך דערקענט, געפאלן מיר איבערן האלדז, און נאָך איידער איך האָב צייט געהאט מיט אים זיך צו צערעדן, באלד געפרעגט, ווי מיר געפעלט דער פּאָדלע אנטי־סעמיטיזם...

---

— עס איז עפּעס — זאָגט ער, נאטירלעך אויף פּויליש — עס איז עפּעס א מ י ן כאָליערע, א מין עפּידעמיע...

— טייל זאָגן, אז עס איז פּ אָ ל י ט י ש...

— גלויבט נישט, מיינט פּאָלניעווסקי, די פּאָליטיק מאכט קיין נייעס, באשאפט נישט קיין פ א ק ט ן .

זי קען נאָר אויסנוצן די וואָס עקזיסטירן; טייל אונטערדריקן, טייל

אויפהייבן. אַ ליאַדע פונק קען זי צעבלאָזן אויף אַ גיהנום פייער; נאָר קיין איינציקן פונק דערגליען... די מענטשן־נאַטור, נישט די פּאָליטיק, שפּינט די געשיכטע־פעדעם, די פּאָליטיק צעפּלעכט, פאַרדרייט, פאַרקניפּט און פאַרפּלאָנטערט זיי!

דער אַנטיסעמיטיזם איז קרענק. די פּאָליטיק שטעלט זיך בײַם קראַנקן בעט ווי אַ נאַרעשער שלעכטער דאָקטאָר, וואָס וויל די קרענק פאַרלענגערן.

די פּאָליטיק נוצט אויס דעם אַנטיסעמיטיזם; עס פליט אַ שטיין אין דער לופט, לענקט אים ביסמאַרקס אונטער־בעלפער אין שיל־פענצטער אַריין; אַז נישט — וואָלטן אַנדערע שויבן געפּלאַצט. עס הייבט זיך אויף אַ פּראָטעסטירנדיקע פויסט, רוקט מען איר אונטער אַ יידישע דאַרע, איינגעגנאָרבאַטע פּלייצע — אַז נישט וואָלטן אַנדערע ביינער געקנאַקט...

אָבער דער שטיין, די פויסט, די שנאה, דער האס — עקזיסטירן פאַר זיך אַליין...

ווער שטאַרבט אויף אַ פיזישן אונטערגאַנג? שוואַכע קינדער, איבערגעלעבטע אַלטע לייט, פאַרקרענקטע מענטשן; ווער פאַלט אונטער אַ מאָראַלישע עפּידעמיע? דאָס פּעבל־קינד, דער איבערגעלעבטער אַריסטאָקראַט און עטלעכע משוגעים, וואָס שפּרינגען אַרויס און פירן דאָס קראַנקע רעדל צום ווילדן טאַנץ! עס האַלטן זיך נאָר געזונטע מוחות!...

— וויפל געזונטע מוחות האָבן מיר? פרעג איך.

— וויפל? זייער ווייניק, ליידער! ענטפערט פּאָלניעוווסקי.

מיר זענען ביידע טרויעריק שטיל געבליבן. וואָס מיין שכן האָט געקלערט ווייס איך נישט, מ י ר האָט זיך געדאַכט, אַז אַפילו די געזונטע, אייזערנע מוחות זענען אויך אָנגערירט. עס זענען פאַראַן צווייערליי צייטן אין דער געשיכטע: אַמאָל פירט דער בעסטער, קליגסטער מענטש די מאַסע, און — אַמאָל שלעפּט די מאַסע די בעסטע קליגסטע מענטשן... דער מאַסע אָנפירער איז אַ קאָלאָמבוס, וואָס זוכט פאַר דער מענטשהייט אַ נײַ גליק, אַ נײַ אַמעריקע... קוים פעלט אָבער וואַסער און ברויט אויף דער שיף, עמפּערן זיך די שיפסקנעכט און זיי פירן!... דאָס ערשטע דאַרף מען עמעצן קוילען, מען דאַרף אַ פלייש עסן, אי — די רציחה שטילן...

---

— און מיין נישט — האַקט מיר פּאָלניעוווסקי איבער די טרויעריקע

געדאנקען — אז איך מאַך מיר אַליין קאָמפּלימענטן, אז איך האַלט מיך אַליין פאַר דעם שטאַרקן גייסט, וואָס האַלט אויס די עפּידעמיע, פאַר אַן אייכענבוים, וואָס דער שטורעם רירט אים נישט פון אָרט...

— ניין, ברודער, זאָגט ער ווייטער — איך בין נישט פון די גבורים. איך וואָלט אפשר געוועזן מיט אַלע גלייך, מיך וואָלט אפשר אויך דער ווינט אָפּגעריסן ווי א פויל בלעטל פון עץ־הדעת, און מיט מיר ארומגע־דרייט אין דער לופט. איך וואָלט אויך געגלויבט, מיט אלע פוילע בלעטער צוגלייך, אז עס איז ביי אונדז א פאַל, אז מיר טאַנצן מיט חשק, אז דער ווינט איז אונדזער געדונגענער כּלי־זמר, וואָס שפּילט אונדז צו אויפן פייפערל...

מיך האָט געראַטעוועט א צופאַל... איך האָב א יידיש ווייבל דער־קענט! — הער!

איך האָב מיך איבערגעבויגן צו מיין שכן; זיין פּנים איז נאָך ערנ־סטער, נאָך פינצטערער געוואָרן, ער האָט געשטעלט די עלנבויגן אויף דער קני און אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אויף די הענט...

— נאָר מיין נישט — מאַכט ער צו מיר — אז איך האָב דערקענט א העלדן פון א ראָמאַן, אַן אייזערנעם כאַראַקטער, וואָס ברעכט צוימען און מויערן און גייט זיך שטאָלץ זיין וועג; מיין נישט אפילו אַן „אויס־נאַם", א „געבילדעטע" מיט נייע אידייען, אָדער אַן „אידעאַל" בכלל... ניין איך האָב דערקענט אַ פּראָסט יידיש ווייבל, פון די בעסערע, נאָר פון די בעסער אומגליקלעכע. איך האָב זי ליב געקריגן, איך זאָג דיר אויס דעם אמת. און, ווען איך הער, אָדער איך לעז עפּעס שלעכטס אויף יידן בכלל... שווימט זי מיר ארויס פון זכרון מיט אירע פייכטע טרויעריקע אויגן, שטעלט זיך פאַר מיר און בעט זיך: גלויב נישט, איך בין נישט אזוי!...

ער פאַרטראַכט זיך.

די געשיכטע איז גאַנץ איינפאַך, וועקט ער זיך און הויבט אָן צוריק צו דערציילן.

מיר האָבן איבער דער גאַנצער צייט נישט קאָרעספּאָנדירט, און דו ווייסט נישט, וואָס מיט מיר איז איבער דער גאַנצער צייט געשען. איך וועל דיר דערציילן קורץ; איך פאָר נאָר ביז לוקאָווא...

— פון גימנאַזיום בין איך אריין אין אוניווערזיטעט און שטודירט מעדיצין. איך האָב נישט געענדיקט... אביסל זענען חברים, אביסל די

לערער און מער נאָך, איך אליין שולדיק... איך האָב געמוזט ארויסטרעטן, ווערן אפּטייקער, חתונה האָבן, נדן נעמען און פארלייגן זיך אין א קליין שטעטל א קראָם פון פּילן מיט ריצן־אייל...

עס האָט מיך דאָך א גליק געטראָפן; איך האָב געקריגן אן ערלעכן שווער, וואָס האָט מיר אויסגעציילט דאָס געלט באלד נאָך דער חתונה, א גוט און שיין ווייב, א נישט קשהדיק קליין שטעטל...

מיין ווייב האָט געהייסן מאריא... אָט שטייט זי מיר אצינד פאר די אויגן... זי דרייט זיך איבער צו מיר פון שפּיגל אומבאהאָלפן: דער גאָלד־געלאָקטער קאָפּ וויל זיך נישט אונטערגעבן איר דעספּאָטישן קאַם. זיי, די לאָקן, צעלויפן זיך לוסטיק אין אלע זייטן... זיי ווילן נישט ליגן צוגעדריקט אין קראַנץ, וואָס איז דעמאָלט מאָדע געווען...

שלאַנק... און אזוינע גוטע, אזוינע הארציק־לאכנדיקע הימל־בלויע אויגן...

די פּראַקטע האָט אונדז ווייניק געשטערט... דאָס שטעטל איז צו אָרעם געווען, און אן אפּטייק אָן א דאָקטאָר איז ווייניק וואָס ווערט. מען האָט זייער ווייניק געלייזט, האָבן מיר טאַקע געלעבט ווי אין א גן־עדן... און, זומער איז עס געווען, שטענדיק אויף דער וועראַנדע, האַנט אין האַנט, אויג אין אויג, ליפּ אין ליפּ!

און וואָס האָט אונדז געזאָלט אינטערעסירן? פּרנסה איז געווען, גיין ערגעץ? ווהין? פון דער וועראַנדע האָבן מיר געזען כמעט דאָס גאַנצע שטעטל... די נידעריקע, איינגעבויגענע הייזלעך, מיט די הויכע, ברייטע, שווארצע הילצערנע בוידעמס, וואָס האָבן זיך געבויגן, ווי מיט רחמנות איבער די בייגל און אויבס־זיצערקעס, פון די אָרעמע שטעלן פאר די הייזלעך... גלייך זיי האָבן געוואָלט באַזיצן די איינגעשרומפּענע, אלטע, אויסגעדאַרטע פּנימער פאר דער זון...

דאָס שטעטל איז אמאָל רייך געווען, די בוידעמס זענען פול געווען מיט אלערליי תבואות און פּרוכטן; דער מארק — מיט פורן, מיט פּויערן, מיט מעקלער; צווישן די ווייסע סיערמיענגעס און די גרויע כאַלאַטן פלעגט זיך אמאָל באַווייזן א גרויסער פּריץ אויך... (אזוי ווייניקסטנס האָט מען מיר אינעם שטעטל דערציילט) נאָר דער שאָסע מיט דער באַן האָבן דאָס שטעטל אַרויסגעוואָרפן פון דער האַנדל־וועלט, די גאַס איז לער, די בוידעמס פול מיט פוילע ציבעלעס און שטיקער קעז — די איינ־ציקע ירושה, וואָס עס איז געבליבן פון די גוטע צייטן...

אָרעם — ווי נאָר זיך צו דענקען! אויף יעדן קערצל קאָרן, וואָס א פּויער ברענגט, ווארפן זיך 10 סוחרים, שטייגן דעם פּרייז, אין מיטן גלייכט מען זיך אויס, מען זאָגט זיך צו אָפּטרעט־געלט, אָדער מען קויפט בשותפות — נאָר אלע צען שארן אומזיסט אויף אלע טאשן, זיי האָבן פארן קערצל תבואה נישט צו באַצאָלן, און באָרגן צו די רעשט אויף פּראָצענט...

און 100 שניידער אויף איין פּאָר ביין־קליידער, 50 שוסטער אויף א לאטקעלע... איך האָב נאָך אזא דלות נישט געזען...

מיר האָבן זיך אָפּגערוקט פון שטאָטישן לעבן ווי ווייט עס איז נאָר מעגלעך געווען; די גליקלעכע זענען עגאָיסטן...

נאָר קענגאיבער אונדז. ווי־זא־ווי, האָבן מ י ר באמערקט א יונג ווייבל, אוודאי נישט מער ווי פון א יאָר 18, העכסטנס צוואנציק. און פון איר האָבן מיר ביידע נישט געקענט אָפּרייסן אן אויג... זי, פּראוודע, פון אונדז אויך נישט... עס איז געווען א זעלטענע דערשיינונג... שטעלט אייך פּאָר — א שיינהייט, א בילד אין א ברודיקע ראַם, ווי נאָר א יידיש פענצ־טער קען זיין אין א קליין שטעטל, אונטער א שרעקלעך־אויסגעקרימטן דאך... שטעל דיר פּאָר, א פּאָר טרויעריקע, טרוימעריש פייכטע אויגן אויף אן אלבאסטער ווייס פּנים, און — אונטער א האַרבאנד!...

גאָט! זי האָט אויף אונדז א שרעקלעכן איינדרוק געמאַכט...

שטונדן־לאנג פלעגט זי שטיין געבויגן איבערן פענצטער, פאַרבראָכן די הענט, און טרויעריק געקוקט אויף אונדז, אָדער אויף די שטערן אין הימל, און שלינגען די טרערן! מיר האָבן געזען, אז זי איז שטענדיק אליין, עלנט, (אייערע מענער האָבן קיינמאָל קיין צייט נישט), שטענדיק פאַר־טרויערט, פאַרבענקט, איר אומגליק איז איר געווען אויסגעגאָסן אויפן בלאסן פּנים... זי איז זיכער געקומען ערגעץ פון דער פרעמד; פון א בע־סער, פרייער הויז, זי האָט געבענקט ערגעץ ווייט, ווייט אוועק. איר הארץ האָט געצאַפּלט צו א פרייער לעבן. זי האָט אויך געוואָלט לעבן, ליבן און געליבט זיין... ניין, זאָגט וואָס איר ווילט, עס טרעפט זיך צווישן אייך אָפּט די עוולה, איר פארקויפט אייערע טעכטער... אמת, מיט דער צייט געוויינען זיי זיך צו, מיט דער צייט פארגעסן זיי... זיי זענען פרום, זיי זענען גוט, און געדולדיק... נאָר ווער קאָן איבערציילן די ביטערע טרערן, וואָס פאלן אויף זייער פארשוואַרצט פּנים, איידער דאָס אויג ווערט אויסגעטריקנט? ווער

קען איבערעכענען וויפל קלעם עס טוט אין האַרץ, איידער עס געווינט זיך אָפּצושטאַרבן לעבעדיקערהייט? און פאַרוואָס קומט עס זיי, צו ווירק־לעך ווייל זיי זענען גוט און פרום?

דו זאָלסט קענען דעם ווייבלס מאַן; א געלעניש... איינגעהויקערט... צוויי מאָל געזען אין טאָג האָב איך אים! אין דער פרי ארויסגיין. ביי דער נאַכט אהיימקומען...

און עוולה...

---

איר וועט מיר אפשר מודה זיין, אז איך האָב פּאָלניעווסקין אויף דעם נישט געהאַט וואָס צו ענטפערן...

מיר האָבן ביידע געשוויגן א ווײַלע און פּאָלניעווסקי האָט ווייטער אָנגעהויבן צו דערציילן:

— איינמאָל האָט אונדז דאָס ווייבל פאַרפעלט. זי איז א גאַנצן טאָג אין פענצטער נישט געשטאַנען.

„זי מוז קראַנק זיין", האָבן מיר געטראַכט.

פאַרנאַכט קומט אריין דער מאַן, דאָס געלעניש, און פרעגט אויף א רפואה.

— וואָס פאַר א רפואה?

— איך ווייס? — מאַכט ער — א רפואה!

— פאַר וועמענס וועגן?

— דאָס דאַרפט איר אויך וויסן? פאַר מיין ווייבס וועגן!

— וואָס איז איר?

— אָסור, אויב איך ווייס... זי זאָגט — דאָס האַרץ טוט איר ווי...

אזויערנאָך, דערציילט פּאָלניעווסקי, איז געוואָרן אונדזער ערשטע באַקאַנטשאַפט. איך וועל דיר נישט לאַנג ברייען... א שטיקל דאָקטאָר בין איך דאָך, בין איך אהין געגאַנגען...

פּאָלניעווסקי האָט גערעדט שוין האַלבע ווערטער; ער זוכט פּאַפּי־ראָסן, דערנאָך שוועבעלעך, ענדלעך האָט ער אָפּגעהאַקט, געעפנט דעם סאַקוואַיאַזש, און געפּאָרעט זיך עטלעכע מינוט.

איבער דער צייט האָבן מיך געקוועלט פאַרשידענע געדאַנקען.

איך האָב אָנגעהויבן צוריקצוקוקן אויף פּאָלניעווסקי מיט אנדערע אויגן; זיין דערציילונג האָט מיר אָנגעהויבן ווײ־טון...

ווער קען א מענטש? ווער ווייסט, וואָס אין אים שטעקט? עס הייבט זיך מיר אָן דאכטן, אז איך האָב פאר מיר א קריסטלעכן טכויר, וואָס גנבעט זיך אריין אין א יידישע הינער־שטייג. ער אמפּערט זיך צופיל אי־בערן מזל פון יידישע טעכטער, צו לאנג זוכט ער מיר שוועבעלעך; עפּעס שעמט ער זיך פאר מיר! פארוואָס וויל ער נישט „לאנג ברייען"? פאר־וואָס וויל ער מיר נישט דערציילן אלץ כהויה, מיט אלע פּרטים? ווער ווייס וואָס פאר א ראָלע ער האָט אין דער זאך געשפּילט, צי נישט די אלטע ראָלע פון שלאנג אין גן־עדן! וואָס איז, דאָס געוויסן וועט נישט לאָזן? אויך מיר אן עסק! א יידיש ווייבל, פארוואָס נישט! אמאָל איז א מצווה גע־ווען אָפּצוטויפן, היינט באָטש צו אמפּערן א יידישע טאָכטער קעגן איר גאָט, אירע עלטערן, איר מאן, און — איר גאנץ לעבן.

עס הייסט ליבעראליזם, אריינגיין אין תּפיסה, ברענגען מיט זיך א פרישע פאליע לופט, א בונד שטראלן פון דער זון, אויפוועקן דעם ארעס־טאנט, געבן אים א שטיקל לעקעך, און פארשווונדן ווערן... נישט צו זען ווי דער ארעסטאנט קריצט מיט די ציין, ווען עס דרייט צוריק איבער דער פאראָסטעטער שליסל אין שלאָס; ווי פינצטער עס ווערט זיין פּנים, ווי ענג אים ווערט די לופט, ווי ספּאזמאטיש ער אָטעמט, ווי ער רייסט פון זיך האָר און פלייש, אָדער באגיסט, אויב ער קען נאָך וויינען, מיט ביטערע טרערן זיין פארשימלט, פון מייז אויסגעביסן שטיקל קלייען־ברויט...

אויפוועקן א פינצטער, פארשלאָפן, פארדריקט יידיש־ווייבעריש הארץ, זאָל דאָרטן אויפקלינגען א זיסער ראָמאנטישער טאָן, זאָל דאָרטן אויפפלאַמען א ניי, ווילד, אומבאקאנט, אָדער לאנג פארגעסן, געפיל; אָפּקושן זיך, און דערנאָך — אדיע! פארהאמערט די טיר! זאָל איר זויער און ביטער זיין דאָס לעבן.

. . . . . . . . . . . . . .

מיר האָבן זיך אזויפיל אָנגעגעסן מיט סם, מיט גאַל, מיט האס, אז ווען מען דערלאַנגט אונדז ברויט מיט זאַלץ, זענען מיר אויך זיכער, אז עס איז פארגיפטעט... מעג די האנט ציטערן פאר רחמנות, מעג אין אויג הענגען א מיטליידס־טרער, אויף די ליפּן — טרייסט...

עס איז שווער צו גלויבן! מיר זענען אויך אָנגעשטעקט, עס איז אויף אונדז אויך אן אונטערגאנג!

. . . . . . . . . . . . . .

פּאַלניעווסקי האָט דערווייל געפונען זיינע צינדהעלצער און איך האָב אומגערן גענומען אַ פּאַפּיראָס. מיר האָבן פאַרויכערט, די בויד איז פול געוואָרן מיט בלויע, רויכיקע רעדער. איך האָב געקוקט אויף זיי, נאָכגע־יאָגט און געטראַכט: נישט לעננער געדויערט דאָס גוטע מיטן שלעכטן צוזאַמען!

. . . . . . . . . . . . . .

— מיר האָבן זיך דערקענט, דערציילט ווייטער מיין קריסטלעכער שכן, נאָר צו ענגערע פריינטשאַפט איז נישט געקומען...

— פאַרוואָס? פרעג איך איבעראַשט.

— פונדערווייטנס האָבן מיר זיך ווייטער אָנגעקוקט ווי די בעסטע גוטע פריינט, נאָר נישט זי האָט געקענט צו אונדז, נישט מיר צו׳ן איר קומען.

— זי וואָלט מער נישט באַדאַרפט! עס איז אַן אומגעהויער פרום שטעטל. אויסער דעם פעלדשער און אַ יונג דאַמען־שניידערל טראָגן אַלע כאַלאַטן...

אויסער דעם, ווייס איך אפשר אַליין נישט, וואָס עס האָט אונדז דאָך צוריקגעהאַלטן... נאָר נישט אין דעם בין איך אויסן...

מיך האָט דערווייל געטראָפן דאָס גרעסטע אומגליק, וואָס אַ מענטש קען טרעפן.

די אַפּטייק האָט גאַנץ ווייניק איינגעטראָגן און מיין ווייב האָט אָנ־געהויבן קרענקען.

טאָג־טעגלעך האָב איך געזען בחוש, אַז זי שטאַרבט מיר אָפּ, און עס איז נישט געווען מיט וואָס צו רעטן. זי האָט באַדאַרפט איטאַליען, און איך האָב נישט געהאַט איר עסן צו געבן... און ביי אַן אָפּצערונג, ווי דו ווייסט, איז דער קראַנקער פול מיט האָפנונג, ער גלויבט נישט אין דער קרענק!

דאָס גאַנצע ווייטיק, דעם גאַנצן צער מוזטו אונטערדריקן, האַלטן טיף באַגראָבן אין האַרץ. ווען דאָס האַרץ בלוטיקט, מוזטו שמייכלען, דיין שטערן מוז זיין גלאַט! יעדע סעקונדע שטאַרבט אין דיר יעדעס איבר, און דו מוזט העלפן פּלענער מאַכן וואָס עס וועט זיין איבער אַ יאָר, ווי אַזוי מען וועט פאַרגרעסערן דאָס הויז, קויפן אַ פּיאַנע...

דאָס קול האָט זיך אים פאַרענדערט —

„איך בין נישט אימשטאנד דיר אלץ צו דערציילן, נאָך אַמאָל איבערצוקלעבן די אַלע פינצטערע צרות... נאָר מיין אומגליק האָט מיך צוזאַמענגעבראַנגט מיט איר אומגליק, מיר האָבן זיך אַזוי־ערנאָך נענטער דערקענט"...

פון דער ווייטנס האָט זיך געוויזן לוקאָווא!

— אין די איינציקע מינוטן, וואָס איך האָב נאָך צייט, קען איך זאָגן, אַז אַזאַ אומגליקלעכער מענטש ווי דאָס ווייבל איז געווען, און דערביי מיט אַזויפיל געפיל און רחמנות פאַר אַנדערע — האָב איך נאָך אין מיין לעבן נישט געזען... און אַלס אַזוי איינפאַך, נאַטירלעך, נישט איבער־געטריבן...

זי האָט מאַריאַס בעט נישט אָפּגעטרעטן. זי האָט געפּועלט ביים מאַן, ער זאָל מיר געלט שאַפן אויף קלענערע פּראַצענט. זי איז אונדזער וועכטערן, אונדזער ווירטן, אונדזער קעכן, אונדזער דערגעבנסטער פריינט געווען!

און אַז מאַריאַ איז געשטאָרבן, איז אפשר שווערער געווען זי צו טרייסטן ווי מיך!

דעמאָלט האָב איך מיך איבערגעצייגט, אַז די שנאה צווישן פעלקער איז נ י ש ט נאַטירלעך... נישט מער, עס איז שלעכט אויף דער וועלט; הייסערע, בלוטיקערע אָדער אומגליקלעכערע ווילן פּראָטעסטירן, נאָר דער פאַלשער שרייבער, דער פּאָליטישער אַדוואָקאַט, שרייבט זיי אַ דאָנאָס אויף יידן...

איך האָב געזען בחוש, אַז יידן זענען אונדז קיין שונאים נישט, אַז מיר קענען לעבן בשלום!...

לוקאָווא רוקט זיך אַלץ נענטער און נענטער, און איך האָב אַלץ מורא פאַרן סוף, איך האַק אים איבער און פרעג:

— און וואָס איז דער סוף געווען מיט דעם ווייבל?

— איך ווייס? איך האָב צו קבורה געבראַנגט מיין ווייב, פאַרקויפט די אַפּטייק, צעוויינט זיך ביים געזעגענען מיט מיין שכנה, און — גאָר־נישט! היינט וווין איך אין לוקאָווא, עס גייט מיר היינט אויך נישט גוט...

— און זאָג נאָר, ווי הייסט דאָס שטעטל, וווּ דו האָסט פריער געוווינט?

— קאָנסקאַ־וואָלאַ —

— דיין שכנה איז א הויכע, א בלאסע?...

— יאָ!

— א דארע?

— יאָ; דו קענסט זי? פרעגט ער דערפרייט.

— זי האָט א פעפער אויף דער לינקער זייט נאָז?

— וואָס פאר א פעפער? לאַכט יאנעק, וואָס פאלט דיר איין.

איך קלער, אז איך האָב א טעות געהאט און פרעג:

— אפשר אויף דער ר ע כ ט ע ר זייט נאָז?

— וואָס פאר א פעפער? וואָס רעדסטו?

—האָסטו אפשר נישט באַמערקט... נאָר איר מאן איז א געלער?

— יאָ.

— ער הייסט חיים?

— דאכט זיך מיר, ניין, און אפשר יאָ, ווייסט דער טייוול...

— אָבער זי הייסט חנה!

— אך, ווי! שרה! איך געדענק זיכער שרה... איך פלעג זי רופן סאָרוכנא... איר נאָמען וועל איך דאָך נישט פארגעסן!

דער נאר בין איך געווען, א יי ן יידיש ווייבל לעבט אזוי?

# די אַלמנה



י גראָע רירעוודיקע נעפּל קלויבן זיך צוזאַמען אויף אַ שוואַרצן וואָלקן! עס איז דושנע, עס וועט פאַלן אַ שטאַרקער רעגן; ער שיקט זיך שוין אָנזאָגן דורך עטלעכע דיקע טראָפּן... דאָס שטיבל שטייט אונטערן באַרג, דאָס שטרויענע דעכל איז פול מיט לעכער; עס האָט נישט ווער עס צו פאַריכטן.

די וואָלקן האָבן פאַרשטעלט די זון. די רעשט ליכט פאַרשטעלט דער באַרג; אין שטיבל איז כמעט פינצטער, עס איז פאַרנאַכט, באַלד וועט די נאַכט צופאַלן... אין עק, אויפן קוימען, שטייט אַ ליידיק לעמפּל מיט אַן אָפּגעבראָכן גלעזל אָן נאַפט... עס האָט נישט ווער צו גיין נאַפט קויפן.

אין שטיבל איז שווילער ווי אין דרויסן...

דער קוימען איז נישט ליידיק: עטלעכע ערדענע, האַלב צעבראָכענע טעפּלעך, אַביסל אַש... אַ שטיקל אָפּגעשליפענער ציגל, אייזערנע פיסלעך, — נאָר אָן אַ פונק פייער. פאַר דער טיר ליגט נאָך אַ פוילע ליפּע האָלץ, עס האָט נישט ווער זי צו צעהאַקן.

דער באַלעבאָס פון שטיבל איז קראַנק געווען אַ גאַנץ גייענדיק יאָר און וואָס אַ טאָג איז קלענער געוואָרן דאָס אָפּגעשפּאָרטע קניפּל...

ער האָט געזאַמלט פון אַ קינדס וועגן: „צוזאַמענגעקליבן אַ רובל 100, אַוועקגעגעבן אויף פּראָצענט"... האָט גאָט באַשערט אַ מיידעלע „זאָל זיין נדן פאַר איר!"

איז אָבער געקומען די קרענק!

פון קניפּל האָט אַלע מאָל מער געפעלט געלט און דעם קראַנקן — כוחות און בלוט... עס האָבן אַרויסגעוואַנדערט די כלים פון שטוב; די לעצטע איז אַרויסגעגאַנגען די ניי־מאַשין... מיטן לעצטן דרייער פון קניפּל איז אַרויס אויך די נשמה פון גוף...

דאָס ברודיקע שטיקל לייוונט פונעם קניפּל הענגט אַצינד איבער אַ גלאָז וואַסער ביים נשמה־ליכטל.

ביי דער טיר שטייט א קליין אייזערן קעסטל... דאָס איז דער געוועזענער דינסטס. זי איז ערשט ארויסגעגאנגען זיך זוכן אן אָרט.

אין לײדיקן שטיבל איז כמעט פינצטער...

אויף דער פּאָדלאָגע שימערט אביסל צעוואָרפן שטרוי... אויף די פיר ווענט שטארען ארום פארשידענע נעגל.

אויף זיי האָט געהאנגען א שפּיגעלע (היינט דארף מען עס נישט... די אלמנה וואָלט זיך פאר איר פּנים דערשראָקן...) א חנוכה־לעמפּל (פאר וועמעס וועגן?), עס האָבן געהאָנגען קליידער... יעדער האָט זיך פאר זיין טויט אָפּגעכאַפּט זיינס!

אין ווינקל שטייט א וויגל; אין וויגל ליגט א קינד. עס שלאָפט.

אויף דער ערד נעבן וויגל זיצט די פרישע אלמנה. די דארע הענט געבראָכן, דער שווערער קאָפּ אָנגעשפּארט אויפן וויגל... די אויסגעוויינטע אויגן קוקן שטארק אויפן סופיט.

עס דאכט זיך, זי לעבט נישט, זי פילט נישט, זי קלערט נישט... איר הארץ קלאפּט נישט, זי האָט קיין דופק נישט...

דאָך אין מוח וואלגערט זיך ארום א מחשבה; קיין אנדערע טרייבט זי נישט ארויס, רירט זי זיך נישט —

— „הענע, האָט ער אמאָל געזאָגט, דערלאנג מיר דאָס שערל!" ער האָט עס נישט געדארפט, ער האָט דערביי עפּעס קליגעריש געשמייכלט... וואָס האָט ער געוואָלט? איך זאָל צוגיין צו אים? איך האָב געשיילט קארטאָפלעס... צי האָב איך אים דערלאנגט דאָס שערל? ניין; עס איז עמעץ דערווייל אריינגעקומען... ווער?"

זי קען זיך נישט דערמאָנען און קלערט אלץ: ווער?

דאָס קינד דערווייל שלאָפט און שמייכלט אין חלום.

---

# חתונה געהאַט

(דערציילט פון אַ פרוי)



יך געדענק מיך נאָך פון דער צייט, ווען איך האָב אין צייכן גע־שפּילט און זומער־צייט אויפן הויף פון ליים חלות געבאַקן; ווינטער בין איך אַ גאַנצן טאָג געזעסן אין שטוב און געוויגט אַ קליין ברודערל, וואָס איז געבוירן געוואָרן קראַנק און האָט געקרענקט ביז צום זיבעטן יאָר, ווען עס איז געשטאָרבן אויף אַן אונטערגאַנג. —

זומער, כל־זמן די זון האָט געשיינט, איז דאָס אומגליקלעכע באַשע־פעניש געזעסן אויפן הויף, געוואַרעמט זיך אויף דער זון און געקוקט, ווי איך שפּיל אין צייכן.

ווינטער איז עס פון וויג נישט ארויס, און איך האָב אים מעשיות דערציילט און לידלעך געזונגען. די רעשט ברידער זענען אַלע אין חדר געווען.

די מאַמע איז שטענדיק געווען פאַרנומען, אפשר 10 פּרנסות האָט זי געהאַט, די אָרעמע מאַמע: אַ פּשעקופּקע געווען, לעקאָך געבאַקן, אויף בריתן און חתונות געגאַנגען... טוקערן געווען, קברים־מעסטערן, זאָגערן, און אַזוי אַן איינקויפערן פאַר בעלי־בתישע הייזער.

דער טאַטע איז פאַר 3 רובל אַ וואָך געווען אַ שרייבער ביי ר׳ זיינוול טערקעלטויב אין וואַלד. — און דעמאָלט זענען נאָך די גוטע צייטן געווען: די מלמדים — באַצאָלט, דירה־געלט — כמעט צו דער צייט. קיין טרוקן ברויט אין מויל אריין האָט נישט געפעלט.

טיילמאָל האָט די מאַמע אויף וויעטשערע אַ קולישע געמאַכט. דע־מאָלט איז שוין אַ גאַנצער יום־טוב געווען. דאָך האָט עס זעלטן פּאַסירט.

די מאַמע פלעגט מערסטנטייל אהיימקומען שפּעט, מיד; גאַנץ אָפּט פאַרוויינט און פאַרביטערט. זי קלאָגט זיך, אַז עס ווערן איר ביי די בעלי־הביתטעס חובות פאַרפאַלן; אַז מען הייסט איר אויסליינגן, דערנאָך —

קומען מאָרגן און איבערמאָרגן... דערווייל ווערן נייע קניות געמאַכט, און צום סוף, אז עס קומט צום חשבון, געדענקט נישט די בעל־הביתטע, צי זי האָט נישט באַצאָלט פאַרן אייערנעכטיקן האַלב־קוואַרטירל פּוטער... מען „שטעלט עס דערווייל אַוועק", מען מוז פרעגן דעם מאַן, וואָס איז דערביי געווען: ער האָט אַן אייזערנעם זכרון, וועט אוודאי געדענקען, ווי אַזוי דער חשבון איז געווען. צומאָרגנס ווייזט זיך אויס, אַז דער מאַן איז אַהיימגעקומען צו שפּעט פון בית־המדרש און זי האָט'ן פאַרגעסן צו פרעגן; דעם דריטן טאָג דערציילט זי מיט אַ נחת, אַז זי האָט געפרעגט דעם מאַן, נאָר ער האָט זיך אויף איר געבייזערט, וואָס זי פאַרדרייט אים דעם קאָפּ: „ער האָט מער נישט וואָס צו טון, נאָר אויסצוהערן ווייבערישע חשבונות!" און עס בלייבט, אַז זי וועט זיך אַליין דערמאָנען.

דערנאָך הויבט זיך איר אָן דאַכטן, כמעט אויף זיכער, אַז זי האָט דאָס האַלבע־קוואַרטירל פּוטער פאַרעכנט; שפּעטער וואָלט זי מויערן דער־רויף געשטעלט. און, אַז די אָרעמע מאַמע דערמאָנט נאָך אַמאָל וועגן קוואַרטירל פּוטער, הייסט זי שוין אַ חצופה, מאַכט זי אַ בלבול, ווייל זי אויסנאַרן אַ האַלבן גילדן... איז מען זי מתרה, אַז אויב זי וועט נאָך אַמאָל אַ פּיפּיץ טון וועגן דער פּוטער, זאָל זי זיך מער אין די אויגן נישט ווייזן!

די מאַמע, וואָס איז אַמאָל אַ „גבירישע טאָכטער" געווען, און וואָלט, ווען נישט דער פּריץ, וואָס האָט איר צוגענומען דעם נדן, אַליין אַ באַלע־באָסטע געווען, האָט עס נישט געקאָנט לייכט איבערטראָגן; זי פלעגט טיילמאָל אַהיימקומען מיט געשוואָלענע אויגן, געוואָרפן זיך מיט אַ געוויין אויפן בעט און אַזוי אָפּגעלעגן אַ גרויסע ווײַלע און וויינען, און ביטערלעך וויינען, ביז זי האָט זיך אויסגעוויינט דאָס ביטערע האַרץ, און איז אויפ־געשטאַנען און אָפּגעקאָכט אונדז אַביסל קליסקעלעך מיט באָבערלעך.

טיילמאָל האָט זי אויסגעלאָזט דעם כעס צו אונדז; אייגנטלעך, דער עיקר צו מיר: דעם קראַנקן בערל האָט זי קיינמאָל גאָרנישט געזאָגט, די ברידער פון חדר אויך גאַנץ זעלטן — זיי פלעגן נעבעך אַהיימקומען אַזוי אויך מיט ברוינע־בלויע, אויסגעקניפּענע באַקן און אונטערגעשלאָגענע אויגן; פאַר דאָס האָב איך גאַנץ אָפט געלייזט אַן אומזיסטן ריס ביי די האָר אָדער אַזוי אַ מתנת יד.

„דו ביסט נישט קראַנק געווען דערווייל אָנצולייגן אַ פייער, צו־שטעלן אַ טעפּל וואַסער" — און דאָך, אַז איך האָב עס אַמאָל געטון, איז

נאָך ערגער געוועז: „זע נאָר מיין באַלעבאָסטע! גאַרנישט, אַ פייער ליגט זי אָן, דאָס האַלץ זאָל זיך דערוויל אומזיסט און אומנישט אויסברענען... עס הארט זי עפּעס מיין פּראצע? — בדלות מאַכט זי מיך!"...

טיילמאָל האָט דער טאַטע געלייזט אונטער די אויגן; די מאַמע זעצט זיך אנידער אויפן בעט מיטן פּנים צום פענצטער, און, ארויסקוקנ־דיק אין דער לופט אריין, קרעכצן: „עס ארט אים עפּעס? ער זיצט זיך דאָרט אין וואַלד, ווי אַ כראַביע, שמעקט פרישע לופט, ליגט זיך אויפן גראָז, פרעסט זויער־מילך, אפשר נאָך סמעטענע, איך ווייס? און דאָ דאַרן מיר די קישקעס!"...

ביי דעם אַלעם איז דעמאָלט גוט געוועזן. מען האָט קיין הונגער נישט געליטן, און נאָך אַ וואָך מיט פארשידענע קליינע צרות איז געקומען אַ פריילעכער, על־כל־פּנים, אַ רואיקער שבת. דער טאַטע פלעגט אָפט אהיימ־קומען, און די מאַמע פלעגט זיך ארומדרייען אין אלע ווינקעלעך און בסוד סודות שמייכלען.

אָפט פלעגט פּריוויטיס פאַרנאַכט, פאַר ליכט בענטשן, די מאַמע מיך קושן אין קאָפּ אריין... איך האָב געוווסט, וואָס דאָס באַדייט, וואָרום, אז עס האָט געטראָפן, און דער טאַטע איז נישט אהיימגעקומען אויף שבת, בין איך אַ „מכשפה" געוועזן! האָט מיר די מאַמע מיטן קעמל האַלב האָר אויסגעריסן און דערצו נאָך עטלעכע זעץ דערלאַנגט אין די פּלייצעס. איך האָב נישט געוויינט; מיין קינדיש הארץ האָט געפילט, אז דאָס מיינט די מאַמע נישט מיך, נאָר איר טרויעריק מזל!

דערנאָך האָט זיך דער וואַלד אויסגעהאַקט, דער טאַטע איז אין דער היים געבליבן און עס האָט אָנגעהויבן פעלן אין מויל אריין. געפעלט, איינצלעך, האָט נאָר דעם טאַטן, דער מאַמען און מיר; די רעשט קינדער האָבן ווייניק וואָס געוווסט דערפון; דאָס קראַנקע ברודערל האָט גאַרנישט געדאַרפט, עס האָט געזויפּט אַ מאָל אביסל גריץ, אויב מען האָט אים דער־לאַנגט, און אַלץ איינינעם געקוקט אויפן בעליק... די אנדערע, נעבעך, גייען אין חדר אריין, „זיי מוזן דאָך האָבן אַ לעפל געקעכץ"... נאָר איך בין גאַנץ אָפט הונגעריק געוועזן.

דער טאַטע מיט דער מאַמען האָבן שטענדיק דערמאָנט די אַמאָליקע צייט מיט טרערן אין די אויגן; איך — פאַרקערט! איך האָב מיך אין דער שלעכטער צייט בעסער געפילט. זייט עס האָט געפעלט ברויט אין שטוב,

האָט מיך די מאמע טאָפּלט ליב באַקומען; ביים קעמען האָט זי מיר קיין האָר נישט געריסן, אין די דאָרע ביינער אריין נישט געבוכעט; דער טאַטע פלעגט מיך ביים וואַרעמעס גלעטן איבערן קאָפּ און פאַרשפּילען מיך, איך זאָל נישט זען, ווי מען פאַרטיילט מיך; און איך בין נאָך ביי מיר גרויס געווען, אַז, ווען מען דאַרף פאַסטן, פאַסט איך גלייך מיטן טאַטן און מיט דער מאַמען, אַז איך בין שוין אַ גרויסע מויד!

אין דער צייט איז דאָס קראַנקע ברודערל געשטאָרבן.

געשען איז עס אַזוי: איינמאָל האָט זיך די מאמע אויפגעכאַפּט און געזאָגט איבערן בעט צום טאַטן: „ווייסט, בערלען איז אוודאי בעסער, ער איז אַ גאַנצע נאַכט געשלאָפן, קיין איינציק מאָל נישט געוועקט".

איך האָב עס דערהערט — איך האָב שטענדיק אַ לייכטן שלאָף געהאט — און בין מיט אַ פרייד אַראָפּגעשפּרונגען פון געלעגער אויפן קאַסטן, און צוגעלאָפן זען מיין „איינציק ברודערל" (אַזוי האָב איך עס גערופן, אַזוי ל י ב האָב איך עס געהאט). איך האָב געהאַפּט צו דערזען אויפן פאַרמעטענעם פּנימל אַ שמייכל, וואָס פלעגט זיך באַווייזן אַמאָל אין אַ יאָר... נאָר איך האָב אַ טויט פּנים געפונען.

עס איז געוואָרן אַ שבעה...

דערנאָך איז דער טאַטע נישט געזונט געוואָרן, און דער רופא האָט אָנגעהויבן צו גיין אין שטוב אריין...

כל־זמן עס איז געווען, ווי עס איז צו צאָלן, פלעגט אריינגיין דער אַלטער רופא אַליין; דערנאָך, אַז דאָס גאַנצע בעטגעוואַנט מיטן הענג־לייכטער, מיטן טאַטנס ספרים־שאַנק, וואָס די מאמע האָט אַ צייט נישט געלאָזט רירן, זענען אריין אין רפואות, האָט דער רופא אָנגעהויבן שיקן דעם „יונג".

דער יונג איז דער מאַמען שרעקלעך נישט געפעלן: עס שפּראָצן אים עפּעס שפּיציקע „וואָנצעלעך", גייט אָנגעטון ווי אַ גוי, און דערצו וואַרפט ער אַלעמאָל אריין עטלעכע ווערטער פּויליש.

איך האָב פאַר'ן מורא געהאַט, עד־היום ווייס איך נישט פאַרוואָס. נאָר, ווען ער האָט געדאַרפט קומען, פלעג איך אַרויסלויפן אויפן הויף און איבערוואַרטן ביז ער וועט אַוועקגיין.

איינמאָל איז אַ שכן קראַנק געוואָרן, אויך אַן אָרעמאַן, און אויך אַ פּנים נאָך אַלע כלים אין שטוב, און דער יונג (עד־היום ווייס איך נישט,

ווי אזוי ער האָט געהייסן) איז פון אונדזער שטוב אריבערגעגאַנגען צום שכן. דורכגייענדיק דעם הויף, האָט ער מיך געטראָפן זיצן אויפן קלאָץ.

איך האָב אַראָפּגעלאָזט די אויגן. דערפילנדיק, אַז ער קומט צו מיר נענטער, איז מיר קאַלט געוואָרן אין די קנעכל און דאָס האַרץ האָט מיר אָנגעהויבן שטאַרקער צו שלאָגן.

ער איז צוגעקומען, האָט מיך אָנגענומען ביי דער גאָמבע, אויפגעהויבן מיר דעם קאָפּ און געזאָגט, דווקא אויף פּראָסט יידיש:

— „א שיינע מויד ווי דו ביזט, דאַרף נישט זיין צעשויבערט, דאַרף זיך אויך פאַר קיין בחור נישט שעמען!"

ער האָט מיך אָפּגעלאָזט, און איך בין אַריינגעלאָפן צוריק אין שטוב. איך האָב געפילט, אַז דאָס גאַנצע בלוט שלאָגט מיר אַלץ איניינעם אין פּנים אַריין. איך האָב מיך פאַרוקט אין טונקלסטן ווינקל אונטערן אויוון, מכלומרשט, אויסציילן די ברודיקע וועש... דאָס איז געווען מיטוואָך.

פרייטיק האָב איך דאָס ערשטע מאָל דער מאַמען אַליין דערמאָנט, אַז מען דאַרף מיר אויסוואַשן דעם קאָפּ, אַז איך בין צעשויבערט.

— א קלאָג איז צו מיר! האָט די מאַמע פאַרבראָכן די הענט, איך האָב זי דאָך דריי וואָכן נישט געקעמט!

פלוצלינג ווערט זי בייז:

— מכשפה! האָט זי אויסגעשריגן, אזא גרויסע, בייז־דערוואַקסענע מויד קאָן זיך אַליין נישט צוואָגן! אַן אַנדערע אויף דיין אָרט וואָלט נאָך די אַנדערע קינדער געוואַשן!

— שרהלע, שריי נישט! בעט זיך דער טאַטע; נאָר דער מאַמעס כעס ווערט שטאַרקער און שטאַרקער:

— מכשפה, הערסט! שוין זאָלסטו דיך צוואָגן! הערסט — די אותה רגע! הערסט!

און דאָ האָב איך מורא צוצוגיין צום קוימען, וווּ דאָס הייסע וואַסער איז געשטאַנען, ווייל, דורכגייענדיק דורך דער מאַמען, וואָלט איך געליזט אַ בוכצע, געראַטעוועט האָט מיך, ווי געוויינלעך, דער טאַטע.

— שרהלע, האָט ער געקרעכצט, שריי נישט, מיר טוט דער קאָפּ אזוי וויי!...

דאָס איז געגנוג געווען. דער מאַמעס כעס איז ווי מיט דער האַנט

אווועקגענומען געוואָרן... איך בין פריי דורכגעגאַנגען די שטוב און צוגע־קומען צום טאָפּ וואַסער.

איך צוואָג מיך אומגעלומפּערט און זע, ווי די מאַמע גייט צו צום טאַטן און ווייזט אויף מיר מיט א שווערן זיפץ:

— רבונו של עולם, עס וואַקסט נעבעך, ווי אויף הייוון, מאַכט זי שטיל צום טאַטן, נאָר מיין אויער כאַפּט יעדעס וואָרט — שיין ווי אַ גאָלד... און וואָס?

דער טאַטע האָט געענטפערט מיט נאָך א טיפערן זיפץ.

דער רופא האָט נישט איינמאָל פאַרזיכערט, אז דעם טאַטן איז גאָר־נישט. דאָס עגמת־נפש נאָר האָט זיך אים געלייגט אויף דער לעבער, דע־ריבער איז זי אויפגעשוואָלן און דריקט צו דאָס האַרץ; מער נישט; דער עיקר זאָל ער מילך טרינקען, קיין עגמת נפש זיך נישט צולאָזן, גיין אין גאַס אַריין... רעדן, שמועסן, זוכן זיך אַן עסק... דער טאַטע האָט אָבער געזאָגט, אז די פיס ווילן אים נישט טראָגן. פאַרוואָס, ביר איך ערשט שפּעטער געוואָר געוואָרן.

איינמאָל, זומער פאַרטאָג, האָט מיך אויפגעוועקט א שמועס צווישן טאַטע־מאַמע:

— ביסטו דיך אין וואַלד, נעבעך, אָנגעגאַנגען, — מאַכט די מאַמע.

— א שאלה דאָס איז, — ענטפערט דער טאַטע, — אין וואַלד האָט מען אויף צוואַנציק ערטער געהאַקט אויף איינמאָל. פאַרשטייסט, דער וואַלד איז דעם פריצס, די פּויערים האָבן אָבער סערוויטוטן: זיי קומט די צווייגן, וואָס פאַלן אַראָפּ און וואַלגערן זיך אין וואַלד, ווי אויך דאָס האָלץ פון דיביימער, וואָס א דונער צעשלאָגט... נו, אז מען האַקט אויס דעם וואַלד, האָבן זיי דאָך היזק דעם סערוויטוט, מוזן זיי זיך קויפן האָלץ צום בויען און צום הייצן, האָבן זיי, פאַרשטייט זיך, געוואָלט לייגן אַן אַרעסט, אַראָפּברענגען דעם קאָמיסאַר; זיי האָבן זיך אָבער צו שפּעט מישב געווען. ר' זיינוועלע האָט נאָר דערזען, אז זיי קראַצן זיך אין די קעפּ, האָט ער שוין געגעבן א באַפעל, מען זאָל אַנידערשטעלן נאָך 40 האַקער! עס איז גע־וואָרן א גיהנום, אפשר אויף 20 ערטער האָט מען געהאַקט. און זיין מוז מען אומעטום... וואָס קלערסטו? די פיס פלעגן מיר געשוואָלן ווערן ווי די באָרקים...

— ווי א מענטש זינדיקט! — קרעכצט די מאמע — איך האָב גע־מיינט אז דו האָסט דאָרט גאָרנישט וואָס צו טון...

— אוודאי! — שמייכלט טרויעריק דער טאטע — נאָר פון גרויען טאָג ביז שפּעטער נאכט אויף די פיס!

— און אלץ פאר 3 רובל א וואָך? בייזערט זיך די מאמע.

— ער האָט מיר צוגעזאָגט צו דערלייגן; דערוויל, ווייסטו דאָך איז אים די טראטווע אונטערגעגאנגען... האָט ער געזאָגט, אז ער איז בדיל־הדל געוואָרן...

— און דו גלויבסט?

— עס קען זיין...

— שטענדיק — בייזערט זיך די מאמע — ווערט ער בדיל הדל און דאָס פארמעגן וואקסט און וואקסט.

— אז גאָט העלפט, — זיפצט דער טאטע.

עס איז שטיל א ווײַלע.

— ווייסט נישט, וואָס מאכט ער? — פרעגט דער טאטע, וואָס איז שוין כמעט א יאָר נישט ארויס פון שטוב.

— וואָס זאָל ער מאכן? ער האנדלט מיט פלאקס, מיט אייער; א שענק האָט ער...

— און זי וואָס מאכט?

— זי, נעבעך, קראנק...

— א שאָד, א גוט מענטש —

— א בריליאנט! די איינציקע בעל־הביתטע, וואָס „מאכט נישט איין" א גראָשן; זי וואָלט אפילו געצאָלט צו דער צייט, נאָר זי האָט ביי אים ווייניק וואָס צו שאפן...

— דאכט זיך, מאכט דער טאטע, דאָס דריטע ווייב.

— אוודאי! באשטעטיקט די מאמע.

— זעסט, שרה, מאכט דער טאטע, דאכט זיך שוין — א ייד א גביר... האָט ער קיין מזל נישט צו ווייבער... יעדערער האָט זיין פּעקל.

— און אזא יונג בלוט! האָט צוגעגעבן די מאמע, — אין גאנצן עטלעכע און צוואנציק יאָר.

— נו גיי ווייס? ער איז א וו ד א י א זיבעציקער און — אייזן שטארק.

— און אָן א ברילז...

— און זיין גאנג; די פּאָדלאָגע ציטערט!

— און איך, זעסטו, ליג אין בעט.

עס האָט מיך דורכגענומען ביי די לעצטע ווערטער.

— גאָט וועט העלפן, טרייסט די מאמע.

— נאָר זי, זי... קרעכצט ווייטער דער טאטע און ווארפט א בליק צו מיר אויפן קאסטן. זי וואקסט, קיין עין־הרע, ווי אויף הייוון... פּאַרנט, האָסט געזען?...

— א שאלה דאָס איז!

— און א פּנים... שיינט ווי די זון...

עס איז ווייטער שטיל געוואָרן א ווײַלע.

— ווייסט, שרהלע, מאכט ווייטער דער טאטע, מען איז נישט יוצא פאר גאָט.

— מיט וואָס?

— מיט איר! ווי אלט ביסטו געווען צו דער חתונה?

— יינגער פאר איר!

— נו ?...

— נו... וואָס?

אין דער אייגענער מינוט האָט מען צוויי קלעפּ געטון אין לאָדן.

די מאמע איז אראָפּגעשפּרונגען פון בעט. אין איין רגע האָט זי אָפּגעריסן דאָס שטריקל, אויף וועלכן דער לאָדן האָט זיך געהאלטן און אויפגעפּראלט דאָס פענצטער, וואָס האָט שוין לאנג קיין באשלעג נישט געהאט.

— וואָס איז? האָט זי ארויסגעשריגן אין גאס אריין.

— רבקה זיינווילעס איז נפטר געוואָרן.

די מאמע איז צוריקגעשפּרונגען פון פענצטער.

— ברוך דיין אמת! האָט דער טאטע ארויסגעזאָגט... שטארבן איז נאָרנישט...

— ברוך דיין אמת, מאכט די מאמע, ערשט פון איר גערעדט!

---

דעמאָלט האָב איך געהאט א וואונדערלעך אומרואיקע צייט. איך ווייס אליין נישט, וואָס מיט מיר איז געווען.

טײלמאָל בין איך גאַנצע נעכט נישט געשלאָפן. די שלײפן האָבן מיר װי האַמער געקלאַפּט און דאָס האַרץ האָט גענאָגט, גלײך עס װאָלט זיך געשראָקן פאַר עפּעס, אָדער שרעקלעך נאָך עפּער געבענקט; טײלמאָל איז מיר װײטער אַזױ װאַרעם און װײך געװען אױפן האַרץ, אַז איך האָב געװאָלט אַלץ אַרומנעמען און קושן און האַלדזן.

נאָר װעמען? די ברידערלעך האָבן זיך נישט געלאָזט; דער 5 יעריקער יוחנן האָט אױך געקאָפּעט און געשריגן, אַז ער װיל זיך נישט שפּילן מיט אַ מײדל. די מאַמע, אױסער דעם, װאָס איך האָב פאַר איר מורא געהאַט, איז שטענדיק בײז און פאַריאָגט... דער טאַטע — נאָך קראַנקער.

במשך אַ קורצער צײַט איז ער אײַנגאַנצן גרױ געװאָרן װי אַ טויב, דאָס פּנים איז אײַנגעשרומפּן געװאָרן װי אַ פּאַרמעט, און די אױגן האָבן אַרױסגעקוקט אַזױ אומבאַהאָלפן און מיט אַזאַ שטום געבעט, אַז עס איז גענוג געװען, איך זאָל עס דערזען און אַרױסלױפן פון שטוב מיט אַ געװײן.

דעמאָלט דערמאָן איך מיך אָן מײַן בערילען... אים װאָלט איך געקאָנט אַלץ דערצײלן, קושן און האַלדזן... ליגט ער דאָרט אין דער קאַלטער ערד, און עס כאַפּט מיך אָן נאָך אַ ביטערלעכער געװײן...

די טרערן, אײגנטלעך, פלעגן זיך מיר באַװײַזן גאַנץ אָפט אָן אַ טעם.

טײלמאָל קוק איך פון פענצטער אַרױס אױפן הױף און זע, װי די לבנה שװימט און שװימט צו אַלע מאָל נענטער צו דעם אױסגעװײסטן צױם, װאָס איז קעגן אונדזער פענצטער, און קען דעם צױם נישט אַריבערשװימען.

און איך באַקום פלוצלינג רחמנות אױף דער לבנה, עס הײבט מיך אָן קלעמען בײַם האַרץ און די אױגן גיסן און גיסן...

טײלמאָל װײטער, פלעג איך אַרומגײן מאַט, איך פלעג מיך אַזױ אַרום װאַקלען אָן כּוח מיט אַ בלאַס פּנים און אונטערגעשלאָגענע אױגן; אין די אױערן רױשט, דער קאָפּ איז שװער, און עס דאַכט זיך מיר, אַז עס איז מיר אַזױ נישט גוט אױף דער װעלט, אַזױ נישט גוט, אַז עס װאָלט אַמבעסטן געװען צו שטאַרבן.

דעמאָלט װײטער האָב איך בערילען שטאַרק מקנא געװען... ער ליגט זיך דאָרט אַזױ רויִק...

גאַנץ אָפט אױך, האָט זיך מיר געחלומט, אַז איך שטאַרב, אַז איך

ליג אין קבר, אָדער, אז איך פלי ארום אין הימל אין אן העמד מיט צע־לאָזטע האָר און קוק אראָפּ און זע, וואָס אויף דער וועלט טוט זיך.

פונקט דעמאָלט האָב איך פארלוירן די אלע חברטעס, מיט וועלכע איך האָב אמאָל אין צייכן געשפּילט, און האָב שוין קיין אנדערע נישט באַקומען. איינע איז שוין ארויסגעגאנגען שבת מיט אן אטלאַסענע יופּע און א קייט און א זייגער! עס האָט שוין געזאָלט זיין איר חתונה. אנדערע זענען „כלה מיידלעך" געוואָרן. שדכנים און מחותנים „האקן אָפּ די טירן" און מען האָט זיי געקעמט, געוואַשן, געקליידט, בשעת ווען איך בין נאָך ארומגעגאנגען באָרוועס, אין אן אלטע בעזינע, קורצע ספּאָדניצע, אין אן אויסגעבלאַקעוועטן ציצענעם סטאַניק, וואָס האָט זיך אויף מיר אויפן סאַמע־ראָדנע פּראָנט אין עטלעכע ערטער געפּלאַצט, און איך האָב אים צוגעלאַ־טעט מיט אן אנדער קאָליר ציץ... די כלה־מיידלעך האָבן מיך געמיידט און מיט יינגערע קינדער האָב איך מיר געשעמט צו חברן; אויך האָבן מיר שוין די צייכן נישט געוויילט. בייטאָג פלעג איך מיך דעריבער נישט ארויס־ווייזן אין גאס ארויין. די מאמע ווייטער האָט מיך אין ערגעץ נישט גע־שיקט, און אפילו, אז איך האָב אמאָל געוואָלט גיין א גאנג, נישט גע־לאָזט. פאר דאָס פלעג איך מיך אָפּט ארויסכאַפּן פארנאַכט און ארומגיין הינטערן הויז ביי די שפּייכלער, אָדער זעצן זיך נישט וויט פון טייך.

זומער פלעג איך אזוי זיצן ביז שפּעט אין דער נאַכט ארייַן.

אין אָנהויב פלעגט אמאָל די מאמע צו מיר ארויסגיין; צוגעגאנגען איז זי קיינמאָל נישט, נאָר אין טויער זיך געשטעלט, אומגעקוקט זיך און אוועקגעגאנגען, — איך פלעג כמעט הערן ווי זי זיפצט, קוקנדיק אויף מיר פון וויַיטן.

מיט דער צייט האָט דאָס אויך אויפגעהערט.

איך פלעג מיר אָפּזיצן איינע אליין שעהן־לאנג און איינהערן זיך ווי עס רוישט דאָס קליינע טייכל, ווי עס שפּרינגען די פרעש פון גראָז אין טייך ארייַן, אָדער נאָכיאָגן ערגעץ א לייכטן וואָלקן אין הימל...

איך פלעג אמאָל האלב איינשלאָפן מיט אָפענע אויגן.

איינמאָל האָב איך דערהערט פון וויַיטנס א טרויעריק לידל. דאָס קול איז געווען יונג און פריש, און עס האָט זיך מיר מיט א טרויער אויסגע־גאָסן איבער גאנצן לייב; עס איז געווען א יידיש לידל.

דאָס זינגט דער „רופא־יונג״, — טראַכט איך — אַנדערע וואָלטן זמירות, נישט קיין לידלעך געזונגען.

איך טראַכט אויך, אַז מען מוז אַריין אין שטוב און אַזוינע לידלעך נישט הערן און מיטן רופא־יונג זיך נישט טרעפן. נאָר אויפגעהויבן האָב איך מיך נישט; איך בין עפּעס ווי פאַרחלומט געווען, מאַט, און בין געבליבן זיצן אויפן אָרט, כאָטש דאָס האַרץ איז אומרואיק געווען.

דאָס לידל קומט צו אַלץ נענטער און נענטער, עס גייט פון יענער זייט טייך איבער דער בריק.

איך הער שוין טריט אויפן זאַמד, איך וויל ווייטער אַנטלויפן, נאָר די פיס פאָלגן נישט און איך זיץ ווייטער.

ענדלעך איז ער צוגעקומען צום אָרט, וווּ איך בין געזעסן.

— דו ביסט עס, לאה?

איך ענטפער נישט.

אין די אויערן רוישט מיר נאָך שטאַרקער, די שלייפן שלאָגן נאָך האַסטיקער און עס דאַכט זיך מיר, אַז איך האָב קיינמאָל אַזאַ גוט און זיס קול נישט געהערט.

ער מאַכט זיך ווייניק דערפון, וואָס איך ענטפער אים נישט. ער זעצט זיך נעבן מיר אויפן קלאָץ און קוקט מיר גלייך אין פּנים אַריין.

זיין בליק האָב איך נישט געזען, ווייל איך האָב די אויגן נישט אויפגעהויבן, דאָך געפילט האָב איך, ווי עס האָט מיר געברענט דאָס פּנים.

— ביסט אַ שיינע מויד, לאה, מאַכט ער צו מיר, אַ שאָד!

עס האָט מיך אָנגעכאַפּט אַ שרעקלעך געוויין און איך בין אַנטלאָפן.

דעם צווייטן אָוונט בין איך שוין נישט אַרויסגעגאַנגען, דעם דריטן אויך נישט. נאָר דעם פערטן, פרייטיק צו נאַכט, איז מיר שוין אַזוי שווער געווען אויפן האַרץ, אַז איך האָב געמוזט אַרויסגיין; עס האָט זיך מיר געדאַכט, אַז איך וועל דערשטיקט ווערן אין שטוב. ער האָט אויף מיר, אַ פּנים, אין שאָטן, הינטער אַ הויז־ווינקל, געוואַרט, ווייל, קוים האָב איך מיך געזעצט אויף מיין אָרט, איז ער מיר ווי אויסגעוואַקסן פון אונטער דער ערד.

— אַנטלויף נישט פאַר מיר, לאה! האָט ער זיך מיט אַ וויי, האַרציק קול געבעטן — גלייב מיר, איך וועל דיר קיין שלעכטס נישט טון.

זיין ערנסט, ווייך קול האָט מיך באַרואיקט.

ער האָט אָנגעהויבן ציען א שטיל טרויעריק לידל, און מיר זענען ווייטער געקומען די טרערן אין די אויגן אריין. איך האָב מיך נישט גע־קאָנט איינהאַלטן, און האָב אָנגעהויבן שטיל צו וויינען.

—וואָס וויינסטו, לאה, — האקט ער אָפּ און פרעגט, אָנעמענדיק מיך ביי דער האַנט.

— דו זינגסט אַזוי טרויעריק — האָב איך אים געענטפערט און ארויסגעצויגן די האַנט פון זיינע.

— איך בין א יתום, מאַכט ער, עלנט... אין דער פרעמד.

עס האָט זיך עמעץ באַוויזן פון גאַס און מיר זענען זיך צעלאָפן.

דאָס לידל האָב איך מיך אויסגעלערנט און פלעג עס זינגען שטי־לערהייט יעדע נאַכט אויפן געלעגער; דערמיט בין איך איינגעשלאָפן, דערמיט בין איך אויפגעשטאַנען. דאָך גאַנץ אָפט האָב איך חרטה געהאַט און געוויינט, וואָס איך האָב מיך באַקאַנט מיט א „רופא־יונג", וואָס קליידט זיך דייטש און גאָלט זיך דאָס בערדל. וואָלט ער זיך אַזוי גע־טראָגן ווי דער אַלטער רופא, וואָלט ער כאָטש א פרומער ייד געווען... איך האָב געוווסט, אַז ווען דער טאַטע ווערט עס געוואָר, שטאַרבט ער, חס־ושלום, פאַר עגמת־נפש; די מאַמע וואָלט זיך א מעשה געטון! דער סוד איז מיר געלעגן ווי א שטיין אויפן האַרץ.

איך גיי צו צום טאַטנס בעט, דערלאַנגען אים עפּעס, אָדער די מאַמע קומט אַריין פון גאַס, און איך דערמאָן מיך אָן מיין זינד, הייבן אָן אונטער מיר די הענט און פיס צו ציטערן, און דאָס פּנים פאַרלירט דעם לעצטן טראָפּן בלוט, און דאָך האָב איך אים יעדן טאָג צוגעזאָגט, אַז איך וועל מאָרגן אויך אַרויסקומען; און איך האָב נישט געהאַט פאַר־וואָס פאַר אים צו אַנטלויפן. ער האָט מיר שוין אַפילו ביי דער האַנט נישט אָנגענומען, מער נישט געזאָגט, אַז איך בין א שיינע מויד. ער האָט מיט מיר נאָר גערעדט, געלערנט מיך לידלעך... איינמאָל נאָר האָט ער מיר א שטיקל באָקסער געברענגט.

— עס, לאה!

איך וויל נישט נעמען.

— פאַרוואָס? פרעגט ער טרויעריק, פאַרוואָס ווילסטו ביי מיר נישט נעמען?

איך האָב מיך אַרויסגעכאַפּט, אַז איך וואָלט בעסער געגעסן אַ שטיקל ברויט.

---

ווי לאַנג אונדזער זיצן צוזאַמען און זינגען האָט געדויערט, ווייס איך נישט. נאָר איינמאָל איז ער געקומען טרויעריקער ווי שטענדיק, איך האָב עס באַלד אין פּנים דערקענט, און האָב׳ן געפרעגט, וואָס איז אים.

— איך מוז אַוועקפאָרן.

— וווּ אַהין? פרעג איך אָן אַ קול.

— צו דער סוב־רעוויזיע.

איך האָב אים אָנגעכאַפּט ביי דער האַנט.

— צו די זעלנער וועסטו גיין?

— ניין, האָט ער מיר געענטפערט און דריקט מיר די האַנט — איך בין אַ שוואַכער... איך ליַיד אויפן האַרץ, קיין זעלנער וועל איך נישט זיין, נאָר שטעלן מוז איך מיך...

— וועסט צוריקקומען?

— אַוודאי...

מיר שוויַיגן אַ ווײַלע.

— עס וועט נאָר דויערן, — מאַכט ער, — אַ פּאָר וואָכן...

איך שוויַיג און ער קוקט אויף מיר מיט אַ געבעט.

— וועסט בענקען נאָך מיר?

— יאָ... האָב איך אַליין קוים געהערט מיין תשובה.

מיר שוויַיגן וויַיטער אַ ווײַלע.

— לאָמיר זיך געזעגענען.

מיין האַנט איז נאָך געלעגן אין זיינע.

— פאָר געזונט! האָב איך אים געזאָגט מיט אַ פּאַרציטערט קול.

ער האָט זיך איבערגעבויגן, מיר אַ קוש געטון, און איז פאַר־שוואונדן געוואָרן.

איך בין לאַנג געשטאַנען ווי שיכור.

— לאה! האָב איך דערהערט דער מאַמעס קול, נאָר דאָס אַלטע, וויַיכע, כמעט זינגענדיקע קול, נאָך פון דער צייט, ווען דער טאַטע איז געזונט געווען.

— לאהשי!

אזוי האָט מען מיך שוין לאַנג נישט גערופֿן. איך האָב נאָכאַמאָל אַ ציטער געטון און בין מיט די נאָך ברענענדיקע ליפּן אַריינגעלאָפֿן אין שטוב. נאָר איך האָב די שטוב נישט דערקענט. אויפֿן טיש זענען געשטאַנען צוויי פּרעמדע לייכטער מיט ברענענדיקע ליכט, עס איז געשטאַנען בראָנפֿן מיט לעקעך — דער טאַטע איז געזעסן אויף אַ שטול, אָנגעלענט אויף אַ קישן, אויפֿן פּנים האָט עפּעס ווי געשמייכלט פֿון יעדן רונצל אַרויס. — עס זענען געשטאַנען נאָך בענקלעך ביים טיש, אויך פּרעמדע... עס זענען דאָ פּרעמדע מענטשן געווען — נאָר די מאַמע כאַפּט מיך אַרום און קושט, און האַלדזט מיך:

— מזל־טוב, טאָכטער, טאָכטערשי, לאהשי. מזל־טוב!

איך פֿאַרשטיי נישט, וואָס מען מיינט, נאָר דאָס האַרץ שרעקט זיך און קלאַפּט, און קלאַפּט אַזוי מוראדיק! אַז די מאַמע האָט מיך אַרויסגעלאָזט פֿון די אָרעמס, האָט מיך דער טאַטע צוגערופֿן. איך האָב קיין כוח נישט געהאַט צו שטיין און האָב מיך אַראָפּגעלאָזט פֿאַר אים אויף די קניען און אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אויף זיין שויס. ער גלעט מיר דעם קאָפּ, קרייזלט מיר די האָר:

— וועסט שוין, קינד מיינס, נישט ליידן קיין הונגער, קיין נויט; וועסט שוין, קינד מיינס, נישט אַרומגיין נאַקעט און באָרוועס... וועסט זיין אַ נגידה... דו וועסט זיין רייך... דו וועסט פֿאַר דיינע ברידערלעך מלמד־געלט צאָלן... מען וועט זיי שוין פֿון די חדרים נישט אַרויסוואַרפֿן... דו וועסט אונדז אויך העלפֿן... איך וועל געזונט ווערן...

— און ווייסט, ווער דער חתן איז? פֿרעגט די מאַמע, מיט אַ פֿרייד
— טאַקע ר׳ זיינוול! טאַקע ר׳ זיינוול. ער אַליין האָט אַ שדכן געשיקט...

---

איך ווייס נישט, וואָס מיט מיר איז געשען, נאָר אויפֿגעכאַפּט האָב איך מיך אויפֿן געלעגער אין מיטן טאָג.

— געלויבט איז גאָט! האָט די מאַמע אויסגעשריגן.

— געלויבט איז זיין ליבער נאָמען! האָט דער טאַטע געזאָגט.

און מען האָט מיך ווייטער געהאַלדזט און געקושט. נאָך מער — מען האָט מיר איינגעמאַכטס דערלאַנגט!... אפֿשר וויל איך וואַסער מיט זאַפֿט? אפֿשר אַביסל ווין?

איך האָב צוריק די אויגן פאַרמאַכט און נעקייכט מיט אַ שטיקנדיק געוויין.

— וויל, וויל — פרייט זיך די מאַמע — זאָל זי זיך אָפּוויינען, מיין אָרעם קינד! מיר זענען זיך אַליין שולדיק, אויף אַמאָל אַזאַ נחת דערציילט! אַזוי פּלוצלינג! עס קאָן אַן אָדער פּלאַצן, חס־ושלום! נאָר אַצינד געליבט איז גאָט! ווייל דיר אָפּ דאָס האַרץ, זאָלן אַלע צרות אַוועק־שווימען מיט די טרערן און אַ ניי לעבן זאָל זיך אָנהייבן, אַ נ י י לעבן...

דער מענטש האָט צוויי מלאכים — אַ גוטן און אַ שלעכטן מלאך, און איך בין זיכער געווען, אַז דער גוטער מלאך הייסט מיך אינעם רופאַ־יונג פאַרגעסן, עסן ר׳ זיינוולס איינגעמאַכטס, טרינקען זיין זאַפט מיט וואַסער און קליידן זיך אויף זיין חשבון, בשעת ווען דער שלעכטער מלאך האָט מיר איינגערעדט, איך זאָל איינמאָל פאַר אַלע מאָל זאָגן דעם טאַטן און דער מאַמען, אַז איך וויל נישט, באַין אופן נישט.

ר׳ זיינוועלען האָב איך נאָך נישט געקענט, איך האָב׳ן אפשר אַמאָל געזען, נאָר — אָדער פאַרגעסן, אָדער באַלד נישט געוווסט, ווען איך זע... נאָר אונטער די אויגן האָב איך אים פיינט געהאַט.

באַלד די צווייטע נאַכט האָט זיך מיר געחלומט, אַז איך שטיי אונטער דער חופּה.

דער חתן איז ר׳ זיינוועלע און מען פירט מיך 7 מאָל אַרום אים, נאָר די פיס זענען מיר פאַרשטאַרט און די אונטערפירערקעס טראָגן מיך אין דער הייך —

דערנאָך האָט מען מיך אַהיימגעפירט.

די מאַמע האָט אָקעגנגעטאַצט מיט אַ קוילִיטש, און עס גייט שוין די גאָלדענע יויך.

איך האָב מורא די אויגן אויפצוהייבן. איך בין זיכער, אַז איך וועל דערזען אַ בלינדן, אָן אַן אויג, און אַ לאַנגע, אַ שרעקלעך לאַנגע נאָז... עס קומט מיר אַ קאַלטער שוויים אויפן לייב — נאָר פּלוצלינג רוימט ער מיר איין אין אויער:

— לאַהשי, אַ שיינע מויד ביסטו!

און דאָס קול איז גאָרנישט פון קיין אַלטן מאַן — עס איז יענעמס קול... איך עפן אַביסל די אויגן — עס איז יענעמס פּנים...

— טס! רוימט ער מיר איין, זאָג נישט אויס. איך האָב ר׳ זיינ־

וועלען פאַרנאַרט אין וואַלד אַריין, אַריינגעלייגט אין אַ זאַק, צוגעבונדן אַ שטיין און אַריינגעוואָרפן אין טייך (אַזאַ מעשה האָט מיר אַמאָל די מאַמע דערציילט) און בין איך דאָ אויף זיין אָרט!

איך האָב מיך אויפגעכאַפּט פאַרציטערט.

דורך אַ שפּאַרע פון לאָדן האָט אַריינגעשלאָגן אַ בלאַסער שיין פון דער לבנה, און האָט באַלייכט די גאַנצע שטוב. איך באַמערק ערשט, אַז אין מיטן באַלקן הענגט צוריק דער הענגלייכטער. טאַטע־מאַמע שלאָפן אויף בעטגעוואַנט, — דער טאַטע שמייכלט פון שלאָף, די מאַמע אָטעמט רואיק... און דער גוטער מלאך זאָגט מיר: אַז דו וועסט זיין גוט און פרום, וועט דער טאַטע געזונט ווערן, די מאַמע וועט אויף דער עלטער נישט אַרבעטן אַזוי שווער און ביטער, און פון דיינע ברידערלעך וועלן אַרויסקומען לומדים, רבנים, גאונים; גרויסע, גרויסע יידן, מען וועט פאַר זיי צאָלן מלמד־געלט.

— נאָר קושן — זאָגט דער שלעכטער מלאך — וועט דיך ר׳ זיינ־וועלע... ער וועט זיך צו דיר צורירן מיט די פּיכטע וואָנסן... ער וועט דיך אַרומנעמען מיט די ביינערדיקע הענט... אויך וועט ער דיך פּייניקן ווי יענע ווייבער, און וועט דיך יונגערהייט יאָגן אין קבר אַריין; און ע ר וועט קומען צו פאָרן און וועט עגמת־נפש האָבן, דיך קיין לידלעך שוין נישט לערנען, וועסט שוין מיט אים אָוונט אויף אָוונט נישט זיצן... דו וועסט זיצן מיט ר׳ זיינוועלען...

ניין! הימל און ערד זאָל צוזאַמענקומען! צערייסן די תנאים.

איך בין שוין נישט געשלאָפן ביז אין דער פרי...

די ערשטע האָט זיך אויפגעכאַפּט די מאַמע; איך וויל מיט איר רעדן, נאָר איך בין געוווינט אין אַלע געפאַרן זיך ווענדן צום טאַטנס הילף.

אָט, וועקט זיך שוין דער טאַטע.

— ווייסט, שרהלע — זענען זיינע ערשטע ווערטער — איך פיל מיך גאָר, גאָר גוט; וועסט זען, איך וועל היינט נאָך גיין אין גאַס אַריין.

— געלויבט איז זיין ליבער נאָמען; אַלץ אין אונזער טאָכטערס מזל, אַלץ אונדזער טאָכטערס, דער צדיקה'ס זכות.

— און דער רופא איז טאַקע נערעכט, די מילך שמעקט מיר זייער וויל...

זיי שווייגן און דער גוטער מלאך זאָגט מיר נאָך אַמאָל:

— אז דו וועסט גוט און פרום זיין, וועט דער טאטע ווערן געזונט; וועט אָבער פון דיינע ליפּן ארויס א זינדיק וואָרט — פאַלט ער אוועק און שטאַרבט.

— הערסטו, שרהלע — מאַכט ווייטער דער טאַטע — הער שוין אויף צו זיין א פּשעקופּקע...

— וואָס רעדסטו?

— וואָס דו הערסט! — איך וויל היינט נאָך זיין ביי ר' זיינוועלען... ער וועט מיך צונעמען צו א געשעפט, אָדער באָרגן עטלעכע רובל, וועלן מיר זיך מאַכן א געוועלבל, איך וועל שטיין אַביסל, דו אַביסל — דער־נאָך וועל איך אָנהייבן האַנדלען מיט תבואה...

— הלוואי זאָל גאָט געבן!

— אוודאי וועט גאָט געבן! אז דו וועסט היינט נעמען אויף חתונה־קליידער, זאָלסטו דיר אויך נעמען... כאָטש אויף צוויי קליידער, און פאַרוואָס נישט? ער האָט געהייסן נעמען וואָס מען דאַרף; דו וועסט דאָך נישט גיין אויפן אויפרופן אין דיינע בגדים.

— גיי שוין גיי! — ענטפערט די מאַמע — דער עיקר מוז מען די קינדער עפּעס מאַכן — ראובן גייט באָרוועס, ער האָט זיך יענע וואָך א האַלץ אריינגענומען, לאָמט ער נאָך... אויך גייט צו ווינטער, מען דאַרף לייבלעך און העמדלעך, וואַטאָווע קאַפּאָטקעלעך.

— נעם, נעם...

— הערסט, מאַכט דער גוטער מלאך, אז דו וועסט רעדן א שלעכט וואָרט, וועט די מאַמע דיינע קיין קלייד נישט האָבן, און דו ווייסט, אז דאָס אַלטע פאַלט איר אַראָפּ פון לייב; דיינע ברידערלעך וועלן ווינטער־צייט אין די גרעסטע פרעסט לויפן אין חדר אריין באָרוועס, און זומער וועלן זיי זיך אריינעמען העלצער אין די פּיס...

— איך זאָג דיר דעם אמת — מאַכט די מאַמע, — מען וואָלט געדאַרפט אַליין אויסרעדן „ברחל בתך הקטנה", וואָרן זייער א גוטער מענטש איז ער נישט... מען דאַרף אָפּרעדן, וויפל ער וועט איר פאַרשרייבן — וואָרן יורשים וועט זיין ווי האָלץ... ווען אפילו נישט קיין אקט — זאָל ער כאָטש געבן א חרם־קוויטל, וואָרן טאַקע, ווי לאַנג קען אזוינער לעבן? נאָך א יאָר, נאָך א יאָר...

— ביי ווילטאָג — זיפצט דער טאַטע — לעבט מען לאַנג.

— לאנג! פארגעס נישט — 70 יאָר... טײַלמאָל ווערט אים עפּעס ווי טויט אונטער די אויערן...

און דער שלעכטער מלאך זאָגט: אַז דו וועסט שווײַגן, וועסטו גיין אונטער דער חופּה מיט אַ טויטן, מיט אַ מת וועסטו לעבן... מען וועט דיך לייגן־פירן מיט אַ בר־מנן...

די מאַמע זיפצט.

— אַלץ איז ביי גאָט אין די הענט — מאַכט דער טאַטע.

די מאַמע זיפצט ווייטער און דער טאַטע זאָגט:

— און וואָס קען מען טון... מען האָט געקענט בעסער מאַכן? אוודאי, ווען איך בין געזונט, ווען איך פאַרדין, ווען עס איז כאָטש דאָ טרוקן ברויט אין שטוב...

ער האָט אָפּגעהאַקט; מיר האָט זיך געדאַכט, אַז עפּעס וויינט דעם טאַטן אין האַרץ.

— וואָלט זי כאָטש יינגער געווען מיט אַ פּאָר יאָר, וואָלט איך דאָס לעצטע געטון... ווייס איך? אפשר אויף דער לאָטעריע געשפּילט... און איך האָב געשוויגן.

---

מײַן 70־יעריקער חתן האָט געגעבן אויף חתונה־קליידער, עטלעכע הונדערט גילדן דעם טאַטן און מיר אַ תוספת־כתובה אויף 150 גילדן...

מענטשן האָבן געזאָגט: אַ ווױלער שידוך!

איך האָב חברטעס באַקומען; די מיט דער סאַמעטענער יופּע און גאָלדענעם קייט־און־זייגער פלעגט ביי מיר זיין צוויי דריי מאָל אין טאָג. זי איז געווען גליקלעך ווי די וועלט, וואָס איך האָב זי דעריאָגט, וואָס מיר האָבן חתונה אין איין חודש! איך האָב געהאַט נאָך חברטעס. נאָר זי האָט זיך צוגעקלעפּט צו מיר. „יענע זענען דאָך „סמאַרקאַטע מיידלעך"; ווער ווייסט, ווי לאַנג עס וועט נאָך ביי זיי דויערן!"

רבקה האָט חתונה פון דער פרעמד, נאָר עסן קעסט וועט זי פריער אין דער היים 2 צי 3 יאָר. איבער דער גאַנצער צייט וועלן מיר זיך האַלטן צוזאַמען; זי וועט אַריינלויפן צו מ י ר אויף ציקאָריע, איך צו א י ר אויף ציקאָריע, אָדער שבת נאָכן שלאָף אויף ביילעק־יויך.

— און אַז איך וועל ווערן אַ קימפּעטאָרן — מאַכט איינמאָל רבקה און דאָס פּנים שטראַלט איר — וועסטו זיצן ביי מיר — יאָ?

איך שוויַיג.

— וואַי — מאַכט רבֿקה — וואָס טרויערסטו אַזוי? עס טרעפֿט זיך צו 70 יאָר אויך...

— גיי שוין, גיי! — טרייסט זי מיך ווייטער — אַז גאָט וויל, שיסט אַ בעזעם! און ווען נישט — ווי לאַנג, מיינסטו, וועט עס דויערן? אַ מענטש לעבט דאָך נישט אייביק! אַזאַ יאָר אויף מיר, וואָס פֿאַר אַ יונגע אַלמנה דו וועסט זיין! די פֿינגער צו לעקן!

רבֿקה ווינטשט ר' זיינוועלען נישט קיין שלעכטס:

— ער איז אַפֿילו אַ כּלב שבּכּלבֿים! יענץ ווייב האָט ער געפּייניקט... נאָר יענץ ווייב איז אַ קראַנקע געווען. און „דו ביסט געזונט ווי אַ נוס.. דיך וועט ער גוט באַהאַנדלען, נאָך ווי הייסט גוט!"

---

ע ר איז צוריקגעקומען!

דעם טאַטן איז טאַקע בעסער, נאָר עס האָט זיך אים פֿאַרגלוסט אַביסל טרוקענע באַנקעס — אַזוי האָט ער מורא געהאַט אַרויסצוגיין. ער פֿילט, אַז פֿון ליגן, און דערנאָך פֿון זיצן אַלץ איינינעם האָט זיך אים דאָס בלוט פֿאַרזאַמלט אויף איין אָרט, מען דאַרף עס צעשלאָגן! אַביסל אויך ברעכן אים די פּלייצעס און אויף דעם איז טרוקענע באַנקעס אַ רפֿואה בדוקה.

איך האָב אָנגעהויבן ציטערן ווי אין אַ פֿיבער: מיט טרוקענע באַנקעס קומט דער „יונג", נישט דער רופֿא אַליין.

— וועסט אַריינרופֿן דעם רופֿא? פֿרעגט מיך דער טאַטע.

— וואָס רעדסטו? פֿאַלט אים די מאַמע אין די רייד, אַ כּלה־מיידל... זי איז אַליין געגאַנגען.

— וואָס ביסטו אַזוי בלאַס געוואָרן? — פֿרעגט מיך דער טאַטע דערשראָקן.

— גאָרנישט.

— שוין עטלעכע טעג... פֿאָרשט דער טאַטע.

— עס דאַכט זיך דיר, טאַטע.

— די מאַמע זאָגט אויך...

— ע!

— היינט — וויל מיך דער טאַטע דערפרייען — וועט מען דיר שוין מעסטן די חתונה־קליידער.

איך שווייג.

— דו פרייסט זיך גאָרנישט? — פרעגט דער טאַטע.

— פאַרוואָס זאָל איך מיך נישט פרייען?

— דו ווייסט דאָך אפילו גאָרנישט, ו ו אָ ס מען מאַכט דיר.

— מען האָט דאָך מיר אַ מאָס גענומען!

דערווייל איז אָנגעקומען די מאַמע מיטן רופא אַליין.

עס איז מיר גרינגער געוואָרן אויפן האַרץ; נאָר אין איין ווענס האָט אין מיר עפּעס געקלאַגט: דו וועסט אים אפשר שוין מער נישט זען...

— אוי אַ וועלט, קומט אַריין דער רופא, סאַפּנדיק און קרעכצנדיק. —ר' זיינוועלע האָט חתונה מיט אַ יונגע מויד, און לייזערל דעם גבאים ווערט אַ פּרוש — אַנטלאָפן פון ווייב!

— לייזערל? שרייט אויס די מאַמע פאַרוווּנדערט.

— ווי איר הערט! היינט גיי איך אַרום צו 60 יאָר פון אינדערפרי ביז נאַכט אויף די פיס, און מיין יונג לייגט זיך אין בעט אַריין...

איך הייב אָן ווייטער צו ציטערן.

— האַלט נישט אַזאַ גוי! באַמערקט די מאַמע.

— אַ גוי? מאַכט דער רופא, ווי הייסט אַ גוי?

— וואָס טויג מיר די מעשות, האַקט איבער אומגעדולדיק דער טאַטע, טוט בעסער אייערס.

מיין טאַטע איז בטבע געוועזן אַ גוטער; עס האָט זיך מיר שטענדיק געדאַכט, אַז ער קען קיין פליג אויף דער וואַנט נישט רירן, און דאָך האָט אין זיינע רייד געשטעקט אַזוי פיל בזיון פאַרן רופא.

אַלס קראַנקער אין בעט פלעגט ער גליקלעך זיין, אַז עמעץ איז אַריינגעגאַנגען און באַלאַקעט מיט אים; נאָר מיטן רופא האָט ער קיינמאָל נישט געקענט רעדן אַ וואָרט, ער האָט אים שטענדיק איבערגעהאַקט אינמיטן און געהייסן, ער זאָל זיינס טון, נאָר אַצינד האָב איך עס דאָס ערשטע מאָל אַזוי שטאַרק דערפילט; עס האָט מיר אָנגעהויבן דאָס האַרץ וויי צו טון... וואָרום, ווי אַזוי וואָלט ער נאָך י ע נ ע ם באַלײדיקט, יענעם, וואָס ליגט נעבעך קראַנק!...

פאַרוואָס איז ער קראַנק?

געזאָגט האָט ער, אז ער האָט א האַרץ־פעלער.

וואָס דאָס איז, האָב איך ריכטיק נישט געוווּסט; מן הסתם איז עס אזוינס, וואָס לייגט אמאָל אין בעט אריין, און דאָך — האָט מיר דאָס האַרץ געזאָגט, — אז איך מוז אויך האָבן א שטיקל שולד דערביי.

ביינאַכט האָב איך אין שלאָף געוויינט; די מאַמע האָט מיך אויפגעוועקט, און געזעצט זיך ביי מיר אויפן בעט.

— שאַ, קינד מיינס! האָט זי מיר געזאָגט, לאָ'מיר דעם טאַטן נישט וועקן; און אונדזער שמועס איז געווען פון מויל אויף אויער.

די מאַמע, האָב איך באַמערקט, איז שטאַרק צערודערט: זי קוקט אויף מיר פאַרשנדיק, זי וויל עפּעס ביי מיר דערגיין, און איך האָב מיך באַשלאָסן איר גאָרנישט צו זאָגן, על־כל־פּנים נישט ווען דער טאַטע שלאָפט.

— קינד מיינס, וואָס האָסטו געוויינט?

— איך ווייס נישט, מאַמע.

— פילסט דיך געזונט?

— יאָ, מאַמעשי! נאָר טיילמאָל טוט מיר דער קאָפּ וויי.

זי איז געזעסן האלב אָנגעשפּאַרט אויפן בעט און איך האָב צוגערוקט דעם קאָפּ און אָנגעלענט אויף איר האַרץ.

— מאַמע —פרעג איך — וואָס קלאַפּט ביי דיר דאָס האַרץ?

— פאַר מורא, טאָכטערשי.

— דו האָסט אויך מורא ביינאַכט?

— ביינאַכט און בייטאָג, איך האָב שטענדיק מורא.

— וואָס האָסטו מורא ,,,

— איך האָב מורא פאַר דיר...

— פאַר מיר?

די מאַמע ענטפערט נישט, נאָר איך פיל, אז עס פאַלט מיר אירם א טרער אויפן פּנים, א וואַרעמע טרער.

— דו וויינסט, מאַמעשי?

די טרערן פאַלן אָפטער און אָפטער.

„איך וועל נישט זאָגן", באַפעסטיק איך מיך אין דער דעה.

אין א ווייַלע אַרום פרעגט מיך פלוצלינג די מאַמע:

— צי האָט דיר נישט רבקה עפּעס אָנדערציילט?

— וועגן וואָס, מאמע?
— וועגן דיין חתן?
— פונוואַנען קען זי מיין חתן?...
— זי זאָל אים קענען, וואָלט זי נישט גערעדט; נאָר אזוי, ווי אין שטאָט... ווייסט נישט, פאר קנאה... א ייד א גביר, האָט כוח צו נעמען אויף דער עלטער א בתולה, ר ע ד ט מען אוודאי... וויים איך? צי האָט מען דיר נישט געזאָגט, אז דאָס לעצטע ווייב זיינס איז געשטאָרבן, ווייל ער האָט זי געפייניקט?
איך זאָג איר גאַנץ קאַלטבלוטיק, אז איך האָב עפּעס געהערט דער־פון, נאָר פון וועמען ווייס איך נישט.
—אוודאי פון רבקהן — דאָס מויל זאָל איר הינטן שטיין — ביי־זערט זיך די מאמע.
— פון וואָס דען — פרעג איך — איז זי אזוי פּלוצלינג געשטאָרבן?
— פון וואָס? א האַרץ־פעלער האָט זי געהאַט...
— נו וואָס? אז מען האָט א האַרץ־פעלער שטאַרבט מען?
— אוודאי...
מיר האָט עפּעס ווי געקנאַקט אין מוח...

. . . . . . . . . . . . . . .

איך בין געוואָרן א „זיידן קינד” — מען האָט מיך אין אלע הייזער געלויבט; די טאַטע־מאַמע האָבן עס גאָרנישט געקענט פארשטיין; דער שניידער אוודאי נישט. איך האָב מיר גאָר נישט אויסגעבאָטן: וואָס די מאמע האָט געוואָלט, האָט זי געמאַכט, וואָס פאר א מאַטעריע, וואָס פאר א שניט, וואָס פאר א קליידער... אלץ וואָס זי האָט נאָר אליין געוואָלט.
רבקה פלעגט אריינקומען און קניפּן זיך אין די באַקן: „ווער פאר־לאָזט זיך אין מאָדע־זאַכן אויף א מאמען — א יידענע פון דער אלטער וועלט? ! וועסט שבת נישט קענען זיך ווייזן, נישט אין שיל, נישט אין גאַס, אין ערגעץ נישט”!
— דו קווילעסט זיך! האָט זי געענדיקט.
מיר איז איינגעפאַלן, אז איך בין שוין לאַנג געקווילעט. און איך האָב רואיק געוואַרט אויף שבת־נחמו, ווען מען האָט געזאָלט פארבעטן דעם חתן אויף קידוש...
דערנאָך וועט זיין אַן אויפרופן, דערנאָך א חתונה.

דעם טאַטן איז ווירקלעך בעסער. ער גייט טיילמאָל ארוים אין גאַס אריין, ער הייבט אָן געוואָר ווערן וועגן תבואה. רעדן, ווי ער האָט גע־קלערט, דעם חתן וועגן א הלוואה, האלט ער נאָך פאר צו פרי. ער רעכנט שבת־נחמו צו פארבעטן אים נאָך אויף שלש־סעודות און נאָכן שלש־סעודות אריינצוווארפן עטלעכע ווערטער.

אז עס איז שוין אזוי גוט, איז צייט אָפּצושיקן דעם רופא; מען האָט אפילו היינט קרעדיט, ער מאָנט נישט, שיקט שוין נישט דעם יונג, קומט אליין, נאָר עס איז צייט, זאָל זיין אן עק. וויפל מען האָט אָפּגע־שיקט, ווייס איך נישט, נאָר דער שליח איז געווען אברהמל, וואָס האָט געזאָלט, דורכגייענדיק אין חדר אריין, דערלאַנגען די עטלעכע גילדן.

שפּעטער דאָך איז פּלוצלינג אריינגעקומען דער יונג...

— וואָס? ווייניק געשיקט? באַגעגנט אים דער טאַטע.

— ניין, ר׳ יהודה — איך בין געקומען זיך געזעגענען.

— מיט מיר? פרעגט דער טאַטע פאַרוווּנדערט.

אזוי ווי ער איז אריינגעקומען, בין איך אנידערגעפאלן אויפן ערשטן בענקל, וואָס איז געשטאַנען נעבן מיר; נאָר ביי די ווערטער האָב איך מיך פּלוצלינג אויפגעשטעלט און אין קאָפּ האָט אויפגעבליצט א געדאַנק, אז איך דאַרף אים שיצן, נישט לאָזן באַליידיקן. עס איז דאָך נישט גע־קומען דערצו.

— איך פלעג דאָ אריינקומען — האָט ער געמאַכט מיט זיין ווייך, זיס און טרויעריק קול, וואָס האָט זיך געגאָסן אין הארץ אריין ווי א בוימל — אצינד פאָר איך אוועק, אויף שטענדיק... האָב איך געמיינט —

— נו, נו, אדרבה — מאַכט שוין געלאַסענער דער טאַטע — זעץ דיך, יונגערמאַן, עס איז אפילו שיין פון דיין זייט, אז דו געדענקסט א באַלעבאָס... אדרבא...

— טאַכטערשי, מאַכט ער צו מיר, מען דאַרף אים עפּעס געבן!

ער האָט זיך אויפגעשטעלט בלאַס, מיט ציטעריקע ליפּן און פייער־דיקע אויגן, נאָר אין דער רגע האָט זיך אים דאָס פּנים צוריק מרה־שחורה־דיק געענדערט.

— ניין, ר׳ יהודה, איך דאַרף נישט, איך דאַנק אייך — זייט געזונט!

ער האָט די הענט נישט אויסגעצויגן צו קיינעם, און אויף מיר קוים א בליק געוואָרפן.

אין דעם בליק האָט דאָך געשטעקט א פאָרוואורף, עס האָט זיך מיר געדאכט, אז ער באשולדיקט מיך, אז ער וועט מיר נישט מוחל זיין, און איך בין ווייטער אין חלשות געבליבן.

— שוין דאָס דריטע מאָל, — הער איך — זאָגט די מאמע צום טאטן...

„עס מאכט נישט אוים, אין די יאָרן טרעפט זיך עס... נאָר הס־ ושלום ווערט ר׳ זיינוועלע געוואָר, שיקט ער אָפּ די תנאים... ער האָט שוין גענוג געהאט יענע חולנית...”

קיין חולנית בין איך דאָך נישט געוועזן.

אין חלשות בין איך אינגאנצן נאָך איינאיינציק מאָל געפאלן: ביי דער גאָלדענער יויך, אז איך האָב „ר׳ זיינוועלען” דאָס ערשטע מאָל רעכט דערזען...

נישט מער.

אפילו נעכטן, ווען דער רופא, וואָס שניידט „ר׳ זיינוועלען” אוים אלע חודש די נעגל, וואָס וואקסן אים אין די פינגער אריין, האָט מיך, ארויסגייענדיק געפרעגט, צי איך געדענק זיין יונג, און דערציילט, אז ער איז געשטאָרבן אין ווארשעווער שפיטאָל — בין איך נישט געפאלן אין חלשות, איך האָב קוים א טרער געלאָזט. איך האָב אליין נישט געוווסט פון איר, נאָר דעם רופא איז זי, די טרער, געפעלן.

— איר זייט א גוטע — האָט ער געזאָגט, און דעמאָלט האָב איך זי ערשט דערפילט אויף דער באַק.

מער נישט.

איך בין א געזונטע; איך לעב שוין 5 יאָר מיט ר׳ זיינוועלען... ווי אזוי, וועל איך אפשר אן אנדערסמאָל דערציילן.

# קלאָץ־געשיכטן

.1

## דער קלאָץ אַליין



יז מיטן מארק ליגט אַן אַלטער, פוילער קלאָץ...
דאכט זיך, טויט ווי אַלע טויטע — און דאָך, אין אַ שטילער זומער־נאַכט, ווען אַלץ ארום איז פארזונקען אין טיפן שלאָף, ווען לבנה און שטערן דרימלען אונטער אַ לייכטן זילבער־נעפּל, וועקט זיך אין מיר אויף דער אַלטער כישוף־מאַכער... „האָקוס־פּאָקוס!" — דער קלאָץ לעבט!

ערגעץ אין מצרים ליגט אַ פארכישופטער אַלטער קלאָץ, וואָס וועקט זיך יעדן פרימאָרגן (ווען די פרישע, ריינע זון שטייט אויף) און יעדן אָוונט (ווען די זון גייט אונטער פארשעמט און פארבלוטיקט) און גיט פון זיך ארויס אַ וווּנדערלעכן קלאַנג; — מ יי ן קלאָץ דערציילט גאַנצע געשיכטן.

אַלץ, וואָס איך שרייב פונעם שטעטל, האָב איך אים צו פארדאַנקען, דאָס אַלץ זענען „קלאָץ־געשיכטן"... דאָס אַלץ דערציילט ער מיר.

נאָר אָנהייבן הייבט ער אָן פון ז י ך. רעכט האָט ער! יעדערער איז ביי זיך דער הייליקער מיטלפונקט, ארום וועלכן עס שטעלט זיך אויס די רעשט וועלט.

עס גייט כסדר: א י ך, און דערנאָך ערשט אַלץ, וואָס מ י י ן איז: מ יי ן משפחה, מ יי נ ע חברים, מ יי נ ע גוטע פריינט, מ יי נ ע באַקאַנטע, מ יי ן שטאָט, מ יי ן געגנט, מ יי ן לאַנד... אַלץ וואָס מ יי ן איז!

שפּעטער נעמען מיר שוין שותפים צו: א ו נ ד ז ע ר ערד, א ו נ ד ז ע ר וועלט.

פאַר דעם קומען מיר צוריק צו: מ יי ן גאָט! נאָר דאָס זאָל זיין א סגולה צו פּרנסה...

---

טייל מיינען אפילו, אז זיי זענען, נישט נאָר דער מ י ט ל־פּ ו נ ק ט, נאָר זאָגאַר דער ב ר ע נ פּ ו נ ק ט פון דער וועלט. דאָס גאַנצע ליכט לויפט זיך דאָ צוזאַמען אַרויסצושטראַלן ערשט פון זיי אויף דער רעשט וועלט... אָן א חלבן ליכטל אפילו אין האַנט, לויפן די באַרעמ־העַרציקע לייט אַרום אין די גאַסן און שרייען: ליכט! ליכט! ווי אַמאָל דער בביכול און דערנאָך, להבדיל, געטע פאַרן טויט...

אַנדערע קלערן גאָר: צי איז אויסער זיי נאָך עפּעס פאַראַנען!...

„איך בין איך״ — על־כן — בין איך דאָ! נאָר די רעשט וועלט, צי איז זי נישט מיינס א חלום פון א זומער־ צי א ווינטער־נאַכט, ווי עס מאַכט זיך?

און באמת, ווער נייטיקט מיך צו גלייבן, אז אויסער מיר עקזיסטירט נאָך עפּעס? פ י ל ן פיל איך נאָר מ יי ן הונגער, מ יי ן דורשט, מ יי ן עגמת־נפש... איי וואָס — מען זאָגט?

דאָס איז ווייניק!

מען פלעגט אַמאָל זאָגן, אז עס איז פאַראַן: ערלעכקייט, רחמנות, יושר, אמת וכדומה, און עס האָט זיך אויסגעוויזן — א חלום, א ווּיסטער חלום...

און — א והא־ראיה! אז א י ך, איך נאָר, נעם א קאָפּ בראָנפן, טאַנצט די גאַנצע וועלט אַרום ווי שיכור!

לאָמיר בעסער צוריקגיין צום קלאָץ, צו זיין אויטאָביאָגראַפיע!

---

געווען איז ער אַמאָל א בוים.

א פרישער גרינער בוים אין וואַלד!

געוואָרצלט האָט ער אין דער ערד, געצווייגן זיך אין הימל אַריין...

אָן אָדלער, נאַטירלעך, פליט העכער: ז יי נ ס האָט ער דאָך ג ע־ט ו ן ב ש ל מ ו ת; ע ר ה אָ ט ז י ך ג ע ה ו י ב ן א ו ן ג ע ה ו י ב ן, א י ב ע ר ז יי נ ס ג ל יי כ ן ג ע וו א ק ס ן! ער האָט שוין אפילו א גרויס שטיק הימל געזען!

טיילמאָל האָט זיך אים געדאַכט, אז אָט־אָט, פאַלט אַראָפּ דאָס טע־

לערל פון הימל און לייגט זיך אים — א קרוין אויפן קאָפּ! און ער איז ווערט די קרוין, ער ציט זיך אַלץ־אין־איינעם ארויף! ...

געלעבט האָט זיך נישט שלעכט!

טויזנט בלעטער צום עטעמען, אריינציען גרינצייג... א פּאָר שאָק וואָרצלען אונטער דער ערד, צו ציען חיונה — זאפט און זאַלץ! דאָס איז פאַרן גוף; די נשמה האָט: פייגל־קאָנצערט און וואָלקן־מאסקאראדע!

צווישן די צווייגן זשומט, ברומט, טרילערט און קלינגט... אויפן הימל פליט און ציט, און יאָגט זיך. פון א זייט שווימט א סטאדע וואָליקע שעפּעלעך; אָט טרייבט זיי אקעגן א גראָמאדע צויטיקע, שווארצע וועלף... אַלע פארשווינדן, און איבער דער ברייט פון הימל ציט זיך אויס א לאַנ־גער דייטש מיט גרויסע שטיוול, מיט א מעשענע פּיקל־הויב אויפן קאָפּ... ער ווערט אויך צערונען, שאַ! דער הימל ענגט ארוים וועש צו טריקע־נען... דאָס „גרעט״ שאָקלט זיך, הוידעט און וואַרפט זיך, גלייך עס וויל אראָפּפאלן און א האלבע וועלט „מלביש־ערומים״ זיין...

---

דאָס איז אַלץ זומער.

ווינטער־צייט הילט זיך איין דער בוים אין ווייסן מאנטל און דרימלט. ער שלאָפט איין, און ח ל ו מ ט־א י ב ע ר א ו ו ע ל ט!

אין אזא שלאָף הערט ער איינמאָל: טראַך! טראַך!

א האַק, צי א דונער! ער צי אַן אנדערער?

איידער ער קומט צו זיך — באַץ! ער ליגט שוין אויסגעצויגן אויפן שניי...

און ער שלאָפט ווייטער איין... און ער חלומט ווייטער:

— פארפאלן! עס וועט זיך אָנהייבן א ניי לעבן, נאָר אַן אנדער לעבן! נישט אין ה יי מ י ש ן וואלד, נישט צווישן זיינס־גלייכן —ביימער, נאָר אין דער אייביקער פרעמד!

נישט „הימל און ערד״ וועט עס הייסן, נאָר „הימל און וואסער״, בעסער געזאָגט: הימל און הימל, אַן אמתער פון אויבן, אַן אָפּגעשפּיגל־טער פון אונטן...

א מאַשט וועט ער זיין, אויף דער גרעסטער שיף שווימען; אויף דער גרעסטער שיף, אויפן גרעסטן ים! א וועלט וועט ער זען!

דעם וואלד וועט ער ד אָ ך נישט פארגעסן!

וועט ער נענטער קומען צו א שטיק ערד, וועט ער זיך שאָקלען און גריסן דעם וואלד... פון צייט צו צייט וועט אים דער ווינט צוטראָגן אביסל ריח פון נאָדלען און בלעטער... אויף דער שיף וועט געוויס זיין א שטייגל... דרינען א קליין זים פייגעלע...

ער חלומט און פילט, ווי די האַק שפּאַרט אים אין די זייטן, שיילט און רייסט... שאַדט נישט!

„טערפּי קאַזאַק, אַטאַמאַנאַם בודיעש!"

אַנדערע האָט מען אויף פּיצפּיצלעך צעהאַקט, אויף אַש פאַרברענט, אויף אַלע וועלט־עקן פאַרשפּרייט דאָס אַש און צעזייעט, און ער וועט זיין א מאַשט!

---

אויפגעכאַפּט האָט ער זיך נישט אַלס מאַשט... מען האָט פון אים קוים א באַלקן געמאַכט, אין א הויז איינגעמויערט.

ענג, דושנע, פינצטער — עס דריקט פון אַלע זייטן..

ער פאַלט אַוועק אין א נייעם שלאָף, אין א וויסטן שלאָף; אָן חלומות, אָן האָפענונג, אָן טרייסט...

און אַזוי איז ער פופציק און אפשר הונדערט יאָר געשלאָפן...

און עס וועקט אים ווייטער: טראַך! טראַך!

ער כאַפּט זיך שוין אויף באמת אין א ים. אין א רויטן, פייערדיקן ים... פּאַליעס פייער שלאָגן...

דאָס איז מיין עק! — טראַכט ער — אין גיהנום בין איך! מיינט ער.

נאָר א קלאָץ דענקט און די פּאָזשאַרנאַ קאָמאַנדע לענקט און טוט אירם... אַצינד ליגט ער אינמיטן גאַס...

---

ער ליגט און פוילט און נוצט נאָך דער קליינער וועלט...

האָלץ־ווערים ציען פון אים די גאַנצע פּרנסה... א צעשויבערטע דינסטמויד לויפט צו און רייסט אויס א קינדל... דער שרייבער פון מאַגיסטראַט נעמט זיך יעדן טאָג נאָכן מיטיק א צאָן־שטעכער... פּרייטיק רייסט פון אים, ווער אין גאָט גלייבט, עדות צום נעגל־פאַרברענען...

קומט אינמיטן דער נאַכט אין שטעטל א קליין סוחרל, א נשרפל, צי אַזוי א בעטלער, נעכטיקט ער איבער אויפן קלאָץ...

טיילמאָל ציט זיך אויף אים אויס דער נאַכט־וועכטער און שנאָרכט...

.2

# ביי טאָג

אַ זומער־מאָרגן . . .

מיט געשריי און געוויין, געלעכטער און געזאַנג רייסט זיך דאָס יונג־וואַרג אַרויס פון די קליינע הייזלעך . . . גאַקעט, האַלב־נאַקעט, מיט און אָן שטיקלעך ברויט אין די הענט — לויפט עס צום קלאַץ.

מען שפּילט זיך . . .

און שפּילן זיך הייסט קאָפּירן די עלטערע וועלט.

אַלס חתן־כלה פּאָרט מען אויף אַ שטעקן שפּאַצירן, קושט מען זיך אין די ווינקעלעך, שענקט מען זיך מתנות.

איז ווייניק, דערלייגט מען נאָך אַ שערבעלע, נאָך אַ שטיקל גלאָז פון אַ גרין אָדער אַ בלאָ־געוועזענער פלאַש, נאָך אַ שטיקל לעדער... אַ'נישט גייט דער שידוך אָפּ, האָט מען אַ דין־תורה, צאָלט מען קנס...

אַלס מאַן און ווייב, קריגט מען זיך, שעלט מען זיך און מען שרייט... ווערט מען מיד, לאָזט מען דעם רעשט גרימצאָרן אויס צו די קינדער, צו די אָרעמע קינדער פון האָלץ און שמאַטעס...

זיי זענען „ממזרים" . . . ווילן נישט לערנען, נישט פרום זיין, נישט טון די הענט אין קאַלטן וואַסער אריין . . . נאָר פרעסן וויל עס און זויפן, און עס האָט אַ קישקע אָן אַ דנאָ!

פאַר גרויס צרות מאַכט מען זיך „שטעלן"; פאַרשעלט מען די קונימס ביינער. צו דער סחורה — ווי אַ גאָט אין הימל — לייגט מען צו, און צאָלן מוז מען פּאַטענט, שטעל־געלט, מלמד־געלט, דירה־געלט, הייגט קינדער חתונה מאַכן . . . און זיי דינגען זיך נאָך, די נשמה ציען זיי אַרויס!

דערנאָך גייט אַ לוויה . . . אַ קאַץ איז געפּגרט, צי מען האָט אַ טויט מייזל געפונען...

אינמיטן קומט דער באַהעלפער.

---

אין מיטן טאָג פאַרנעמען דעם קלאָץ עטלעכע ווייבלעך, קעסט־קינדער . . . ביים שיינעם וועטער זעצן זיי זיך אויס אין די ווייסע יאַקע־לעך, קאָלירטע טיכלעך און, פאַר בושה, מיט אַ האַנט־אַרבעט אויף דער שויס. און מען פאַרברענגט אַ גוטע שעה...

פריער גייט עס צו שטיל.

איינע רויטלט זיך און דערציילט, ווי גוט זי ווערט באהאנדלט; די צווייטע „האט נאך זייט זי לעבט אזא מאן נישט געזען!", די דריטע שווייגט און פלאמט; די מוז זיין די גליקלעכסטע... טייל מאל שלינגט דאך איינע אראפ א טרער נאך א טרער — מען האט איר געוויס אן אלטן מלמד געגעבן...

דערנאך ווערט רעדאגירט די שטאט־צייטונג, די מויל־ארבעט, וואס צעפלים זיך פייל פון בויגן אין אלע שטובן, אין אלע הייזער אריין, און קומט דערנאך צוריק צום קלאץ פארגרעסערט און פארשענערט, נישט צום דערקענען...

עלטערע מענטשן זאגן, אז פון קלאץ וועט קיין גוטס נישט ארויס...

---

פארנאכט גייען שוין די יונגע ווייבלעך, אויסגעפוצט אין די נאך פרי־שע חתונה־קליידער הינטער דער שטאט, אויפן שאסיי, ביים ראנד פון קליינעם וועלדל, פון וועלכן אונזער קלאץ קומט ארויס. אין וועלדל זיך „ארײנלאזן" איז קיין שטייגער נישט; עס וואלט שוין צופיל „דייטשע־ריש" אדער „פריציש" געווען... די „שיינע ברײנדל" פלעגט שפאצירן אין וואלד, האט זי זיך אמאל אויסשפאצירט, אויף אלע שונאים געזאגט: —„א רחמנות אויפן אלטן פאטער, אויפן געוועזענעם לאנד־שדכן, ער שעמט זיך פאר דער ליכטיקער שיין!"

דעם קלאץ פארנעמען דערווייל עטלעכע אלטע ווייבער, וואס כאפן זיך ארויס אויף א רגע, אביסל לופט צו שעפן, אביסל נחת צו האבן און אפצורעדן זיך פון הארץ...

און, אז מען האט שוין איבערגעשיט דאס גאנצע שטעטל, רעדט מען פון „וואס אמאל איז געווען און היינט איז נישטא"...

אמאל זענען געווען געטרייע מענער און היינט — פאר די הינט ארויסצוווארפן, איינס ביי איינס טריפה ווי חזיר; עס גייט זיי קיין וואר ווארט ארויס פון מויל... נאך דער חתונה איז „קעטשעלע־מעטשעלע", ביי איין טיש עסט מען, פון איין שיסל; — וואס עלטער — ווערט מען קעלטער, און — גארנישט!

פארצייטנס פלעגט א יידענע האלטן אן אוראייניקל ביים פארטוך און איר אייגנס ביי דער ברוסט; היינט נאכן דריטן, העכסטנס נאכן

פערטן מאָל — קראַנק, דאַרף מען שוין דאָקטוירים און... דאָ רוימט מען זיך איין עטלעכע סודות און מען שפּייט אויף אַלע זייטן...

דעריבער שטראָפט טאָקע דער בורא־עולם... ער וועט זיין גוטס נישט וואַרפן אין דער בלאָטע אַריין. פּרנסה נישטאָ, קליינע קינדער גייען אוים ווי די ליכט, פאַר זעלנער נעמט מען... און קהל, און רב שווייגן! —

אפילו די זון איז שוין אויך נישט דאָס, וואָס אַמאָל! פּאַרצייטן פלעגט מען פון פּסח ביז סוכות גיין אין איין העמד... עס רעדט זיך נאָר אַזוי, באַשפּינט און באַנייט איז מען געווען, און די ספּאָדניצעס מיט די זילבערנע און גאָלדענע פּליטן זענען אַ סך שענער געווען, ווי די היינטי־קע מאָדעס... נאָר וואַרעם איז געווען, אַ מחיה! ווער האָט געוווסט פון הוסטן, פון שווערן אָטעם, פון אַ ציטערניש אין די ביינער?

---

די זון גייט אונטער; די ווייבער צעלויפן זיך; מען דאַרף וויע־טשערע קאָכן. פאַר די „געטרייע" מענער, דאָס פּנים פאַרפלאַמען...

עס פלאַמט אויף איין פענצטער נאָכן צווייטן, אַ שויבן־טיר נאָך אַ שויבן־טיר. מיט די רויטע אויגן קוקן די הייזלעך אין גאַס אַריין, און ביים קלאַץ זיצן שוין מענער נאָך מנחה־ומעריב.

מען רעדט פון פּאָליטיק, פון פּרנסה, פון יידישן מזל...

איינער ציט זיך אוים אויף דער וואַרעמער ערד, שפּאַרט אָן דעם קאָפּ אויפן ווייכן, פוילן האַלץ און קוקט אין הימל אַריין מיט צער, מיט נחת, מיט געבעט — ווי איינער, ווי אַמאָל — און דרימלט אַזוי איין.

פּלוצלינג ווערט אַ געשרייעריי פון טיר און פענצטער, ווייבערישע קולות רופן: חיים, יאָסל, ראובן.

אַנדערע, מיט אַ צולאָג — אַ קללה: דיין נאָמען זאָל אַהיימקומען; די קאַרטאָפל ווערן קאַליע!

---

און ערשט גאָר שפּעט, אַז דאָס שטעטל שלאָפט איין, רוקט זיך אַרוים פון נידעריקסטן הייזל ר' שמערל, דער געוועזענער לאַנד־שרכן...

פערציק יאָר איז ער אַרומגעלאָפן זוכן חתנים און כלות, ביז ער האָט די פים פאַרלוירן; קוים ער שלעפּט זיי נאָך...

אַ האַלבן געגנט האָט ער חתונה געמאַכט, נאָר אָן זיין אייגענער

טאַכטער פאַרגעסן... און גרויען צאָפּ אַריין פאַרזעסן... ניינצן יאָר דער־לעבט!

ער זעצט זיך און באַהאַלט דעם אַלטן גרויען קאָפּ אין די ציטער־דיקע הענט... נדן האָט ער איר געקליבן; נישט געגעסן, נישט געטרונ־קען, צופּום מיילן גאַנצע געגאַנגען... אַלץ געקליבן און געקליבן!

אַזאַ חרפּה, אַזאַ שאַנד!

ער הייבט די אויגן אויף צום הימל.

כאָטש גוט, וואָס זיין רחל האָט עס נישט דערלעבט!

— גאָט! — וויינט אין אים דאָס האַרץ — זאָל זי נ אָ ך תשובה טון... א ו ו ע ק וועל איך מיט איר... איך וועל איר א נייעם נדן צוזאַמענמאַכן... מיט קראַנקע פיס וועל איך פון טיר צו טיר אויף הכנסת־כלה גיין... חתונה מאַכן, לייטיש חתונה מאַכן!

— גאָט, שיק א שטראַל פון דיין ליכט אין איר האַרץ אַריין! א האַרץ האָט זי דאָך א גוטס געהאַט, א גוט האַרץ... א שטילע איז זי, א גוטע געווען... א האַרציקע!...

— מעשה־שטן, מעשה־שטן! — קלאָגט דער אַלטער אין דער שטי־לער נאַכט אַריין...

---

און אַז ער גייט אויך אַוועק, דאַמאָלס דערציילט מיר דער קלאָץ זיינע מעשהלעך.

3.

## נאָך האַלבער נאַכט

טאָפּלט דיק ווערט דער קלאָץ; ער גיסט זיך אָן מיט זיין אייגענעם שאָטן צוזאַמען. א גרויע, טיפע שטילקייט וויגט זיך איבערן טויטן מאַרק.

דאָס שטעטל שלאָפט; טיר און טויער געשלאָסן.

זעלטן רוישט דורך דער לופט א פלעדערמויז, אַן אומגליקלעכע פלעדערמויז אין א שטעטל, וווּ די ווייבער האָבן קיין האָר נישט! פון ערגעץ אַן אונטערגאַס בלעקט פון צייט צו צייט א קעלבל, גלייך עס וואָלט זיך געקלאָגט אויפן לעבן, וואָס עס איז צו קורץ און ווערט נאָך פאַר דער צייט איבערגעריסן מיט געוואַלט. פון צייט צו צייט לאָזט זיך הערן א הונט

פון דער קריסטאָלעכער פּאָרשטאָט, וואָס קאָן די לבנה נישט ליידן; וואָס רירט זי זיך אין דער שטילער נאַכט? — — —

ווייטער איז שטיל, די אָרעמע קליינע וועלט האָט קוים איינגעוויגט אירע קליינע — ווען אויך גענוג טיפע — שמערצן, האָפענונגען און פאַר־לאַנגען, ווי אויך איר קליינעם יצר־הרע...

---

שטיל און טרויעריק ליגט דער קלאָץ אין מיטן מאַרק; שטיל און טרויעריק שווימט איבער אים אין הימל א פולע געלע לבנה.

וואָס ביסטו לבנה אזוי געל? וואָס איז אזוי קרענקלעך דיין פּנים? פון דיר שניידט מען דאָך קיין צאָן־שטעכער, קיין עדות צו נעגל, קיין קינדלעך? צי האָסטו מיטלייד מיטן יידישן קעלבל פון הינטערגאַס? צי שרעקט דיך דער הונט פון דער קריסטלעכער פּאָרשטאָט?

און פיליכט ביסטו גאָר אונדז אָרעמע מענטשן מקנא, ווייל, ווי עס איז, האָבן מיר א נאַכט צום שלאָפן?

קראַנקע לבנה! נישט אַלע שלאָפן.

---

דאָ און דאָרט שפּאַרט זיך אַרויס אביסל ליכט דורך א שפּאַרע פון א לאָדן; אַרום מאַנכע ציטערן דין־שטראַליקע, רויטלעך־בלויע מגן־דודס...

דאָ איז זיך א שניידער, צי א שוסטער, און אפשר א טלתים־וועבער, ביי דער אַרבעט פאַרזעסן. אָן אָרעמע נייטאָרן פּינטלט מיט די רויטע אויגן און נייט, און שטעפּט...

דאָרט שטייט אויף א דערשראָקענע מוטער צום קראַנקן קינד...

ערגעץ אַנדערש אין א ווינקעלע, ביי א גראָשנדיק חלבן ליכטל, ציילט אוים א בעטלער זיין צוזאַמענגעמאַכט פאַרמעגן.

אינעם גרויסן, ווייסן הויז ליגט א קראַנקע; זרח שענקערס ווייב. גיי באַרעכן א וועלט: א יונג ווייבל, אַן אַלטער מאַן; גייט ער אַרום א געזונ־טער און זי ליגט איבעראַנאַנד! שטאַרבט זי אַוועק, עם ברענט א קאַגאַ־ניק, עם זיצט א חברה־מאַן... זרח גייט אַהין און צוריק פאַרטראַכט און רייסט זיך די איינציקע האָר פון דער ווייסער באָרד:

„ער האָט זי באַלד נישט געוואָלט! וואָס האָט אים געטויגט אַזאַ בלאַסע, אַזאַ ווייסע... מען האָט זי אים איינגערעדט; איינגערעדט האָט

מען זי אים... ער האָט י ע נ ע געוואָלט און י ע נ ע ר להכעיס האָט ער מיט ד ע ר חתונה געהאַט...

עס לייכט זיך אויך ביים דיין אין פענצטער. ע ר זיצט נאָך און לערנט, און אפשר קלערט ער שוין וועגן אַ הספד; זרח איז אַ גביר און אַ ייד אַ למדן: אשת חבר כחבר...

---

ווו עס איז פינצטער שלאָפן אויך נישט אַלע...

קעגנאיבער דעם גרויסן ווייסן הויז שטייט אַן איינגעפאַלענע, פאַרפינצטערטע שטוב, מיט אויסגעביסענע ווענט. די לאָדנס העגגען קרום אַראָפּ און פאַרמאַכן שוין לאַנג נישט די פענצטער. אין שטוב, ביי דער בלאַסער שיין פון דער לבנה ציטערן ווי בלוטיקע פלעקן די קישנס אַן ציכלעך אויף צוויי שטענדיק זיפצנדיקע בעטן...

אַן אַלטער איינגעשרומפּענער ווייבער־קאָפּ מיט אויסגעלאָשענע אויגן הויבט זיך אויף און רופט צום צווייטן בעט:

— טויבע, הערסטו?

עס קומט פון צווייטן בעט קיין ענטפער, עס הערט זיך פון דאָרט קיין אָטעם נישט. די אַלטע לאָזט זיך נישט נאַרן, זי ווייס, אַז טויבע שלאָפט נישט, אַז זי קאָן נישט שלאָפן... עס לאָזט זי נישט שלאָפן...

— טויבע! — רופט די אַלטע האַרטער.

— וואָס ווילסטו, מאַמע? — הערט זיך פון צווייטן בעט אַן אָפּגעריסן קול, אָנגעזאַפּט מיט טרערן, — וועסט מיר די קינדער וועקן!

די אַלטע שווייגט אַ רגע. אין דער שטילקייט הערט זי, ווי טויבע דרייט זיך איבער אין בעט און פאַרגראָבט דאָס פּנים אין קישן.

— הערסט, טויבע! — מאַכט די אַלטע נאָך אַ ווייַלע — דיין מאַנדל וועט היינט־מאָרגן אוועק... ער האָט שוין דעם טלית־זאַק פאַרפּאַקט... אַן עגונה וויל ער דיך לאָזן, אַן עגונה! ער האָט דען יהדות? ער האָט דען אַ יידיש האַרץ?... ער וועט דיר קיין גט ניט לאָזן!

פון צווייטן בעט הערט זיך אַ פאַרשטיקט געוויין.

די אַלטע מרוטשעט פאַר זיך:

— טאַטע־מאַמע נישט געפאָלגט... געפוצטע שטיוועלעך געוואָלט...

זרח — אַ שמאַלץ־גרוב — נישט! געפוצטע שטיוועלעך! דעם טאַטן אין קבר אריין געפירט... גאָט שווייגט נישט, גאָט צאָלט... רבונו של עולם...

טויבע שפּרינגט אַרויס, ווי אַן אונטערגעשאָסענער פויגל, פון בעט, כאַפּט אויף זיך אַ קלייד מיט אַ שאַל און לויפט אַרויס פון שטוב.

— און יענע שטאַרבט — מרוטשעט ווייטער די אַלטע און לייגט דעם ציטערדיקן קאָפּ צוריק אויפן רויטלעך־שוואַרצן קישן — וואָלט ער איר אַ גט געלאָזט, וואָלט אפשר נאָך צוריק אַ זיווג געווען...

---

טויבע זעצט זיך אויפן קלאָץ. די באָרוועסע פיס צעפליסן זיך אין זאַמד, די גרויע שאַל מיטן גרויען קלייד אין דער גרויער לבנה־נאַכט... עס זעט זיך נאָר איר בלאַסער פּנים מיט די ברענענדיקע אויגן, וואָס קענען זיך נישט אָפּרייסן פון גרויסן, ווייסן הויז, פון ציטערדיקן ליכט, וואָס רייסט זיך אַרויס דורך דער שפּאַרע פון די גרינע לאָדנס...

— שטאַרבן — טראַכט טויבע — איז נאָך גאָר נישט!

נאָר זי דערשרעקט זיך פאַר אירע אייגענע ווערטער; זי זאָל עס נאָר נישט האָבן אַרויסגעזאָגט אין אַ בייזער שעה!

— לעב, לעב מירעלע: ליספּעלט זי מיט ציטעריקע ליפּן. זאָל דיר גאָט דיין לעבן באַנייען... הונדערט און צוואַנציק יאָר זאָלסטו לעבן...

דאָס געבעט רייסט זיך אָפּ פון זיך אַליין. טרויעריק־פינצטערע גע־דאַנקען באַהערשן זי. נאָך בייטאָג האָט זי געהערט, אַז דער דאָקטאָר האָט אָפּגעטרעטן פון מירלס בעט, אַז אַלע מבינים האָבן אַוועקגעמאַכט מיט דער האַנט...

„איין גאָט קאָן העלפן”, האָט מען געזאָגט, און טויבעס האַרץ צי־טערט, צי וויל נישט גאָט אויספירן זיינס... צי איז זי מיט זרחן קיין זיווג נישט געווען...

ער (איר מאַן) מוז אַוועק, עס איז שוין נישטאָ פונוואַנען צו לעבן... אַמעריקע ציט אים... און יענע — יענע שטאַרבט...

זי בלייבט און זרח בלייבט...

— „נאָר נישט קיין גט, נאָר נישט קיין גט!” — צאַפּלט אין איר דאָס האַרץ —

דאָס אַלץ האָט מיר דער קלאָץ דערציילט.

---

# צוזאַמען

(פאָלקסטימלעך)


ים יאָסל מלמד איז שלעכט...

ער אַליין האָלט עס אפילו נישט פאַר שלעכט. וואָרום וואָס? קיין האַניג פון לעבן האָט ער קיינמאָל נישט געלעקט. קיין יונגער־מאַן איז ער נישט, קיין מיתה חטופה וואָלט עס נישט געווען; ליגט שוין, לא עליכם, אַ שיינע פּאָר וואָכן! און דערצו איז פּונקט חודש ניסן, וואָלט ער כאָטש פּטור געוואָרן פון חבוט הקבר. לאָזט זי אָבער נישט, יענטל די רביצין; מאַכט זי קולות. זי און די קינדער... גוס'עט ער און גוס'עט, שוין עטלעכע מאָל ווידוי געזאָגט, אויסגעצויגן זיך, איבערגעדרייט צו דער וואַנט, און זי לאָזט נישט קומען צו יציאת נשמה; זי און די קינדער. ער פינטלט מיט די אויגן, בעט זיך ביי איר רחמים, — דאָס קול האָט ער שוין לאַנג אָנגעוואָרן, — און זי מיט די קינדער טרעטן נישט אָפּ פון בעט און מאַכן יללות...

קריגט מען דאָרט אויבן אויף אים רחמנות.

מאַכט זיך, איינמאָל ביינאַכט, שוין אפילו נאָך חצות, הויבט עפּעס אָן צו רוישן אונטערן פענצטערל, און פּאַמעלעך גייט איבער דאָס רוישן אין אַ מין נגינה — עפּעס נישט געזונגען, נישט געשפּילט אויף אַ כלי, און פאָרט נגינה, און אַזוי מחיהדיק שטיל און זיס, אַז עס צעגייט אין אַלע אברים.

ווערן יאָסלס ווייב און קינדער מיט אַמאָל שטיל, הערן זיך איין צו דער נגינה. באַלד דערפילן זיי עפּעס אַ זיסע מידקייט אין גאַנצן גוף, לאָזן זיך אַראָפּ אויף דער ערד אַרום בעט, שפּאַר'ן אָן די קעפּ אָן די לייסטן, די ברעמען פאַלן צו, די אויגן שליסן זיך, און זיי דרעמלען איין.

האָט זיך די נשמה דערמיט באַנוצט און אַרויסגעכאַפּט זיך פון גוף.

מילא, גלייך אַרויף קאָן דאָך די נשמה נישט; נישט אַזוי לייכט זיך

אפּצושאָקלען פון שטויב פון דער ערד און אויסגלייכן די פליגעלעך, און אגב מוז זי דאָך, על פּי דין, בלייבן ביים גוף, כל־זמן ער קומט נישט צו קבר ישראל: מוז נאָכגיין דער מטה, זען די קבורה, אויסהערן קדיש.

פליט זי, די נשמה ארויס דורך די נאָזלעכער פון גוף, כאַפּט זיך ארויס דורך דעם אָפענעם לופטשיק פון שטוב, שטעלט זיך א ווײַלע און ווארפט פון יענער זייט ארײַן א רחמנות־בליק צום בעט, צום אויסגעצווי־גענעם גוף, וואָס האָט שוין אפילו נישט געצאַפּלט, דרייט זיך אויס, און הויבט אָן זיך ארומצודרייען ארום הויז...

איז אָבער יאָסל מלמד במבע א פארטראכטער געווען, א פארחושטע נשמה געהאַט, פארגעסט זי זיך, די נשמה, לאָזט זיך אין מארק ארײַן, דערנאָך פון מארק און פון שטעטל ארויס; מיידט אוים די לעצטע הײַזלעך, די באָד און גייט אזוי אַלץ ווײַטער און ווײַטער...

איין בורא עולם ווייסט, ווי לאַנג עס האָט געדויערט און וויפל זי איז אָפּגעגאַנגען. פליען האָט זי כמעט נאָך נישט געקאָנט, גייט זי און גייט און קומט צו צו א בערגל. דערהערט זי פלוצלינג פון דער הויך א גערויש, א גערויש אזוי ווי פון פליגל. דערמאָנט זי זיך, די נשמה, אָן דעם טויט, מיינט זי, אז ס'איז שוין נאָך קבורה, אז זי גייט עס ארויף, ווו מען דארף, און אז דאָס רוישן די פליגל פון די מלאכים, וואָס מען האָט איר געשיקט אנטקעגן... צעשמייכלט זי זיך, די נשמה, עס קומט איר: פאַר דער תורה הקדושה אוועקגעלייגט דאָס געזונט מיטן לעבן... ווערט זי דערפרייט: איילט זיך צו, סאָפּעט און גייט בארג אויף, אַלץ פארחושט. אינמיטן הויבט זי אָבער די אויגן אויף, דערזעט זי — א ווינט־מיל! און די ווינט־מיל דרייט זיך, א ווינטל געווען, און די פליגל רוישן אין דער לופטן. מילא דערמאָנט זי זיך, אז עס איז נאָך פאַר קבורה און קוקט אזוי ווײַטער: ביי דער ווינט־מיל, דערזעט זי, שטייט א הייזל, מיט עטלעכע פענצטערלעך, און צוויי פון די פענצטערלעך זענען זייער ליכטיק. וואונדערט זי זיך, וואָס עס לייכט זיך נאָך ערגעץ אזוי שפּעט. קוקט זי זיך אום, דערקענט זי די מיל; ערשט פאראיאָרן האָט זי דאָ ווײַץ געכשרט, משגיח געווען ביים מאָלן מצה־שמורה־מעל, ס'איז פריידל דער אַלמנהס מיל... פלעגט ביי איר מאָלציימן עסן, די בנים פארהערן — גרויסע עם־הארצים געווען! — און זי פלעגט אים מכבד זיין מיט גריוון און קלאָגן זיך פאַר אים, באשר בכן, דער מאן האָט זי פארלאָזט בחצי ימיו,

איבערגעלאָזט איינע אַליין מיט קינדער אין אַ דאָרף, מיט אַ גרויסער ווינט־מיל, וואָס וואַקסט איר איבערן קאָפּ... וכדומה... און אויפן שכן פּלעגט זי זיך קלאָגן, אויפן ייד פון צווייטן דאָרף, פון דער צווייטער ווינט־מיל, וואָס רעדט איר אָפּ די קונים, — און אַצינד אַזוינע יום־טובדיקע ליכ־טיקע שויבן! איז איר אַ גרויס חידוש, דער נשמה, גייט זי נענטער צו, קוקט אַריין; און ווערט נאָך מער נתפּעל. נישט חודש, נישט שבת און קיין יום־טוב אוודאי נישט. און דער טיש איז ווייס געדעקט, און אויפן טיש שטייט אַ שאַבאַשניק, אָנגעצונדן אַלע זיבן ליכט, אויפן ווייסן טיש־טוך — כיבוד. די בנים זענען נישט אין שטוב, אוודאי אין דער צווייטער מיט די פינצטערע פענצטערלעך, שלאָפן שוין אוודאי... און ביים טיש זיצט פריידל, נישט פאַרמעליקט, אַ שבת־יום־טובדיק מלבוש, מיט אַ ווייס זיידן טיכל איבערן קאָפּ — פון איין זייט; און עפּעס אַ ייד, אין אַ נייעם קאַשקעט און טוכענער קאַפּאָטע — אין דער צווייטער זייט טיש. פאַלט איר איין: דער ייד פון צווייטן דאָרף, פון דער צווייטער מיל! און ער איז אויך גאָר נישט פאַרמעליקט, און דער ייד, זעט מען בחוש, שדכנט זיך צו איר... מען נעמט אַ קאָפּ, מען טרינקט לחיים... און זי בעט זיך נאָר: שטיל! די קינדער זאָלן אין דער צווייטער שטוב נישט הערן... און מען הויבט ווייטער אויף די גלעזלעך!

אינמיטן ווערט די יידענע טרויעריק און פרעגט: און די קינדער? קינדער אין שטוב, זאָגט דער ייד, האָט ער פיינט... כ'זאָל וועלן קינדער, זאָגט דער ייד, וואָלט ער אַ בתולה גענומען און אייגענע געהאַט... ווײל זי זיך פון אים אָפּרוקן... כאַפּט ער זי אָן ביי דער האַנט און קוקט איר אין די אויגן אַריין... די מיידלעך, זאָגט ער, מעגן זיך שטעלן אין שטעטל אויף אַן אָרט, ער וועט זיי אָפּפירן. דאָס יינגל, — ער האָט אַ קרוב אַ דרדקי־מלמד, וועט ער אים אָפּגעבן פאַר אַ באַהעלפער... און — ווי זי וויל! זי — אַ יידענע! כליפּעט און טרינקט ווייטער: לחיים! און דערווייל קרייעט דער האָן, דער ייד כאַפּט זיך אויף, ער מוז פאָרן אין שטעטל אַריין נאָך אַ חופּה און אַ מנין... זי באַגלייט אים ביז צו דער טיר, ער פאַרשווינדט אין דער נאַכט אַריין, און זי וואַקלט זיך צוריק, קומט צו צו דער טיר פון דער שטוב, וווּ די קינדער שלאָפן, פאַלט צו מיטן פּנים צו דער מזוזה, און צעוויינט זיך אויף אַ קול: הלוואי וואָלט זי דער מאַן געווען מיט זיך מיטגענומען, נישט איבערגעלאָזט איינע אַליין, וואָלטן די

קינדער יתומים אָן טאַטע־מאַמע געוועז, קיין שטיף־טאַטן נישט באַקו־מען, וואָלט וועד אויף זיי רחמנות געהאַט...

כאַפּט זיך ערשט די נשמה, וואָס מיט איר איז געשעז, און דרייט זיך אויס, און לאָזט זיך צוריק אַהיים... בלאָנדזשעט אַביסל און קומט דאָך צום שטעטל צו. מען קלאַפּט אין שיל אַריין: דריי מאָל! אַ שטיין איז איר אַראָפּ פון האַרץ;אַפּנים, מען ווייסט נאָך נישט... קומט צו צו דער שטוב, דער לופּטשיק — אָפן, דער עולם אַרום בעט שלאָפט, די נאָז־לעכער פון גוף — נאָך נישט פאַרקילט, כאַפּט זי זיך צוריק אין גוף אַריין, און גאָר נישט!

אינדערפרי, דאָס געדרודער אין מאַרק וועקט זיך, פּויערים מיט פורן קומען אָן; קלייטן עפענען זיך, די איינגעשלאָפענע בני־בית כאַפּן זיך אויף: אַ נס! יאָסל מלמד שוויצט. איבער נאַכט אַ קריזיס געוועז. מענטשן גייען דאַוונען און טרעטן אָפּ: ששון ושמחה, נאָר ריידן רעדט ער נישט, אָפּגעשוואַכט, גייט מען דאַוונען. יאָסל, זאָגט מען, איז אונדזער... טרייבט דאָס ווייב די מיידלעך אַרויס צו דער שטעל, די יינגלעך אין חדר אַריין, און וויל אויך אַרויסגיין און אַריינרופן אַ שכנה אויף איר אָרט, נאָר אַזוי, ווי זיי בלייבן אַליין, זעצט זיך יאָסל אויף און זאָגט איר: זיי וויסן, זאָגט ער איר, אַז דו וועסט היינט־מאָרגן אַוועקגיין פון דער וועלט, דעריי־בער זאָג איך דיר אָן, זאָלסט קומען אַהין מיט אַ ריינעם חשבון... גיי, על־כן, אין מאַרק אַריין, זע איינצומאָנען דיינע חובות און באַצאָל וועמען דו ביסט שולדיק... דאָס זאָלסטו טון איבערן טאָג און פאַרנאַכט זאָלסטו אַהיימקומען, מיטברענגען זאָלסטו אַ מנין מענטשן, און וועסט דיך לייגן אין בעט און ווידוי זאָגן, און די רעשט געהער צו זיין ליבן נאָמען... וואָרום איך וויל נישט, מיינע קינדער זאָלן באַקומען אַ שטיף־טאַטן, האָב איך מיר עס אויסגעבעטן, זיי זאָלן בעסער בלייבן יתומים אָן טאַטע־מאַמע, וועט קהל אויף זיי רחמנות האָבן און השגחה געבן...

מיינט זי, ער רעדט פון וועג, נאָך נישט ביי די קלאָרע געדאַנקען, וויל זי אים אָבער נישט דערצערנען, שאָקלט מיטן קאָפּ אויף יאָ, און גייט אַרויס...

פאַרנאַכט, מנחה־צייט, קומט זי צוריק, פרעגט ער זי צי זי האָט אַלץ געטון, ווי ער האָט געהייסן. וויל זי אים ווייטער נישט דערצערנען, שאָקלט זי ווייטער מיטן קאָפּ אויף יאָ. פרעגט ער וועגן מנין, נאָר איי־

דער זי ענטפערט, קומען טאַקע אריין מענטשן, געקומען זענען זיי מבקר חולה זיין. מיינט ער, אז זי האָט זיי באַשטעלט. זאָגט ער איר: גיי אין בעט אריין... הויבט זי זיך אָן צו שרעקן, פינטלט צו די מענטשן מיט די אויגן: וואָס וויל ער פון איר. זאָגט מען איר, אז אַ מאַן, בפרט אַ שכיב־מרע, מוז מען פאָלגן, און ער זאָגט, אז ער איז אויף איר גוזר. לייגט זי זיך אויפן בעט... הייסט ער, עס זאָל עמעץ מיט איר זאָגן ווידוי, „מיט מיר אויך", זאָגט ער... זעען די יידן, אז זיין פנים ענדערט זיך, נעמט איינער אַ מעבר יבק און זאָגט פאָר, הייסט ער, זי זאָל דווקא מיטזאָגן, ראָטן די יידן, זי זאָל פאָלגן. מן הסתם ווייסט ער, וואָס ער וויל. זאָגט זי נאָך, און קלאַפּט זיך אין הארץ... און זאָגנדיק ווערט איר קול וואָס אמאָל שוואַכער און שוואַכער, און דאָס פנים אַלץ געלער און שוואַרצער... און די עדה יידן קוקט און עס שטאַרט זיי דער אָטעם פאַר שרעק, נאָר דער זאָגער קוקט דורך ברילן אין מעבר יבוק און זעט נישט, וואָס ארום אים טוט זיך און הערט נישט אויף צו זאָגן... און יאָסל זאָגט און שמייכלט, און די יידענע נעבעך קאָן שוין קוים מאַכן מיט די ליפּן, און זי ציט זיך איין, ווי אַ קנויל, און גיט זיך מיטאַמאָל אַ צי אויס איבערן בעט, יאָסל אין זיין בעט אויך, און מיט איין מאָל, זעען די יידן, ווי פון ביידע נאָז־לעכער, אזוי ביי אים, אזוי ביי איר, באַווייזן זיך פלעמלעך און די פלעמ־לעך פליען צו צום לופטשיק, און גיסן זיך צוזאַמען אין איין פלעמל און דאָס פלעמל פליט ארויס... שרייען די יידן אויס: ברוך דיין אמת, פאַלט דער מעבר־יבוק פון זאָגערס האַנט ארויס...

און די קינדער זענען טאַקע געבליבן אָן טאַטע־מאַמע... און ווען קיין שטיף־טאַטן נישט האָבן.

# אַ ן  מ ז ל

...איר ווילט אַלץ פאַרזאָרגן; דאָס לעבן שטרעקט איר פּאָר קינדער.

און איך זאָג אייך: יעדעס קינד ווערט געבוירן מיט זיין מזל, — אָדער עס העלפט נישט, אָדער מען דאַרף נישט.

פאַרוואָס בין איך אַזוי עלנט, אַזוי נע ונד, און האָב נישט דעם קאָפּ ווו אַנידערצוליינגן, און ווי קום איך אַהער?

נישט געהאַט מיין הייזל אין זאַוויכאָסט? נישט געהאַט אַ קראָם מיט סחורה? — און דערצו בין איך דאָך אַ שיפער 1) געווען פון נאָך פּסח אָן — צווישן וואַסער און הימל, אויף סוכות קומט מען אַהיים מיט מתנות פון קעניגסבערג! אַ לעבן געווען!

האָב איך אָבער געוואָלט פאַרזאָרגן...

אַ בת־יחידה, איין אויג אין קאָפּ, אַן אבן טוב — אַ קינד...

---

אַז די מוטער, עליה־השלום, איז געאַנגנגען פון דער וועלט, האָב איך נאָך קיין גרויע האָר אין דער באָרד נישט געהאַט, און מען האָט מיר גערעדט שידוכים, האָט מען מיך געשטאָכן מיט מעסערס... איך וועל מיין רחל־לאה קיין שטיפמאַמען נישט געבן!

עס קומט נאָך פּסח, האָלץ־סוחרים קומען אָנצופאָרן, מען רייסט זיך איבער מיר, מען באָט מיר אָן ממון קורח. מען קאָן מיך פאָרן ערלעבן מאָן און פאָרן גוטן באַלעבאָס אויף דער טראַטווע, און אַז איך קויף איין בזול — נו, וועל איך מיך אָוועקלאָזן אויפן וואַסער און איבערלאָזן מיין אייננאייניציק קינד אויף פרעמדע הענט?

---

בלייב איך אין דער היים און זעץ מיך אין געוועלבל אַריין.

קיין שפע איז, מן־הסתם, נ י ש ט געווען. אַ שיפער איז קיין

---

1) אַזוינער, וואָס פירט אַריבער די טראַטוועס איבערן וואַסער.

סוחר נישט. מען רייסט מיר די קונים פון קרעמל ארויס, און איך בלייב שטיין מיט אן אָפן מויל... מוז איך אָפּשפּאָרן א שטוב פון דער דירה, און פאַרדינגען, אבי מען לעבט.

נאָר קיין חרטה, חס־ושלום, האָב איך נישט; פאַר הונגער חס־ושלום, שטאַרבט מען נישט. פאַר דאָס פאַרשפּאַר איך צען מאָל אין טאָג דאָס קרעמל און לויף אהיים זען, ווי רחל־לאה וואקסט... און זי וואקסט קיין עין־הרע, ווי אויף הייוון — די מוטער אויסן אויג: חן־גריבלעך און אַזוינע שטילע, גוטע אייגעלעך — האַלב לאַכנדיקע, האַלב וויינענדיקע, און אינגאַנצן אַזוי פאַרחלומט...

איך וויל דאָך זי אין געוועלב אריין נישט לאָזן! אימשטיינס גע־זאָגט סחורה: שמירעכץ צו שטיוול און שמירעכץ צו רעדער, און אייל און אַביסל נאַפט, און די קונים: בעלי־עגלות מיט פּויערן. און וויל נאָר נישט, זי זאָל זייערע לשונות הערן...

און נאָך מנחה־ומעריב! מעג זיין אויסטערליש נייעס פון פּאָליטיק, מעג זאָגן, להבדיל, דער גרעסטער מגיד, — איך לויף אהיים צו מיין נחת, צו מיין טרייסט...

און איך ווייס, אַז זי איז שוין, ברוך־השם, איבער זעכצן, נאָר איך מאַך מיך נישט ווּיסנדיק... איך פאַרגעס מיך און האַלט זי אויף דער שויס... און גאָט דאַנק איך, וואָס מען דערמאָנט מיך נישט... א שטיל נפש, גייט נישט פון שטוב ארויס, האָבן לייט אָן איר פאַרגעסן... רעדט מען איר קיין שידוכים נישט...

„הלוואי ווייטער" טראַכט איך; עס ווילט זיך נישט בלייבן אליין. מאַכט זיך אָבער א מעשה.

דערציילט מען מיר, אַז דער יונגער ברענהאָלץ, דעם פּאָדריאַטשיקס זון, דרייט זיך, ווען איך בין ביי מנחה־ומעריב אין בית־המדרש, פאַר מיינע פענצטער... ער שפּאַצירט דער בחור...

און א בחור, אַצינד וויל איך שוין מיין מויל צו קיין בייזן נישט ברענגען, נאָר — א מאכל, זאָג איך אייך...

קלער איך מיר: איך וועל מיט איר רעדן, וואָרענען. וואָרום מיט אים רעדן, איז — אַרבעס אָן דער וואַנט — מען שמועסט א פּרי!

קאָן מען אָבער מיט איר נישט רעדן...

— רחל־לאה, — הויב איך אָן. עפנט זי אויף מיר אַ פּאָר ריינע, אַזוינע צנועהדיקע קינדער־אויגן, און אַזוינע קלאָרע, און פרעגט:

— וואָס, טאַטע! — מוז איך זי פאַרעדן מיט עפּעס אַנדערש, גיי וואַרף אַ שטיק בלאָטע אין אַ קלאָר וואַסער אריין.

נאָר שלאָפן טאָר מען נישט; אַ טאַטע ט אָ ר נישט שלאָפן...

שיקט מיר, דאַכט זיך, גאָט די רפואה:

עס איז אַ יאַריד ביי אונדז, פאַלט אריין מיינס אַן אַלטן ידיד, צו־זאַמען פון איין סידור אלף־בית געלערנט, אויך נישט פאַר אייך געדאַכט אַן אַלמן געוואָרן, נאָר אַ מענטש מיט פּלייצעס, אַ גיבור, שטעלט אָפּ פון הינטן אַ וואָגן מיט אַ פּאָר פערד. „וואָס טוסטו דאָ, אברהם־משה?" ער איז געקומען אַ כלה אָנקוקן, אַ קאַץ אין זאַק קויפט ער נישט. „נו?" — „איז פונקט די סחורה אוועקגעפאָרן אויף אַ חתונה". „אַן עלטערע יידענע?" פרעג איך; איך ווייס, ער האָט קינדער. צעלאַכט ער זיך, אַז עס הילכט: „וואָס איז? אַ בתולה, האָב איך קיין ציין נישט?... נאָר אַז זי איז אוועקגעפאָרן, כאַפּט זי דער רוח". אַזאַ לשון האָט ער שוין געהאַט.

זאָג איך אים: איך האָב אויך אַ בתולה.

„נו, זאָגט ער, וועלן מיר זען"...

---

וואָס דאַרף מען בעסער?...

עס איז אַפילו צו נאָענט... אינגאַנצן אַ מייל אַנדערהאַלבן... אַזאַ בחור, ווי ברענהאָלץ קאָן זיך אַמאָל אָראָפּכאַפּן... נאָר — זאָל ער פּרווון שפּאַצירן אונטער אברהם־משהס פענצטער, אברהם־משה וועט כאַפּן אַ „קלאָניצע"... ער האָט דעמאָלט נאָך פערד געהאַלטן...

דאַנק איך און לויב זיין ליבן נאָמען: אַן אָנגעזאָפּטער ייד, אינ־גאַנצן דריי שטיקלעך קינדער; און אַ הויז, און אַ מחיה אין הויז — אַן אכסניה, און אַ הויז מיט כל־טוב — טאָקע שמאַלץ און האָניק... און הונ־דערטער ביי לייטן... שרייבט מען תנאים; אַן אַלמן מאַכט קיין שהיות נישט — איז מגביל זמן החתונה אויף נישט ווייט... מיין רחל־לאה, ווי עס פּאַסט פאַר אַ יידישער טאָכטער, שווייגט... אין דיר אויגן אביסל טרויער, אביסל פּחד — ווי דער שטייגער איז פון אַ כשרער נשמה. ערשט צום חופּה־טאָג, ביים אל מלא רחמים, האָט זי זיך, נעבעך, צעוויינט... אָבער צעוויינט! מילא — אַ חופּה, אַ גילדענע יויך — אַ מצווה־טענצל און צו־

מאָרגנס פאַר איך אהיים נאָר מיט א גרינג האַרץ. עס בענקט זיך שוין אפילו צו דער טאָכטער, נאָר ווי ווייט איז?

און עס איז א שליט־וועג — מען גליטשט זיך אזוי שטיל איבערן שניי — פאַרמאַך איך די אויגן; דרימל איך, דאכט זיך איין, און שטעלט זיך מיר דער טייך פאַר די אויגן...

טראַכט איך: סוף ווינטער... נאָך א פּאָר וואָכן וועט דער שניי זיך צעלאָזן, דאָס אייז — פּלאַצן און אַפּשווימען... עס וועט זיך עפענען א וואסעריקע וועלט... עס וועלן אָנקומען סוחרים פון געהילץ.. איך וועל צוריק שיפּער, צוריק צווישן וואסער און הימל... אוים בלאָטיק שטעטל, אוים פינצטער געוועלבל — עס וועט זיין א לעבן...

---

און וואָס פאַר א מתנות איך וועל ברענגען פאַר רחל־לאהן פון קעניגסבערג...

האָט אָבער מיין קינד קיין מזל נישט געהאַט...

---

צעגאַנגען איז דער שניי, אַפּגעגאַנגען איז דאָס אייז, אָבער פאַר די געהילץ־סוחרים איז נעקומען מיין איידעמס עלטערער בן — 16 יאָר און א יונג ווי א בוים, און א מגושם מיט א גראָב קול, און נישט קיין גרויסער חכם...

ער קומט אריין אָן שלום, אָן גוט־מאָרגן, און גיט א קלאַפּ מיט דער בייטש אָן פּאָדלאָגע.

— וואָס האָט איר עם אָפּגענאַרט דעם טאַטן, וואָס?

— מיט וואָס — פרעג איך — האָב איך אים אָפּגענאַרט? איך וויים, איך האָב איר אָוועקגעגעבן דער מוטערס צירונג, געגעבן נדן מער, ווי איך און מיין שטייגער האָט געמעגט, און א האַלב געוועלבל אויסגע־לײדיקט אויף מלבושים —

— איר האָט אים — זאָגט ער מיטן גראָבן קול — א חולנית פאַר א ווייב געגעבן... הויט און ביין — זאָגט ער — אז מען רירט זי אָן, קנאַקט זי...

ווערט מיר, מן־הסתם, א לאָך אין האַרץ. לאָז איך אַלץ איבער אויף גאָטס געבאָט, און כאַפּ מיך אריבער צום איידעם.

איך קום אריין: מיין אברהם־משה זיצט אין די שעלקעס ביים

אויוון און ווארעמט זיך, מיט די הענט הינטער זיך... ער הויבט זיך אפילו נישט אויף, מיט די אויגן שטעכט ער מיך — און זי — א האלבע רחל־לאה... זי דערזעט מיך און פאלט מיר איבערן האלדז מיט אזא געוויין, מיט אזא געוויין — — — און פלוצלינג דערפיל איך, ווי עס פאלט איר דאס קעפל ביי מיר איבערן אקסל, — זי חלשט...

איך טראג זי אין דער צווייטער שטוב אריין, — איך פיל גאר נישט, וואס איך טראג — איך לייג זי אויפן בעט, שפריץ וואסער — קוים זי קומט צו זיך.

— טאכטער — בויג איך מיך צו איר צו — ער באהאנדלט דיך שלעכט?

— ניין — קוים וואס זי רעדט — פריער, אז איך בין געזונט געווען, אוודאי נישט...

— מען גיט דיר נישט צו עסן?

אויך נישט, זי איז די גאנצע באלעבאסטע. און אז איך קוק מיך אום, זע איך אן אפענע שאנק: א סלאי מארינירטע הערינג, — א געריי־כערטער לעקער — טעפ מיט שמאלץ, אויף אלע יידישע קינדער געזאגט...

— וואס דען, טאכטער?

— איך בענק...

— וואס בענקסטו?...

— אהיים, — זאגט זי, — אהיים...

— וואס הייסט אהיים? ווו א מאן איז, דארט איז די היים...

פארגראבט זי דאס פנים אין קישן און וויינט, און וויינט אזוי שטיל, אזוי הארציק... און בעט זיך איך זאל זי נישט איבערלאזן אליין...

און זי הייבט אויף דעם קאפ — א קאפ פון א פייגעלע — און בעט זיך:

— בלייב ד ו כאטש ביי מיר, טאטע!

און וואס מיינט איר, איך האב לאנג איבערגעטראכט? חס־ושלום! וואכן לאנג האט זיך מיר געחלומט, אז איך שווים מיט טראטוועס אויף דער וויסל. מיטאמאל — ארויסגעריסן פון הארץ! איך כאפ א פורל, לויף אהיים — פארקויף בחצי חנם דאס געוועלבל מיט דער נחלה און קום צוריק, און צי מיך אריין צום איידעם. ער קרימט זיך אפילו, נאר ווער הערט'ן...

און מיינט איר עס האָט געהאָלפן?

אָפּגעזאָגט זיך פון לעבן פאר זיך... פון אַ קדיש זיך אָפּגעזאָגט... אוים שיפער — אוים הויז, אוים געוועלבל! — אַלץ אבי דאָס שטיקל קינד צו פאַרזאָרגן, צו ראַטעווען... און זי? גייט נעבעך אוים ווי אַ ליכט...

מיר אויף דער האַנט האָט זי די אויגן פאַרשלאָסן — — —

אַז אַן מזל...

---

עיקר שכחתי...

מיינט איר אפשר, איך האָב נישט געפונען ביי איר אונטערן קישן בריוו פון ברענהאָלצן?...

זי האָט זיי אַפילו נישט געעפנט. —

---

# פון וועג אראָפּ



ין דער שטילער, אויסגעשטראַלטער הייך, צווישן איין שורה און דער צווייטער, הערט זיך פון צווישן די זילבער־ און גאָלד־שטראַלנדיקע שטערנדלעך א זיפץ.

„ווער זיפצט דאָרט, קינדער?" פרעגט מיט א רחמנות־קול די שוויי־מענדיקע לבנה, און פאַרהאַלט זיך נישט, און קוקט זיך נישט אום צו זען, פונוואַנען דער קרעכץ איז געקומען.

„איך!" ענטפערט אונטער איר א שטערנדל און צעפלאַקערט זיך רויט.

„וואָס פעלט דיר, קינד?"

„מאַמע, איך קאָן נישט מער, איך האַלט עס שוין לענגער נישט אויס!"

„אייביק, אייביק — קלאָגט זיך דאָס שטערנדל — אייביק דער זעלבער וועג, די זעלבע ליניע!"

„די ג ר א ד ע", טרייסט די לבנה.

„צווישן וועלכע פונקטן?

„פון וואַנען און ווו אַהין?

„ווו איז דער אָנהויב, ווו איז דער סוף פון אייביקן גיין? אפשר גייען מיר פון נ י ש ט צו נ י ש ט, פון שלעכטס צו שלעכטס? ווו אַהין פירט אונדזער וועג? דו ווייסט עס, מאַמע?"

„ע ר ווייסט"...

„און פאַר וואָס אַנטפּלעקט ער אונדז זיינע סודות נישט? פאַר וואָס זאָגט ער נישט, וואָס ער וויל פון אונדז? וואָס מיר טוען?"

— מיר לייכטן!

„דאָס אַלטע ליד, מיר לייכטן פאַר ד י וואָס זענען אונטן און טרייסטן זיך מיט אונדזער ליכט... מיר זענען וועגווייזער פאַר די, וואָס בלאָנדזשען אין סטעפּן אָדער פאַרטרויען זיך דעם ים... אָבער מיר פאַר

זיך אַליין? מיר לייכטן, און אונדזערע אייגענע נשמות זענען פאַרשלייערט, איינגעהילט אין שאָטן... אַנדערע זענען ביי אונדזער ליכט, און מיר אַליין ווערן ווי בלינדע שאָף געטריבן! און מען טאָר זיך נישט אָפּשטעלן, נישט פאַרהאַלטן זיך אַ ווײַלע און אַ קלער טון: צו וואָס? און נישט לאַנגזאַמער גיין, און נישט געשווינדער... אַ יי ן איינמאָל־פאַר־אַלעמאָל אָפּגעשטעלטער וועג, אַ יי ן איינמאָל־פאַר־אַלעמאָל אויסגעמאָסטענע צייט! טאָרסט קיינעם נישט אָפּוואַרטן, קיינעם נישט דעריאָגן! צו קיינעם זיך נישט ווענדן אויף דיין וועג!

„און שטענדיק, שטענדיק אַליין — יעדעס האָט זיך ז יי ן וועג, און יעדעס איז עלנט פאַר זיך אויף זיין אייגענעם וועג"...

„טויזנט אומגליקלעכע שוועסטער קרייצן דורך דיין ליניע — קיין איינציקע קומט צו דיר נישט צו, קיינעם קאָנסטו נישט באַגריסן — קיין איינציקע פרעגט: ווי גייט עס דיר, שוועסטער? קיינע שמייכלט דיר נישט צו, און דו שמייכלסט צו קיינער נישט! מיר זענען אַזוי נאָענט און אַזוי פרעמד; און די הערצער קלעמען אַזוי פאַר בענקשאַפט! און מען פילט זיך אַזוי דערנידערט!"

„מיר זענען דאָך הויך — טרייסט די לבנה — די אונטן זענען אַ ו נ ד ז מקנא"...

„די נאַרן! זיי, וואָס טרעפן זיך און האַלדזן, און קושן זיך און טרייסטן זיך, און לעבן נאָר אַזוי קורץ — זיי זענען אונדז מקנא! אונדז, עלנטע, פאַריתומטע, וואָס לעבן אַ יי בי ק, אָדער כ מ ע ט אייביק!"

„זע" — טייט מען דאָרט אַרויף מיט די פינגער — „אַ שטערנדל האָט זיך אין גאָלד צעפלאָסן"... זיי ווייסן נישט, אַז דאָס גיסט זיך פאַר בענקשאַפט די נשמה אויס...

„שירה זאָגן זיי, די שטערן, די גליקלעכע שטערן", און עס פאַלט זיי גאָר נישט איין, אַז צווישן איין „הללויה" און דעם צווייטן, וויינט מען דאָ, פאַרגייט מען פון בענקשאַפט"...

„שוויג, קינד, מען הערט — — גיי דיין גראַדן וועג..."

„איך קאָן נישט מער!"

„קינד! זיין ווילן מ ו ז געשען! אַ שטערנדל וואָס רירט זיך פון אָרט, ווערט אַראָפּגעשליידערט"...

„וווהין, מאמע? צו יענע דאָרט אונטן אַראָפּ?"

„ניין, קינד, טיפער!... און דאָרט ווערט מען געשטראָפט... אייביק געשטראָפט... ווער עס האָט ווען אויסגעטראַכט, דער האָט אויך אויס־געטראַכט די שטראָף! שרעקלעך מוז זי זיין; שווער איז זיין האַנט! טויזנטער, טויזנטער קינדער פארליר איך אזוי, און קיין איינציקעס איז נישט צוריקגעקומען, עס זאָל כאָטש דערציילן, וואָס עס טוט זיך דאָרט... וואָס פאר א יסורים מען ליידט; און גרויס מוזן זיי דאָך זיין די יסורים; שווער איז זיין האַנט.. און קיין זיפץ פון דאָרט ארויף קומט נישט; אין דער פינצטערניש ווערט אלץ פארשטיקט! און קיין שטראַל פון די זינדיקע געשטראָפטע קומט נישט ארויף, — אראָפגעשליידערט, ווערן זיי, פאלנ־דיק, שוין אין דער לופט פארלאָשן! היט דיך! טו תשובה אויף דיינע רייד!"

„ניין, מאמע! א ר אָ פּ וויל איך! ליידן וויל איך! אייביק ליידן, נאָר וויסן, אז דאָס זענען די יסורים וואָס איך אליין האָב אויף מיר גע־נומען! מ יי נ ע יסורים, מיין ווילן איז געשען"...

אין גאָלד צופלאקערט זיך דאָס שטערנדל, און רוקט זיך אָפּ, און בליץ־שנעל ווערט עס אראָפגעשליידערט און פאלנדיק, ווערט עס אויסגע־לאָשן אין דער לופט, און די לבנה זיפצט און שווימט ווייטער; זי טאָר זיך אפילו נישט אומקוקן...

# אין קעלער־שטוב

## (א בילד)


גרויסע קעלער־שטוב, פול מיט בעטן!

. . . . . . . . . . . . .

פריידע די האַלאַדריגעבע שלאָפט שוין לאַנג אויף איר קאַסטן, אין איר ווינקעלע צווישן אויוון און וואַנט. זי האָט זיך היינט פרי געלייגט ווייל עס איז מאָרגן יריד אין א נאָענט שטעטל, דאַרף מען אויפשטיין פרי און ארויספאָרן מיט דער מאַזש. זי שלאָפט דאָך אומרואיק — זי וועט האָבן צרות צרורות מיטן געלעגנהייט: זי האָט באַדונגען דעם בעל־עגלה, ער זאָל זי אויפנעמען מיט א קליין פעסל, און נאָך פאַרן איינשלאָפן האָט זי א ישוב געהאַט, אז עס איז גלייכער מיטצונעמען דאָס גרויסע פאַס. זי האָט זיך לאַנג אומרואיק געוואָרפן אויפן געלעגער: „א בייז מויל א יידענע האָט — האָט זי אויף זיך אליין זיך געבייזערט — ארויסגעכאַפּט זיך: „ס׳קליינע פעסל״! נאָך וואָס? נאָך ווען? דעם בעל־עגלהס דאגה? ער וועט דאַרפן מפּיים זיין די פערד מיט נאָך אביסל האָבער?״ אזוי וואָרטשנדיק אויף דער מיאוסער צונג, וואָס אן אשה האָט, איז זי קוים איינגעשלאָפן. פון אונטערן איבערבעט שטאַרט ארויס א רויט קאָפּנטיכל, וואָס פאַלט איר אַראָפּ אַרום פּנים ווי א רעמל אַרום דער שפּיציקער, בלוילעכער נאָז. זי אָטעמט שווער. זי מוז האַלטן די בייניקע הענט אויפן אלטן האַרץ; גאָט ווייסט, וואָס עס חלומט איר! אפשר וואַרפט זי דער בעל־עגלה אוועק, און זי בלייבט א האַלב יאָר אָן פּרנסה!

דער ווינקל קעגנאיבער געהער צו יאָסל וואַסער־טרעגער. דאָס ווייב מיט צוויי קינדער שלאָפן אין איין בעט און ער מיטן עלטערן חדר־ייִנגל — אין צווייטן. פון די בעטן רייסט זיך אויך אלע מאָל ארויס א זיפץ, דאָ איז מען אויך איינגעשלאָפן מיט עגמת־נפש. דאָס חדר־ייִנגל האָט געוויינט „רבי געלט״! און נאָך עלטערע טאָכטער איז געבליבן אָן אן אָרט.

זי האָט געהאט א ווילע שטעל, בא א פּאָר פּאָלק אָן קינדער דארף פּלוצ־לינג די בעל־הביתטע שטארבן! זי איז אהיימגעקומען; זי וועט דאָך נישט בלייבן אליין מיטן אלמן! עס קומט איר א פּאָר רובל שכירות; מען וואָלט געקאָנט דערפון כאָטש, רבי־געלט באצאָלן; טענהט אָבער דער אלמן „לא פקדני" — דאָס ווייב האָט אים נישט אָנגעזאָגט און ער אליין ווייסט נישט; ער האָט זיך קיינמאָל נישט געמישט אין ווייבערישע זאכן. איידער מען איז איינגעשלאָפן האָט מען זיך אפילו אביסל געקריגט: די מוטער האָט געראָטן, מען זאָל דעם אלמן רופן צו א דין־תורה; די טאָכטער וויל בעסער שרייבן א פּראָשעניע אָדער צום „מיראָוואָי", אָדער צום „נאטשאל־ניק", יונה וויל ביידע עצות נישט הערן: דער אלמן וועט זיך נוקם זיין און אָפּרעדן אים אלע בעלי־בתים. „ער דארף נאָר — זאָגט יונה — געבן א פּיפּיק, בין איך אויס קאפּעליוש־מאכער... עס האָט דען א שיעור וויפל וואסער־טרעגער עס גייען היינט ארום שלינג־און־שלאנג, זייט מען האָט די וואסער־לייטונג געמאכט?"

ארויף צו־ציער שנאָרכט בערל טרעגער איינער אליין ווי א „כרא־ביע" אין בעט. ביידע קינדער שלאָפן אין צווייטן; דאָס ווייב איז א קעכן און האָט היינט א חתונה. דאָך — שלאָפט מען אויך נישט רואיק. בערל בלאָנדזשעט ארום שוין א צייט עפּעס א וויטיק צווישן די ביינער, אויך דער עלטערער זון זיפצט אלע מאָל פון שלאָף; ער ארבעט ביי קאלך־לעשן און האָט זיך א פּיסל אָפּגעבריט.

נאָך וויטער שלאָפט ווי א „כראבינע", איינע אליין אין א בעט, צירל די זיצערן; אין צווייטן שלאָפן אלע דריי קינדער. איר מאן איז א נאכט־וועכטער. בעלות, אז ער וועט קומען וועט זי ארויסגיין מיט ברויט און פרישע בייגל.

מיר האלטן שוין ביים דריטן ווינקל, עס שטייט נאָך א בעט — א שמאָל אייזערן בעטל. אן אומגעזונט־געריטלטער פרויען־קאָפּ שלאָגט זיך אָפּ פון א קויל־אלטווארג, וואָס דינט אים אלס קישן. די יונג־פארברענטע ליפּן עפענען זיך אָפּט, ארויסצולאָזן א שווערן זיפץ, „אַ שווערע פרנסה" האָט איר מאן, „ער האָט קיין מזל נישט". מיט חירוף־נפש האָט ער יענע וואָך ארויסגעשלעפּט א קופּערנעם קעסל און באגראָבן אין זאמד אונטער דער שטאָט — האָט מען אים געפונען! ווער ווייסט מיט וואָס ער וועט היינט אהיימקומען? אפשר זיצט ער שוין גאָר... און דאָ האָט מען דריי

וואָכן קיין טעפּל וואַרעם וואַסער נישט צוגעשטעלט... פון דער דירה טרייבט מען...

„א שווערע פּרנסה... אַן מזל!" זיפצן די פאַרבראַנטע ליפּן. און מען מוז זיך נאָך פאַר שכנים היטן. מען פרעגט אַלץ: וואָס טוט דיין מאַן? וואָס קומט ער אַזוי שפּעט אהיים?...

— — — — — — — — — — — —

איבער אַלע בעטן ציטערט א טונקעלע שיין פון מיט שטוב; פון איבער שפּאַנישע ווענטלעך, וואָס זענען די גרענעצן פון א יונג פּאָר־פאָלקס ממשלה. טריינע „ד' אמות", די יונגע באַלעבאָסטע שלאָפט נאָך נישט; ערשט צוויי חדשים נאָך דער חתונה — וואַרט זי אויפן מאַן, וואָס דאַרף קומען פון בית־המדרש. ביי איר ברענט זיך עס דער קאַגאַניעץ, וואָס וואַרפט העל־ווייסע פלעקן, אויפן שוואַרצן סופיט, און שיקט אַרויס, דורך די לעכער פון שפּאַנישן ווענטל, די עטלעכע אָרעמע שטראַלן, וואָס טאַנצן איבער די אָרעמע בעטן מיט די אָפּגעאַרבעטע, מידע פּנימער.

אין טריינעס ממשלה איז ליכטיקער און ריינער. — צווישן ביידע בעטן אויף א ווייס טישל ליגט אַ קרבן־מנחה סידור צווישן צוויי קליינע מעשענע לייכטערלעך — איר דרשה געשאַנק! אויף דער וואַנט הענגען חתונה־מלבושים, א טלית־זאַק מיט אַן אויסגענייטן מגן־דוד. פאַר דאָס איז קיין בענקלעך אין דער ממשלה נישטאָ. זי זיצט אויף א בעט, פאַריכט אַ נעץ פאַר די ציבעלעס, וואָס ליגן נעבן איר צעוואָרפן אויפן ליילעך. דאָס גאַנצע בעטגעוואַנט ליגט אויפן צווייטן בעט — אונטערן בעטגעוואַנט איז באַהאַלטן דאָס יאַיכל אויף וועטשערע.

עס עפנט זיך שטיל די טיר. טריינע ווערט רויטלעכער, זי פאַרלירט די נעץ פון דער האַנט און שפּרינגט אויף פון בעט. זי בלייבט דאָך שטיין, — עס פּאַסט נישט פאַר שכנים; טאָמער כאַפּט זיך וועלכער אויף, וועט מען חוכא־טלולא פון איר מאַכן! צרות האָט זי פון די שכנים! פון פרייי־דעלען, דער עיקר... זי קאָן נישט פאַרשטיין, ווי אַזוי מען שילט נישט א מאַן באַלד צומאָרגנס נאָך דער חופּה! „וואַרט — זאָגט זי, די „אַלטע מכשפה!", — דו וועסט שוין זען! וואָס פאַר א מזל דו וועסט ביי אים האָבן... וועיז אים נאָר אַ פינגער"!

פריידל לאָזט איר קיין פרייע מינוט. אַ מאַן — זאָגט זי — אז מען פירט אים נישט אַרום ביי דער נאָז, איז ער ערגער ווי א וואָלף; ציט ער די

קליי פון די ביינער ארויס, דאָס בלוט זויגט ער אויס פון די אָדערן; שוין 10 יאָר — זאָגט פריידל — זיצט זי אָן א מאַן, און קאָן נאָך אַלץ צו די כוחות נישט קומען! און פריידל איז א קלוגע יידענע. א מלומדת! „וואָס עס קומט אים — זאָגט זי — על פּי דין, ווארף אים ווי א הונט א ביין, און ווייטער — ווארא! נאָר פון דער ווייטנס און — נ אָ ר געפּלוכט!

טריינע האָט צייט דאָס אַלעס זיך צו דערמאָנען, ווייל עס דויערט, איידער יאָסעלע גנבעט זיך דורך אויף די נעגל צווישן די שכנים; יעדער טריט זיינער שלאָגט איר אָפּ אין האַרץ, נאָר אנטקעגן־גיין — פאר קיין שום געלט. אָט פאַלט ער שיר! אָט איז ער שוין ביי די ווענטלעך. — זי אָטעמט אָפּ.

— גוט אָוונט! מאכט ער שטיל מיט אראָפּגעלאָזטע אויגן.

— גוט יאָר! ענטפערט זי נאָך שטילער.

— ווילסט עסן? פרעגט זי.

— און דו?

— מא . . .

ער איז ארויס אונטער די ווענטלעך און איז צוריקגעקומען מיט אָפּגעגאָסענע הענט; זי דערלאַנגט אים א האַנטעך. אויפן עק פון טישל שטייט שוין גרייט א „מוציא” מיט זאַלץ און דאָס אפּירגענומענע יאַיכל.

ער זיצט אויף ז יי ן בעט, אויפן גאַנצן בעט־געוואַנט; זי אויף אירן מיט די ציבעלעס. זיי עסן גאַנץ לאַנגזאם און רעדן דערביי מיט די אויגן — ווי ערשט נאָך א חתונה, און מיט די מיילער — פון פרנסה.

— נו, ווי האַלסטו?

— אָט, זיפצט ער אָפּ, דריי תלמידים האָב איך שוין!

— בלייבט טאקע מלמדות? פרעגט זי טרויעריק.

— מא! ענטפערט ער.

— געלויבט איז גאָט דערפאר, טרייסט זי זיך און אים צוזאמען.

— געלויבט איז גאָט — זאָגט ער איר נאָך — נאָר דאָס איז ערשט 120 רובל!

ער זיפצט.

— נו, וואָס זיפצסטו?

— רעכן: — ענטפערט ער, — א רובל א וואָך דירה־געלט איז 26 רובל א זמן; שולדיק בין איך נאָך... חתונה הוצאות...

— ווי הייסט? פרעגט זי פארוואונדערט.

ער שמייכלט:

— דו מיינסט טאקע, נארעלע, אז דער טאטע האט געקאנט מער ווי צוזאגן?

— נו, הכלל? האקט זי אים איבער.

— דאס הייסט — פירט ער ווייטער דעם חשבון — א רובל 12, איז שוין 38, וואס בלייבט אויף עסן?

זי רעכנט:

— 82, דאכט זיך?

— אויף 26 וואכן!

— נו וואס איז — מאכט זי — א י ב ע ר 3 רובל א וואך!

— און ווו איז — פרעגט ער טרויעריק, — האלץ... ליכט... שבת ויום טוב?

— עט, גאט פארלאזט נישט — טרייסט זי — איך קען אויך עפעס טון: אט, האב איך איינגעקויפט ציבעלעס! א יי ע ר זענען וואלוול, וועל איך אויך איינקויפן, במשך א פאר וואכן וועט עפעס כאפן אויפן שאק!

— און רעכן נאר איבער — פירט זי ווייטער — וואס קאסט האלץ און ליכט? א גארנישט! א פ ש ר א רובל א וואך... בלייבט אלץ...

— און שבת! און יום־טוב? וואס רעדסטו, קינד?

און דאסווארט „קינד” איז ארויס אזוי ווייך, אזוי גוט־הארציק, אז זי צעשמייכלט זיך.

נו. בענטש נאר בענטש — מאכט זי — לייג אפ די חשבונות אויף מארגן... שוין צייט צו שלאפן.

זי פארשעמט זיך דאך, לאזט אראפ די ברעמען און גלייך זי פאר־ענטפערט זיך:

— דו קומסט אזוי שפעט... זאגט זי מיט א האלב געמאכטן גענעץ.

ער בויגט זיך צו איר צו איבערן טישל:

— נאריש קינד — פליסטערן זיינע ליפן — איך קום דאך אומישנע שפעט, מיר זאלן קענען צוזאמען עסן... פארשטייסט! אזוי פאסט דאך נישט... ווייסט דאך, א מלמד!

— נו, בענטש נאר, בענטש! ראט זי דאס איריקע מיט פעסטער גע־שלאסענע אויגן.

ער מאַכט די זייניקע אויך צו. ער וויל ערנסט בענטשן, די אויגן רייַסן זיך אים דאָך אַלע ווײַלע אויף... ער דריקט פעסטער אראָפּ די ברעמען, עס בלייבט דאָך אַ שפּאַלט, דורך וועלכן ער זעט זי, עפּעס וואונדער־פאַרביק באַלייכט אַז ער קען פון איר דעם בליק נישט אָפּרייסן.

זי איז מיד — קריגט ער רחמנות.

ער זעט ווי זי רוקט זיך העכער אַרויף אויפן בעט, שפּאַרט אָן דעם קאָפּ אָן דער וואַנט. זי וועט אַזוי איינשלאָפן, קלערט ער.

— פאַרוואָס נעמט זי נישט קיין קישן? ערגערט אים. אויסרעדן קאָן ער נישט, מאַכט ער: מ... מ...!

זי הערט דאָך נישט, ער יאָגט צו דאָס בענטשן, ענדיקט, שטעלט זיך אויף, און בלייבט שטיין, נישט וויסנדיק וואָס צו טון.

ער רופט: טריינע! נאָר אַזוי שטיל, אַז עס קען זי נישט וועקן. ער רוקט זיך צו צו איר בעט און בויגט זיך איבער איר. איר פּנים שמייכלט אַזוי זיס... עס מוז זיך איר עפּעס גוטס חלומען... און ווי שיין זי שמייכלט. אַן עבֿרה זי וועקן! דאָך וועט איר דאָס קעפּל ווײ־טון... איי, האָט זי האָר געהאַט — ער האָט זיי אויף די תּנאָים געזען — שוואַרצע לאַנגע... היינט גאָל... דער ציפּיק איז אַ געשטיקטער, אַ דינער מיט לעבלעך... אפילו אַ חנוודיקער... ער שמייכלט אויך מיט!

מען מוז זי דאָך וועקן! ער בויגט זיך צו נאָך נענטער, דערפילט איר אָטעם, ציט אים גיריק אין זיך אַריין... זי ציט אים צו ווי אַ מאַגנעט... און נישט ווילנדיק רירט ער אָן אירע ליפּן מיט די זייניקע.

— איך שלאָף גאָרנישט, מאַכט זי ראַפּטום און עפנט אַ פּאָר שעלמיש־לאַכנדיקע אויגן. זי וואַרפט אים אירע הענט אַרום אַקסל און ציט אים צו צו זיך.

— נישט־קשה — רוימט זי אים אין אויער אַריין, אַזוי זיס, אַזוי גוט — נישט קשה... גאָט, דער גוטער, וועט העלפן... דאָס האָט ער דאָך אונדז צוזאַמען געבערענגט... ער וועט נישט פאַרלאָזן! עס וועט זיין — אַי האַלץ... אַי ליכט... עס וועט זיין פּרנסה... עס וועט גוט זיין... נאָר גוט זיין... ס'וואָר, יאָסעלע? ס'וואָר!

ער ענטפערט נישט, ער ציטערט אינגאַנצן.

זי שטופּט אים אַביסל אָפּ פון זיך.

— קוקט אויף מיר, יאָסל — פאַלט, איר איין צו פאַרלאַנגען.

יאָסל וויל פּאָלגן, און קען נישט.

— בטלן, מאַכט זי צו אים ווייך, נאָך נישט צוגעוווינט, האַ?

ער וויל באַהאַלטן זיין קאָפּ אויף איר ברוסט, זי לאָזט נישט.

— וואָס שעמסטו דיך, בטלן! קושן מעגסטו, און קוקן נישט?

ער וויל בעסער קושן; זי לאָזט נישט.

— קוק אויף מיר, איך בעט דיך!

יאָסל עפנט די אויגן מיט כוח; זיי פאַלן דאָך באַלד צוריק צו.

— איך בעט דיך, מאַכט זי נאָך ווייכער, נאָך זיידענער.

ער קוקט. אצינד לאָזט זי אַראָפּ די ברעמען.

— זאָג נאָר — מאַכט זי — זאָג מיר דעם אמת, איך בעט דיך... איך בין עפּעס אַ שיין ווייבל?

— יאָ! רוימט ער איר איין, און זי דערפילט נאָך הייסער זיין אָטעם.

— ווער האָט דיר געזאָגט? !

— איך זע דאָך! אַ מלכה ביסטו, אַ מלכה!

— און זאָג נאָר, יאָסל — פרעגט זי ווייטער — דו וועסט שוין שטענדיק אַזוי... שטענדיק אַזוי זיין?

— ווי אַזוי מיינסטו, טריינע?

— איך מיין — ציטערט איר שטימע — קעגן מיר אַזוי גוט...

— ווי דען?

— אַזוי האַרציק?

— ווי דען?

— שטענדיק?

— שטענדיק! איז ער מבטיח.

— וועסט מיט מיר עסן שטענדיק צוזאַמען?

— זיכער... בלי נדר, ענטפערט ער!

— און . . . וועסט אויף מיר קיינמאָל נישט שרייען?...

— ק יי נ מ אָ ל . . . בלי מסקנא!

— קיינמאָל נישט אָנטון קיין צרות?...

— צרות? איך? דיר?... ווי הייסט? פאַרוואָס?

— איך ווייס? פריידע זאָגט —

— וואַ — די מכשפה!

ער רוקט זיך ווייטער צו. זי שטויסט אים אָפּ צוריק.

— יאָסעלע?

— וואָס?

— זאָג — ווי הייס איך?

— טריינע!

— פע — פארציט זי די קליינע ליפּעלעך —

— טריינישי — פארבעסערט זיך יאָסל.

עס געפעלט איר אַלץ נישט.

— טריינינין...

— ניין!

— נו, — טריינע־לעבן, טריינע־קרוין, טריינע־האַרץ... שוין גוט אזוי?

— יאָ! ענטפערט זי גליקלעך, נאָר...

— וואָס נאָר, לעבן מיינס, נחת מיינס?

— נאָר, הער יאָסל... און... שטאמלט זי.

— און וואָס?

— און אז עס וועט, חס־ושלום פעלן אַמאָל פּרנסה... אז איך וועל ווייניק פארדינען... וועסטו אפשר... אפשר שרייען...

טרערן קומען איר אין די אויגן אריין.

— חס־ושלום! חס־ושלום!

ער רייסט אוים דעם קאָפּ פון אירע הענט, און פאלט צו צו די נאָך אָפענע ליפּן.

— — — — — — — — — — — — —

— א רעכטע שיינע, ריינע כפּרה, צו זייער קאָפּ, צו זייערע הענט און פּיס — הערט זיך א קול פון אונטער די ווענטלעך — קוש־וואָך גאָר ביי זיי! קיין אויג לאָזט מען נישט צומאכן...

דאָס איז פריידלס הייזעריק־שפּיציק־גיפטיק קול.

# מוסר



ס גייען צוויי ווייבער אונטער דער שטאָט. איינע א הויכע, שווערע יידענע, מיט בייזע אויגן, שווערע, הילכעדיקע טריט; די צווייטע א דארע, בלאסע, קליינע יידענע מיט אן אראָפּגעלאָזטן קאָפּ.

— ווו פירסטו מיך, חנה? פרעגט די צווייטע.

— ווארט, נאָך א פּאָר טריט. זעסט, דאָרט צום בערגל.

— נאָך וואָס? פרעגט נאָך אמאָל די צווייטע מיט א באנג אָפּגעריסן קול, גלייך זי וואָלט זיך עפּעס נעשראָקן.

— וועסט הערן, קום...

זיי זענען צוגעקומען צום בערגל.

— נאָך וואָס? פרעגט נאָך אמאָל די צווייטע מיט א באנג אָפּגעריסן קול, גלייך זי וואָלט זיך עפּעס נעשראָקן.

— וועסט הערן, קום...

זיי זענען צוגעקומען צום בערגל.

— זעץ דיך, מאַכט חנה. די צווייטע פאָלגט, זעצט זיך אויפן בערגל, חנה זעצט זיך נעבן איר. — אין דער שטילקייט פון ווארעמען זומערטאָג, ווייט פון שטאָטישן גערודער, מאַכט זיך א געשפּרעך:

— גרונע, ווייסט ווער דיין מאן, עליו השלום, איז געווען?

אויף גרונעס בלאַס פּנים לייגט זיך א שאָטן.

— איך וויים, ענטפערט זי מיט פארביסענע ליפּן.

— א סופר איז ער געווען, גרונע! א כשרער סופר...

—איך וויים! מאַכט גרונע אומגעדולדיק...

— פאר יעדן אות פלעגט ער זיך טובלען אין מקווה...

— א גראָבער ליגן... אז ער פלעגט גיין א פּאָר מאָל אין דער וואָך, איז אמת...

— א כשרער ייד געווען.

— אמת...

— זיין זכות זאָל אונדז ביישטיין...

גרונע שווייגט.

— שווייגסט? ווונדערט זיך חנה.

— אַלץ איינס!

— נישט אַלץ איינס! זיין זכות זאָל אונדז טאַקע ב יי ש ט יי ן !

הערסט?

— איך הער!

— וואָס זאָגסטו דערצו?

— וואָס זאָל איך זאָגן, איך ווייס נאָר, אַז ער איז נ י ש ט ביי־געשטאַנען...

פּויזע. די ווייבער פאַרשטייען זיך: דער כשרער סופר איז געשטאָרבן און איבערגעלאָזט אַן אַלמנה מיט דריי יתומים — מיידלעך. גרונע האָט שוין מער נישט חתונה געהאַט, די קינדער קיין שטיף־טאַטן נישט געגעבן, אַליין אויף זיך און די קינדער געאַרבעט, נאָר קיין מזל און ברכה איז נישט געווען... „זיין זכות איז נ י ש ט ביינגעשטאַנען..."

—און ווייסטו פאַרוואָס, גרונע? האָט איר איבער חנה דאָס שטילקייט.

— עט...

— ווייל דו ביסט זינדיק...

איך? און די בלאַסע גרופּע שפּרינגט אויף, ווי אַן אונטערגעשאָסענע — איך — זינדיק?

— הער גרונע, זינדיק איז יעדער מענטש, נאָר דו אוודאי...

אוודאי?

— גרונע, נישט אומזיסט האָב איך דיך אַרויסגעפירט אונטער דער שטאָט צום טייך צו, אויפן פעלד... קיין פרישע לופט, ברוך השם, דאַרפן מיר נישט... זעסט, גרונע... אַ מאַמע, און בפרט אַ כשרן סופרס אַן אַלמנה דאַרף...

— וואָס דאַרף זי?

— זי דאַרף זיין פרימער ווי אַלע, בעסער ווי אַלע און מער אַכטונג געבן אויף דער טאָכטער.

די בלאַסע גרונע איז נאָך בלאַסער געוואָרן. די אויגן האָבן איר

אויפגעפלאמט, די נאָז־לעכער צעשפרייטן זיך און די בלויע פאַרברענטע ליפּן ציטערן.

— רחל! האָט זי אויסגעשריגן.

— דו ווייסט, גרונע, איך בין דיר א גוטער פריינט, נאָר דעם אמת מוז איך דיר זאָגן, א נישט וואָלט איך נישט געהאט קיין פאַרענטפער פאַר גאָט... איך וועל דיך נישט באַרעדן, דורך מיר וועסטו נישט קומען צו לייטן אין די מיילער אריין, עס וועט בלייבן צווישן אונדז. איין גאָט אין הימל וועט הערן...

— צי מיר נישט די נשמה ארויס!

— נו, הער־זשע! קורץ און שאַרף... נעכטן פאַרנאַכט, שפּעט פאַר־נאַכט בין איך צוריקגעגאַנגען פון דער באַן, און — אויף דעם בערגל איז געזעסן דיין מירל...

— איינע אליין?

— ניין —

— מיט וועמען?

— איך ווייס? מיט א קאַפּעלוש... א צילינדער אפילו... ער האָט זי געקושט אין האַלדז־און־נאַקן... זי האָט געלאַכט און געכרופּעט צו־קערקעס...

— איך ווייס!... רופט זיך אָן גרונע מיט א קול ווי פון קבר ארויס... עס איז נישט דאָס ערשטע מאָל...

— דו האָסט געוווסט? ! וואָס? א חתן איז עס?

— ניין...

— נישט? און דו... האָסט געשוויגן,

— יאָ?

— גרונע!

נאָר איצט איז שוין גרונע רואיק.

— אַצינד שווייג דו און הער, וואָס איך וויל דיר דערציילן, — זאָגט זי מיט א שניידנדיק קול און, אָנכאַפּנדיק רחלען ביים אַרבל, נויט זי, זי זאָל זיך צוריקזעצן.

— הער, האָט זי ווייטער געצויגן — אלץ וועל איך דיר דערציילן, און איין גאָט אין הימל וועט אונדז הערן!

רחל האָט זיך צוריקגעזעצט.

— אז מיין מאן איז געשטאָרבן — הויבט אָן גרונע.
— ווי אזוי רעדסטו עפּעס, גרונע?
— ווי אזוי זאָל איך רעדן?
— אָן „זכרונו לברכה"? און — „נפטר געוואָרן" זאָגט מען?...
— אַלץ איינס, נפטר געוואָרן, צי געשטאָרבן, באַגראָבן האָט מען אים...
— צו קבר אָבות געקומען...
— זאָל זיין צו קבר אָבות... נאָר מיך האָט ער איבערגעלאָזט מיט נאָך יתומים — טעכטער...
— נעבעך, קיין קדיש נישט געלאָזט...
— דריי טעכטער, די עלטסטע —
— גענענדל —
— אלט געווען 14 יאָר...
— ביי לייטן איז אזוינס א כלה...
— ביי אונדז איז קיין ברויט נישט געווען! פון תנאים שרייבן און לעקאך עסן נישט צו רעדן...
— ווי אזוי רעדסטו עפּעס היינט, גרונע!
— נישט איך רעד, מיין הארץ־ווייטיק רעדט... גענענדל, ווייסטו, איז געווען דאָס שענסטע מיידל אין שטאָט.
— היינט אויך... קיין עין־הרע!
— היינט איז זי א זויערע לימענע — א גרויער צאָפּ! גאָר דעמאָלט האָט זי געלייכט ווי די זון... און — איך בין דעמאָלט דעם פרומען סופרס אלמנה געווען! איך האָב זי ווי אן אויג אין קאָפּ געהיט... איך האָב גע־ווּסט, אז היינטיקע צייטן... עס דרייען זיך ארום כלי־זמרים, שניידערלעך, אזוי דייטשלעך און אלטע בחורים... בית־המדרשניקעס אפילו פלעגן זיך דרייען ביים פענצטער... נאָר אויף וואָס איז א מאמע? א כלה־מיידל, האָב איך געוווּסט, דאַרף זיין ווי א שפּיגל... און איך האָב מיינס באוויזן; עס איז אויף איר קיין הויך נישט געפאַלן! געהיטן האָב איך זי, געהיטן! קיין אויג נישט אראָפּגעלאָזט, קיין טריט פון שטוב אָן מיר נישט געמאַכט, און אַלץ מוסר געזאָגט... קוק נישט אהער, קוק נישט אהין, דאָ שטעל דיך נישט, דאָ מעק דיך נישט... קוק נישט פוינגעלעך פליען...
— נו, זייער ווויל...

—ווייל ווי די וועלט! מאכט גרונע ביטער. קום נאָר צו מיר אהיים און זע, ווי זי זעט אצינד אויס! יאָ, זי איז אַן אמת ערלעך מיידל, נאָר פון 36 יאָר! דאַר, די ביינער צו ציילן, אַ געראנצלטע הויט, ווי פּארמעט צו תפילין, אויגן פאַרלאָשענע, דאָס פּנים זויער, אָן אַ שמייכל — אייביק פאַרביסענע ליפּן... גאַנץ אָפּט דאַך ברענען אויף די פאַרלאָשענע אויגן — דאָס ברענט דעמאָלט אין זיי אַ שנאה, אַ האַס, ווי אַ גיהנם... און ווייסטו צו וועמען? ווייסטו וועמען זי האָט פיינט? וועמען, מאַכנדיק מיט די ליפּן, זי פאַרשעלט די ביינער?

— וועמען?

— מיר! מיר — איר אייגענער מאַמען!

— וואָס רעדסטו? פאַרוואָס?

— זי אַליין ווייסט אפשר נישט פאַרוואָס, נאָר איך ווייס! איך האָב מיך געשטעלט צווישן איר און דער וועלט, צווישן איר און דער זון! איך האָב איר, ווי זאָל איך דיר עס זאָגן? קיין ווארעמקייט און קיין ליכט צום לייב נישט צוגעלאָזט... גאַנצע נעכט האָב איך דעריבער געקלערט ביז איך בין עס דערגאַנגען, אויף קלאָר דערגאַנגען! זי מוז מיך פיינט האָבן... יע־דעס קעמערל פון איר לייב האָט מיך פיינט!

— וואָס רעדסטו?

— וואָס דו הערסט! די שוועסטער האָט זי אוודאי פיינט, שענער זענען זיי און יונגער.

גרונע כאַפּט שווער דעם אָטעם און רחל קען צו די געדאַנקען נישט קומען... זי הערט עפּעס שרעקלעכער; עפּעס ערגערס, ווי קראַנק זיין, ווי שטאַרבן, אַפילו ווי „אונטער דער חופּה שטאַרבן" — דאָס גרעסטע אומ־גליק, וואָס עס טרעפט זיך ביי יידן און דאָך — רבונו של עולם, עס דאַרף אַזוי זיין!

---

— די יונגערע, לעהן, האָב איך שוין אין דער היים נישט גע־האַלטן... איך האָב זי אָפּגעגעבן פאַר אַ דינסט... הייבט ווייטער אָן גרונע צו דערציילן און די שטימע ווערט נאָך הייזעריקער, נאָך אָפּגעריסענער...

— איך האָב געגוג געשריגן דעמאָלט, דערמאָנט רחל, מעשים געטון. אַ סופרס אַ טאָכטער פאַר אַ דינסט...

— איך האָב געוואָלט כאָטש זי חתונה מאַכן, זאָל זי כאָטש אביסל

נדן האָבן... פון מיינע ציבעלעס, מיט וועלכע איך האנדל, קען מען קיין נדן" נישט אויפקלויבן...

און זי האָב איך אויך געהיט...

נישט איין באלעבאָס האָט אויף איר אן אויג געוואָרפן, נישט איין באלעבאטיש קינד האָט זיך געוואָלט פון איר א שפּילכל מאכן... נאָר איך בין א מאמע! איך בין א טרייע מאמע געווען! די פיס האָב איך מיר אָפּגעהאקט און 10 מאָל אין טאָג בין איך ביי איר אין קיך געווען, גע־וויינט און געחלשט, מוסר געזאָגט... הא! גוטע ווערטער, פרומע ווערטער געזאָגט!... גאנצע נעכט בין איך נישט געשלאָפן און געלייענט דעם קב־הישר און אנדערע הייליקע ספרים עברי־טייטש, און צומאָרגנס איר אי־בערדערציילט... און נאָך אייגנס צוגעגעבן! גאָט זאָל עס מיר מוחל זיין...

פון דריי חדשים האָב איך געמאַכט צען, פון א שמיץ איז געוואָרן קאסטרוי, מיט פייער האָב איך געשיט; און א שוואך קינד איז עס געווען, א שוואך כשר קינד, עס האָט זיך געלאָזט פירן!... דער טאטע אויסן אויג — בלאַס, אַן אביסל בלוט, און אזוינע גוטע, פייכטע אויגן, — נאָר שענער איז זי געווען . . .

— דו רעדסט, רחמנא ליצלן, ווי פון א טויטער!

— און דו מיינסט זי לעבט? איך זאָג דיר, זי לעבט נישט! זי האָט אָנגעזאמלט נדן, און איך האָב איר א מאַן געגעבן!

זי האָט נעבעך געוויינט, אז זי וויל אים נישט, אז ער איז צו גראָב צו פּראָסט פאר איר.

נאָר א לערן־קינד נעמט נישט קיין דינסט־מיידל, בפרט מיט דרייסיק רובל נדן!

איך האָב געדאנקט גאָט ווער עס איז! — א שניידער־יונג, איז א שניידער־יונג!

נו! האָט ער מיט איר א יאָר געלעבט — צוגענומען דאָס געלט, מיטן געזונט, מיטן רעשט ביסל כוח און איז אוועק...

נאקעט און בלויז האָט ער מיר זי אָפּגעשטעלט, נאָר — מיט א לונ־גען־פעלער! זי שפּייט מיט בלוט!... א שאָטן איז עס שוין, נישט קיין מענטש... עס טוליעט מיך ווי א קליין קינד, עס לייגט זיך ווי א לעמעלע!... און גאנצע, גאנצע נעכט וויינט עס . . .

און ווייסטו אויף וועמען זי וויינט?

— אויפן מאן, ימח שמו!

— ניין, רחל, אויף מיר וויינט זי! א י ך האָב זי אומגליקלעך גע־מאַכט! אירע טרערן פאלן מיר אויפן הארץ ווי קאָכעדיק בליי — זיי סמען מיך, די טרערן...

זי בלייבט ווייטער שטיל און כאַפּט קוים דעם אָטעם.

— הכלל? פרעגט רחל —

— הכלל? — האָב איך מיר שוין געזאָגט: גענוג! זאָל מיין דריטע טאָכטער שוין לעבן! לעבן זאָל זי, ווי זי וויל!

זי ארבעט אין פאבריק! 16 שעה אין טאָג ארבעט זי, קוים אויף טרוקן ברויט פארדינט זי... זי וויל צוקערקעס אויך, זאָל זי עסן! זי וויל לאכן, שטיפן, קושן זיך — זאָל זי! הערסט חנה — זאָל זי! איך קען איר קיין זיסע זאכן נישט געבן, קיין מאן אוודאי און אוודאי נישט! אַ ציטרין פון איר מאכן, וויל איך נישט, א לונגען־פעלער געבן — נישט, נישט! זאָל שוין די טאָכטער מיך נישט האסן, אויף מיר נישט וויינען.

— אָבער גרונע, שרייט רחל אוים דערשראָקן, וואָס וועלן זאָגן לייט?

— זאָלן לייט פריער אויף אָרעמע יתומים רחמנות האָבן, נישט ארבעטן מיט זיי ווי מיט אייזלען אומזיסט! זאָלן מענטשן האָבן הערצער פון מענטשן און נישט האלטן אָרעמע לייט צום אויסדריקן ווי לימאָנען...

— און גאָט? גאָט, ברוך הוא!

און גרונע הויבט זיך אויף און שרייט, גלייך זי האָט געוואָלט, גאָט זאָל אין הימל הערן —

— האָט גאָט געזאָלט פריער יענע פארזאָרגן . . .

---

עס איז א שווערע שטילקייט!ביידע ווייבער אָטעמען שווער, ביידע שטייען זיך אנטקעגן מיט בליצן אין די אויגן.

— גרונע! שרייט ענדלעך אוים רחל — גאָט! גאָט וועט שטראָפן!

— נישט מיך, נישט מיינע טעכטער! גאָט איז ערלעך! ער וועט עמעצ אנדערן שטראָפן! עמעצ אנדערן!

---

# שוועסטער

„דלות" איז א שלעפער.

ער דערוואַרעמט אין ערגעץ נישט קיין אָרט; ווו ער טאָגט, נעכטיקט ער נישט.

און אַלט איז ער ווי די וועלט!

אויסטערעטנדיק שוין אַזוי פיל יאָרן די ערד מיט די פיס, אָבער אין געלעכערטע צדקה־שטיוול, אין וועלכע ער רייבט זיך אָן הינער־אויגן ווי די עפּל, וואָלט ער געקענט אַרויסגעבן אַ ריכטיקערע וועלט־געשיכטע, בע־סערע ערד־באַשרייבונגען, — וואָלטן זיי אָבער נישט שוין און נישט אַזוי איידל געווען — ווי די, וואָס מיר האָבן פון מענטשן, וועלכע האָבן אָראָפּגעקוקט אויף דער וועלט פון דער הייך פון הימל־הויכע שלעסער, פּאַלאַצן און קלויסטער, וואָס לויפן היינט איבער אים אויף לאָקאָמאָטיוון און אויטאָמאָבילן... אַ חוץ דעם קען דער דלות גאָרנישט שרייבן. ער האָט קיין צייט נישט געהאַט זיך אויסצולערנען, און ער האָט גאָר קיין הענט נישט צו שרייבן! זיינע הענט מיט די וואָרצלען פּאַסן אַזוי צו דער פּע־דער, ווי זיינע פיס צו די בעלי־צדקה־שטיוול. און קיין צייט האָט ער דערצו אויך נישט. אפילו צו דערציילן נישט. אַ גאַנצן טאָג — אָדער ער אַרבעט, אָדער ער זוכט אַרבעט, אָדער ער זוכט אַ מטמון אויף ערגעץ אַ בערגל מיסט, אָדער ער וואַרפט זיך, אַ הונגעריקער און אַ פאַרמאַטערטער ערגעץ אונטער אַ פּלויט און חלומט פון משיחס צייטן מיט זעמל אויף ביימער! ביינאַכט — אָדער ער שלאָפט, ווי אַ געהרגעטער, אָדער ער וואַרפט זיך ווי אַ שלאַנג אויפן געלעגער פאַר הונגער, צי פאַר בויך־ווייטיק פון די מיסט־ממתקים, אָדער ער קוקט נאַריש אין הימל אַריין און פרעגט זיך, פאַרוואָס עס דונערט נישט, אָדער נאָך גאָר — ער קינדלט, על חשבון פון בורא עולם, פון גבירים בעלי־צדקות אָדער גאָר אויפן חשבון פון קהל...

די חשבונות זענען אַ פּנים נישט זיכער, ווייל מאַסן געקינדלטע קינדער ווערן פּלוצים נעלם — ואיננו! אָבער די וואָס בלייבן, זענען צע־

שפּריַיט און צעזייט אויף דער וועלט, און שוועסטער, און ברידער הויבן זיך נישט אָן צו קענען, גייען איינס פאַרן אנדערן פאַרביי אָן א שמייכל אויפן פּנים, גליַיך פרעמדע. אויסער אז זיי טרעפן זיך אמאָל אין צוויי אַנטקעגנדיקע בעטן אין א שפּיטאָל — קרעכצן זיי אָדער זאָגן ודוי צוזאמען...

צוויי דלותעס קינדער קען איך — צוויי שוועסטער, זיי וווינען שוין עטלעכע יאָר אין ווארשע און באַגעגנען זיך גאַנץ אָפט און גייען זיך פאַרביי, ווי ווילד פרעמדע!

איינע וווינט אין א פינצטער ווינקעלע, צווישן ניין נפשות פון דריי משפּחות אין א סוטערינא אויפן מאָקאָטאָוו און ראַנגלט זיך מיט זיי נאַכט אויף נאַכט וועגן אביסל לופט און די צווייטע ראַנגלט זיך נאַכט אויף נאַכט וועגן אזא ביסל לופט מיט 10 נפשות פון פיר פאַמיליען אויפן צוויי־טן עק ווארשע, אויף א בוידעם־שטוב אונטער אן אייזערנעם דאַך אויפן שווארצן געסל. די ערשטע איז א בלאָנדינקע, די צווייטע א ברונעטקע, נאָר דאָס מאַכט נישט אויס — שוועסטער זענען זיי, דלותעס טעכטער און ביידע האָבן דינע, כמעט דורכזיכטיקע נאָז־פליגל, דינע הייטלעך אויף איינ־געפאַלענע באַקן און טיף־איינגעגאַנגענע אויגן, און ביידע זענען אויך נייטאָרנס ביי וויַיסע וועש. די בלאָנדינקע אַרבעט פאַר 20 קאָפּיקעס אַ טאָג אויף ווינען, עסן, טרינקען און קליידן זיך פון 9 ביז 9, אין אַ חברה פון 16 מיידלעך אין א וועש־געשעפט אויפן שווארצן געסל און שלאָגט זיך וועגן אן אָרט נענטער צום פענצטער כאָטש אָפּצואָטעמען, און די ברו־נעטקע האָט אויך נישט זייער קיין שטאַרקע ברוסט און חלשט פאַר 18 חברטאָרנס, וואָס אַרבעטן מיט איר צוזאמען אין א נישט זייער גרויסער שטוב אויפן „מאָנקאָטאָוו", אויך פאַר 20 קאָפּיקעס אַ טאָג פאַר ווינען, עסן, טרינקען און קליידן זיך. קומט סעזאָן, — אַרבעט מען צו א שטיק נאַכט, און דערפון האָבן זיך ביידע שוועסטער געמאַכט ציצענע קליידלעך און געקויפט זיך שטרוי־היטעלעך; אויף שיך האָט פאַרפעלט, זענען ביידע געפאַלן אויף אן עצה — פאַרשמירן די זאָקן אין די לעכער מיט טינט...

זיי קענען זיך נישט און דינען זיך דאָך ווי ווירקלעכע שוועסטער. וואָרום טאָג אויף טאָג גייט די בלאָנדינקע פון מאָקאָטאָוו אָפּאַרבעטן א היבש שטיק מעת־לעת פאַר איר שוועסטער דער ברונעטקע אויפן שווארצן געסל; און די ברונעטקע גייט טאָג אויף טאָג פון שווארצן געסל אויפן

„מאַנקאַטאַוו״ אָפּצוטון די זעלבע ארבעט און אין דער זעלבער צייט פאר איר שוועסטער דער בלאָנדינקע.

ביידע גייען דורך דעם זאַקסישן גאָרטן, די ברונעטקע קומט אריין פון דער „קרולעווסקא״ און גייט אַרויס דורך דער ניעצאַלאַ, און די בלאָנדינקע קומט אריין פון דער ניעצאלא און גייט ארויס דורך דער קרולעווסקא.

אינמיטן גאָרטן טרעפן זיי זיך, גייען פארביי — און גאָרנישט.

---

איינמאָל יולי צייט האָבן זיך ביידע אויפגעכאַפּט פאר גרויס היץ, זיי האָבן זיך ביידע געבאָדן אין שווייס און ביידע האָט גאָר אין גאַנצן אָטעם פאַרפעלט. ביידע זענען כמעט אין איין סעקונדע ארויסגעשפּרונגען פון די בעטן: די בלאָנדינקע אין סוטערינא אויפן מאַקאַטאַוו; די ברונעט־קע אונטערן אייזערנעם דאך אויפן שווארצן געסל. ביידע האָבן זיך גע־שווינד געוואַשן, אָנגעטון די ציצינע קליידלעך, נאָך אמאָל איבערגעש־וואַרצט די זעקלעך אין די לעכלעך און שפּאַלטן פון די קאָמאַשן און ארויפגעזעצט זיך אויף די קעפּ — די שטרויענע היטעלעך, וואָס זיי האָבן פעסט צוגענאָגלט, די בלאָנדינקע צו די זיידן־בלאָנדע און די ברונעטקע צו די סמאָלע־שווארצע, קוים פאַרפלאָכטענע האָר, ביידע האָבן עס געטון ביי קיילעכדיקע טאַשן־שפּיגעלעך און ביידע האָבן צו זיך געשמייכלט... קיין מעשה נישט פון פּנימלעך, און ביידע האָבן זיך פלוצלינג פארבענקט — צו גרינס, צו בלימלעך, צו עפּעס וואַרעם־לעבעדיקעס און אויך — צו וואָנצעלעך מיט אייגעלעך. די בלאָנדינקע — צו שווארצע און די ברונעט־קע צו בלאָנדע און בלויע! און ביידע האָבן אָפּגעזיפצט, נאָך אַן אויג גע־וואָרפן אין די שפּיגעלעך אריין, און, ווייל עס איז צו פרי, געלאָפן אין זאַקסישן גאָרטן אריין... די בלאָנדינקע איז אריינגעקומען דורכן טויער פון קרולעווסקא, די ברונעטקע פון טויער דורך דער ניעצאַלא. אריינקו־מענדיק, זענען ביידע טרויעריק געוואָרן.

— לינקס — טראכט די בלאָנדינקע — ביי דעם וואסער־טרינקען שפּילט מוזיק; לאָזט מען נישט אריין! — עס פליט אין דער נאָז אַ גע־שמאַק פון געברענטע און געקאָכטע קאווע: „אומזיסט גיט מען נישט״.

— לינקס — טראכט די ברונעטקע איז דאָס גלאַנצנדיקע וואסערל מיט די ווייסע שוואנען, אַ מחיה, ווי זיי קומען צו, אז מען וואַרפט זיי

שטיקלעך זעמל — האָב איך נאָך אליין קיין אָנבייסן נישט! — — רעכטס, ווייטער־צוציער, פאַראַן וואַסער מיט זאַפּט, זי וואָלט גערן דאָס געטרונ־קען, נאָר „אומזיסט גיט מען נישט"... —

„אפשר וועט מען אַמאָל געבן", טרייסטן זיך ביידע מיט אַמאָל; זיי זענען דאָך שוועסטער! איילן זיך ביידע אין מיטן גאָרטן אריין, דאָס געוויש פון די גאַסן צעשטויבט זיך צווישן די טויזנטער בלעטער פון ברייט פאַרצווייגטע בוימער און עס איז, דאַכט זיך, אַזוי שטיל, אַזוי שטיל...

און ביידע ווילן זיך זעצן. און ביידע ווייסן, אַז קוים וועלן זיי זיך זעצן, וועלן צוקומען „וואָנצעלעך מיט אייגעלעך" פּלוידערן... גלאַט אַזוי פּלוידערן, איז עס אָנגענעם צו פּלוידערן אויף דער פרישער לופט, קענען די בייטן מיט אַלערליי־פאַרביקע בלומען... מען ווערט פון דער פרישער לופט ווי באַרוישט; פון בלומען־ריח — פאַרחלומט און פון די זיסע רייד ווערט טיילמאָל אַזוי היימלעך אונטער לעפעלע פון האַרץ, — כאָטש עס פּלאַצט באַלד ווי אַ זייפן־בלאָז, אָדער מען דערזעט פּלוצלינג עפּעס שרעק־לעכס און מען אַנטלויפט, האָבן אָבער ביידע מורא, זיי זאָלן זיך נישט פאַרשמועסן און פאַרשפּעטיקן.

נעמען זיך ביידע אַראָפּ רעכטס, צום זייגער, און ווייל זיי זענען שוועסטער, טוען זיי עס אין דער זעלבער רגע און קלייבן אויס די זעלבע באַנק קעגנאיבער דעם ציפערבלאַט און זעצן זיך אויף ביידע עקן — —

צי וועלן זיי צו זיך ריידן.

זיי הויבן אָן צו וואַרפן בליקן אויף זיך. נאָר אין דער זעלבער רגע קומען צו צוויי יונגעלייט, און זעצן זיך אינמיטן באַנק און דרייען זיך אויס — איינער אַ ברונעט צו דער בלאָנדינקע; דער צווייטער אַ בלאָנדין צו דער ברונעטקע...

צוויי פּאָרן פּלוידערן...

און אַז דער ווייזער קומט צו צו דריי פערטל ניין, שפּרינגען ביידע שוועסטער אויף און אַנטלויפן.

די בלאָנדינקע פון מאַקאַטאָוו אַנטלויפט דורך דער ניעצאַלע צום שוואַרצן געסל; די ברונעטקע פון שוואַרצן געסל — דורך דער קרולעוווסקאַ — קיין מאַקאַטאָוו...

זיי האָבן זיך נישט רעכט געזען...

אפשר אַמאָל — אין שפּיטאָל אַ שטייגער, וועלן זיי זיך דערזען.

# א ליבע

(פּאָעמע)

.1



ויטע בעקעלעך, קלאָרע אייגעלעך, זיסע, שטילע חלומות, — ווו זענט איר?

א שטילע טויב האָט שטיל געלעבט אין א שטילן טויבן־שלאַג. א פרומע, שטילע טויב.

ליבלעך האָט זי געברומט די ברכה אינדערפרי:

„וואָס דער טאַטע הייסט, וואָס די מאַמע הייסט און וואָס אלע גוטע פרומע לייט"...

און די קריאת־שמע ביינאַכט!

„נעם, ליבהארציקער גאָט, ביז מאָרגן מיין זיסע נשמה צו דיר...

„באהאַלט זי איבערנאַכט אונטערן פליגל פון דיין גנאָד און שיק זי מיר אָפּ אינדערפרי דורכן ערשטן בעסטן מלאך, וועל איך זאָגן דעם טאַטן „גוט מאָרגן", דער מאַמען קושן די האַנט"...

א בליץ האָט אין שטילן טויבן־האַרץ אריינגעטראָפן, און עס האָט זיך צעפלאַקערט...

און א ווילד פארלאַנגען האָט אויפגעפלאַמט אין דער שטילער טויב:

איבערן בלויען לופטיקן ים זאָל קומען אויף מעכטיקע פליגל דער אָדלער צו שווימען; זי וועט אים באַגעגענען מיט פרייד!

מיט אָדלער־קראַלן זאָל ער איר שפּאַלטן דאָס יונגע האַרץ מיטן אָדלער־שנאָבל אויסטרינקען דאָס הייסע יונגע בלוט; זאָל ער שטילן זיין דורשט...

און זאָל ער אוועקשליידערן די רעשט, ווו ער וויל...

.2

דער טאטע פרעגט פארזאָרגט:

— טאָכטער, וואָס ביסטו אזוי בלאס?

אומרואיק קוקט ער מיר טיף אין די אויגן אריין, — „וואָס פלאמען זיי אזוי ווילד"?

שטייט־צו די מאמע:

— צי האָסטו, טאָכטער, ביינאכט פון שלאָף ארוים געוויינט? פייכט איז צומאָרגנס דיין קישן געווען — וואָס האָסטו פאר א חלומות געהאט?

און לויף איך פון שטוב ארוים, טרעפן מיר חברטעס און רינגלען מיך ארום. און טאנצן ארום מיר, און בויערן מיך דורך מיט די בליקן:

— וואָס איז מיט דיר, גאָלדעלע געשען? וואָס ברענט אזוי דיין אָטעם?

לייכטער איז צו באהאלטן פארפומען פאר לייט, איידער אן אויפגעבליט הארץ.

.3

אז איך וועל אמאָל האָבן א שטילע ליב־הארציקע טאָכטער, ווי מיין מאמע האָט, איין איינציקע, — וועל איך זי נעמען פון צייט צו צייט אויף דער שויס און שטיל גלעטנדיק אירע גאָלדענע לאָקן און טיף קוקנדיק אין אירע בלויע אויגן אריין, וועל איך איר איינרוימען גוטע רייד, הארציקע שלאָף־רייד:

— ווילסטו, טאָכטער, שפאצירן גיין און האָסט מיט וועמען, — גיי! נאָר גיין זאָלסטו בייטאָג, אין שיינעם העלן טאָג, ווען עס שיינט די זון... זאָל זי באשיטן מיט גינגאָלד דיין קעפּעלע, דארפסט זיך פאר דער זון נישט שעמען, נישט פאָרכטן; געטריי און ערלעך איז די זון.

נאָר היט זיך, טאָכטער, פארן כישוף פון שטילע זומער־נעכט... פאר דער דינער ציטעריק־ליכטיקער זילבער־נעץ, וואָס צעשפרייט זיך אין דער שטילער לופט...

און א כישוף־מאכערן איז די לבנה, געפערלעך זענען אירע מאט־זילבערנע שטראלן... זיס איז איר ליכט, ווי זיסער וויין, און עס טרינקט זיך, ווי קילן, זיס־שמעקנדיקן וויין, און עס בארוישט...

פלוצלינג בליען פרישע רויזן אויף אין הארץ און דיין אָטעם הויבט אָן צו שמעקן.

פלוצלינג הויבט דיר אָן א ווירוואר פון ליכטיקע שטערן צו טאנצן אין מוח און שטראלן דיר פון די אויגן ארויס.

און דער קאָפּ ווערט שווער און זוכט זיך אָן אקסל אָנצולענען, און אויפן וועג טרעפט זיך א ליפּ מיט א ליפּ — — נישט אָפּצורייסן...

## 4.

איך מוז שטיין פאר מיר אליין אויף דער וואך, היטן מיך יעדע מינוט, יעדע רגע.

איך מוז איינציען די פיס, זיי ווילן אלץ לויפן אין דער ווייטער וועלט אריין.

איך מוז האלטן פעסט די הענט ביי די נעט פון קלייד, זיי ווילן כאפּן שטערן פון הימל און וואַרפן אין דער וועלט אריין.

און מוז די ליפּן ביז צום בלוט פארבייסן, זיי ווילן אויסשרייען א בשורה פאר דער וועלט.

און מוז היטן די פאַרהענגלעך איבער די טיף־בלויע פענצטערלעך מיינע; שטורקאצן ברענען אין זיי — א באשטענדיקע אילומינאציע; אַן אייביקער יום־טוב אין הארץ!

## 5.

מאמע, אז דו ביסט דעם טאטנס כלה געווען, וואָס פלעגט ער דיר זאָגן אונטער פיר אויגן אויפן שפּאציר?

שיין ביסטו, מאמע, געווען; דאָס ווייס איך. ווי א מלכה זעסטו אויס היינט, א בת־מלכה האָט דאָך נישט מער כישוף אין זיך!

גאָלדן גלאנצט דיין זומער־טאָג. ווי האָט דיין פרילינגס פרימאָרגן געבליט? !

איך זע דאָך, ווי ער קוקט אויף דיר נאָך היינט, מיינענדיק, איך זע נישט.

נאָר דעמאָלט, — דעמאָלט, וואָס פלעגט ער דיר זאָגן?

וואָס פלעגט ער דיר זאָגן אין די זיסע שטילע זומער־נעכט, ווען די לבנה כישופט און די זילבער־ליכטיקע נעץ ציטערט אין דער טיפער בלויער שטילקייט?

צי האָט ער דיר געזאָגט, אַז נישט די לבנה און שטערן לייכטן אים אויף זיין וועג, נאָר דיינע־טיף בלויע אויגן?

און אַז איבער דער ציטערדיק־זילבערנער נעץ איז דורכגעשוווּמען אַ ריח פון בשמים, צי האָט ער דיר איינגערעדט, אַז נישט רויזן און ליליע שמעקן אים, נאָר דיין ריינע נשמה?

און פאַרנאַכט, ווען עס צעגיסט זיך די זיסע שטילע קריאת־שמע פון די נעסטן אין די קרוינען פון פאַרחלומטע בוימער, צי האָט ער דיר געזאָגט, אַז זיסער, פרימער און הייליקער קלינגט דיין איינציק וואָרט?

.6

מיט פלאַמענדיקע ליפּן האָב איך מיך געליינגט, און אויפגעכאַפּט האָב איך מיך אין קאַלטן שוויים...

צווישן צעריסענע שטיקער וואָלקן, איבער נאַקעטע פעלזן און זידנדיקע ימים האָט מיך אַן אָדלער געטראָגן, צווישן שטורעם און ווינט.

נאָר אליין האָב איך קיין פליגל נישט געהאַט און האָב מיך פון זיינע אויסגעגליטשט.

איך פאַל... וואָס נידעריקער און נידעריקער טראָגט מיך דער ווינט און שליידערט מיך, ביז איך בלייב הענגען ווי אבשלום ביי די האָר אויף אַ צווייג פון אַ בוים, וואָס איז איבער אַ וואַסער געשטאַנען.

אויבן צווישן די צעריסענע וואָלקן פליען אָדלער.

— „ראַטעוועט מיך, אייער חבר האָט מיך פאַרלוירן!"

זיי הערן נישט און פליען זייער וועג.

און אונטן פליסט אַ געשרומפּן וואַסער; פון צייט צו צייט שווימט אַרויס אַ בלאַסער פיש, מיט קיילעכדיקע הונגער־אויגן און צושפּרייט דאָס מויל!

— ווען פאַלט זי אַראָפּ!

.7

איך ליג מיט אָפענע אויגן און וואַרט אויף דעם ערשטן שטראַל פון פרישן פרימאָרגן; איך בענק צו אים, ער וועט מיר די שאָטן פון האַרץ פאַרטרייבן.

אין פענצטער אַריין קוק איך און איך וואַרט אויף אַ צייכן פון אַ גיי־געבוירענער זון, — פאַר איר וועלן די וויסטע חלומות אַנטלויפן.

דער ערשטער קוש, וואָס דער שטילער הימל וועט געבן דער ערד, איינגעהילט אין נעפּל פון שרעק, וועט אויסלייזן פון שרעק מיין נשמה.

פון זאָמען, וואָס גאָטס האַנט וועט אַראָפּלאָזן דער פאַרשמאַכטער וועלט, וועט אַרויסבליען פאַר איר דער נייער טאָג, און פאַר מיר — דאָס נייע לעבן.

די ליפּן ציטערן, באַלד וועט זיך הערן די בשורה:

— שרעק נישט, פאַרוואָגלטע ערד! דיין אויסלייזער, דיין חתן גייט צו דיר פון זיין חופּה אַרויס, זיינע אויגן שטראַלן און טרייבן פאַר זיך די שלעכטע רוחות פון דער נאַכט. אַלע שרעקן פאַרשווינדן!

און האָפענדיק צום גאָט, ליג איך שטיל און וויין.

## 8.

שטיל האָב איך געוויינט, און נאָר אַ מאַמעס אַן אויער האָט מיינע זיפצן דערהערט — איך פאַרנעם שוין אירע באָרוועסע טריט.

די פאָרהענגלעך פאַרבויגן זיך. אָט שטייט זי, דאָס בילד פון ליב־שאַפט און רחמנות, און נעמט אַרום מיטן האַרציקן בליק איר צום טויט־דערשראָקן קינד.

מיט שטילע, באָרוועסע טריט קומט זי צו מיין בעט, זעצט זיך נעבן מיר, לייגט מיר די האַנט אונטער מיין האַלדז און ציט מיין הייסן קאָפּ צו זיך אויף דעם שויס:

— צי איז ער עס ווערט, טאָכטער? וואָס איז ער?

## 9.

אַ העלד איז ער, אַ שטימע פון אַ וועלט־באַצווינגער האָט ער; און ער זאָגט, אַז דאָס האָב איך אים אָנגעזאָגט דאָס קול מיט זאַפט און קראַפט, ווי די געבענטשטע זון גיסט די טרויבן אָן... איך מיט מיינע פאַרציטערטע ליפּן...

וועלטן קען ער שליידערן אין דער לופט; און די קראַפט, זאָגט ער, האָט ער פון מיר, פון מיר, וואָס איך בין אַזוי שוואַך, אַזוי שוואַך.

ער האָט שוין, דערציילט ער, פאַרלאָשענע אויגן געהאַט, און איך האָב זיי אים צוריק אָנגעצונדן און זיי לייכטן ווי שטערן אין הימל: און איך, מאַמע, זע נישט צומאָל מיין וועג.

און פאַרוויסט איז שוין געווען זיין האַרץ; איך האָב דאָרט נייע

בלומען געפלאנצט, און זיין אָטעם שמעקט מיט רויזן פון די העכסטע בערג, און איך, מאמע, וועלק פון בענקשאפט, ווי דאָס אָרעמסטע גרעזל אין טאָל.

איך האָב אים די אויגן פונדאָסניי געעפנט, און ער זעט די פּערל, וואָס ליגן, נאָך נישט געפינען, אינעם אָפּגרונט פונעם טיפסטן ים.

און ער פילט אַצינד די בלומען, וואָס קיין מלאך האָט נאָך נישט געוועקט פון טיפסטן שלאָף אין פארבאָרגענעם שוים פון דער ערד.

און הערן הערט ער דאָס געזאנג, וואָס ערשט די שפּעטסטע דורות וועלן זינגען, דעם „הללויה" פון צייטן, וואָס שווימען נאָך אין די נישט־געפאָרמטע נעפּל אונטערן כסא־הכבוד, אויף וועלכע גאָט דער באַשעפער האָט נאָך קיין אויג נישט געוואָרפן.

קענסט עס פארשטיין, מאמע ? !

.10

ניין . . .

און דאָך לייגט זי אירע ווייסע הענט אויף מיין פארווירט קעפּעלע — זי בענטשט מיך.

פון די הארציקע מוטער־אויגן פאלן טרערן ווי טוי אויף מיין דורשטיק־ברענענדיק פּנים און קילן עס.

און אירע טרייע ליפּן ציטערן; זיי ווינטשן מיר גליק.

מאמע, מיך ווארט נישט קיין שטיל, ליב נעסט, אויסגעבעט מיט בלעטער און פּוך און גלאנצנדיקע שטיינדעלעך.

ער וועט נישט ארויספליען זינגענדיק־טאנצנדיק און גאָט־לויבנדיק פון נעסט, זוכן פרישע ווערעמלעך אין דער לופט פאר זיין „געטרייער" „זי", וואָס זיצט איבער זיין היים־געליבטע „קליינע" און וואַרעמט זיי.

אַן „אָדלער־ווייב" וועל איך זיין.

ער וועט מיך אויסרייסן פון דיין שוים און אַוועקטראָגן ווייט־ווייט, צווישן שטורעם און ווינט, איבער זידנדיקע ימים, ווילד־נאַקעטע פעלדזן און וואָלקן, וואָס רייסן זיך אויף זייערע שפּיצן און קאַנטן אויף צוויטן...

און אַז ער וועט מיך פארלירן, מאמע, וועל איך צוריק אין דיין שוים אַריין נישט פאלן.

## 11.

— מאמע!

— וואָס, טאָכטער?

— ער איז נישט פון די, וואָס ווערן גראָ ערשט נאָך לאַנגע־לאַנגע יאָרן; איבערנאַכט ווערט אַזוינער גראָ, ווי די טויב.

ער איז נישט פון די, וואָס טרינקען דאָס לעבן פון גאָטס בעכער אַרויס פּאַמעלעך און טראָפּנווייז; נישט פון די, וואָס מעסטן די צייט מיטן אומרו פון שטאָטישן זייגער: טיק־טאַק, טיק־טאַק — אַ טריט נאָך אַ טריט.

ער איז נישט פון די, וואָס עלטערן זיך, און אַז זיי ווערן אַלט און דערזעען מיט אָפּגעשוואַכטע אויגן, אַז דער שוואַרצער שאָטן קומט זיי אַקעגן, פאַרקרימען זיי זיך פאַר גרויס רחמנות אויף זיך אַליין, אויף ווייב און קינד און אויף אַלע שטאָט־לייט, און גייען אַהיים, שרייבן צוואות, און לייגן זיך אונטערטעניק אין בעט אַריין, און זאָגן ווידוי, און דרייען זיך איבער צו דער וואַנט.

ער איז פון די, וואָס פאַלן פּלוצלינג ווי שטערן פון הימל אַראָפּ; פון די, וואָס ווערן אונטערגעשאָסן, ווי די ווילדע פייגל אין וואַלד.

— פון היץ רעדסטו, טאָכטער.

— פון היץ, מאַמע!

## 12.

נעם מיך שוין מיט, אָדלער.

רייס מיך אויס פון דעם טאַטנס אָרעם, פון דער מאַמעס שויס.

איך גיי מיט דיר.

איך גיי מיט דיר צווישן ווינט און שטורעם, איבער מצבות, איבער קברים, צווישן פאַרוואונדעטע, וואָס בלוטיקן אין פעלד.

און זייער קרעכצן וועט מיך נישט אָפּהאַלטן; איך וועל מיך נישט אָפּהאַלטן עמעצן אַ טראָפּן וואַסער צו דערלאַנגען.

איך וועל נישט ציטערן פאַר די דונערן, וואָס צעררייסן די הערצער אין די פינצטערע נעכט; מיט אָפענע שטאָלענע אויגן, אָן אַ ציטער פון אַ האָר אין דער ברעם, וועל איך קוקן אַקעגן דעם בליץ.

אין בין אַן אָדלער־ווייב!

# גיי נישט מיט מיר

(געדיכט אין פּראָזע)



יי נישט מיט מיר, גאָלדן, האַרציק קינד; טרויעריק איז דעם איינזאַמען וואַנדערערס וועג...

. . . . . . . . . . . .

און ווער איך שוואַך אַמאָל —

און ווער איך שוואַך אַמאָל, פון האַרצרייסנדיקער בענקשאַפט באַפאַלן, פון שמערצן באַזיגט, און איך קני פאַר דיר, און בעט מיך מיט נישט מענטשלעכע טרערן, ביי דיר: קום! — נייג נישט צו דיין אויער צו מיין געבעט.

טרויעריק איז דעם איינזאַמען וואַנדערערס וועג; פון טרויער־ווייַדן געהיט, מיט זייערע שאָטן אויסגעבעט...

דער הימל האָט זיי אָפּגעשטויסן, די ערד האָט זיי צוגעצויגן...

דער שטראַל פון העלסטן, פון גאָלדנסטן טאָג, וואָס רייסט זיך דורך די אַבלים דורך, ווערט פון פרייד און גלאַנץ באַרויבט, און איבערן וועג לייגט זיך מיד און בלייך אַ טויטער שטראַל, אַ בר־מינן — אַ שטראַל!...

נישט פאַר דיר, גאָלדן, האַרציק קינד, איז דעם איינזאַמען וואַנדערערס וועג...

. . . . . . . . . . . . .

צווישן צווייגן און בלעטער פון די אַבלים, וואָס זעען קיין הימל נישט, ווו עס נעסטן קיין פייגל נישט, — פאַרבענקען ווערט זיך דיין נשמה צו זאַנג און קלאַנג...

אויפֿן שאָטן־אויסגעבעטן וועג וואַקסן קיין בלומען נישט; אומ־זיסט וועט זיי מיט בענקשאַפֿט זוכן דיין אויג...

אָ, גיי נישט מיט מיט מיר, גאָלדן, האַרציק קינד!

. . . . . . . . . . . . .

לעש, קינד, די באַרעמהערציקע פֿונקען פֿון דיינע אויגן אויס; אומ־היימלעך איז דעם איינזאַמען וואַנדערערס וועג.

טרויער־ווײַדן היטן אים פֿון אַלע זייטן; נישט היימלעך איז מיטער־נאַכט דאָס גערויש, וואָס שלאָגט זיך צווישן שווערע צווייגן און בלעטער...

אַלט־פֿאַרשטומטע קלאָגן, וואָס דער הימל נעמט נישט אויף . . . פֿלוכן און צײַן־קריצעריי פֿון פֿאַרשטויסענע און פֿאַרשאָלטענע... מיטער־נאַכט וועקט זיך דאָס אַלץ און מישט זיך צוזאַמען מיטן יאָמער פֿון פֿאַר־זינדיקטע נשמות, וואָס פֿלאַטערן אַרום, און זוכן און געפֿינען נישט קיין תקון...

נישט פֿרייִלעכער איז דער טאָג... דורך אַש פֿון פֿאַרברענטע, דורך שטויב פֿון צו קבר־ישראל נישט געקומענע, קוקט דורך אַ רויט צאָרניקע זון...

נישט פֿאַר דיר איז דער וועג, גאָלדן, האַרציק קינד!

. . . . . . . . . . . . .

גיי נישט מיט מיר, גאָלדן, האַרציק קינד; שרעקלעך איז דעם איינ־זאַמען וואַנדערערס וועג.

שאַרבן־קעפּ וואַלגערן זיך איבערן וועג, שאַרבן־קעפּ וואַלגערן זיך אַרום אין זיינע שאָטן, שאַרבן־קעפּ פֿון לאַנג געשטאָרבענע און נישט באַגראָבן, און מיט הוילע אויגן־לעכער קוקן זיי אַרויס אויף דער וועלט און שרייען שווייגנדיק: פֿאַרוואָס? פֿאַרוואָס?

און איבער קברים פֿירט דער וועג; איבער פֿאַרגעסענע דערנער־באַוואַקסענע קברים...

דאָס זענען די קברים פֿון די פֿאַרעקשנטע מלאכים, וואָס האָבן אַמאָל דעם כסא־הכבוד געשטורעמט און דערנאָך, באַזיגטע און פֿון הימל אַראָפּ־געשלײַדערטע, אומזיסט געזוכט פֿאַרגעסעניש און טרייסט אין דער שוים פֿון ערד־געבוירענע טעכטער, ביז זיי זענען אויסגעגאַנגען ווי אַ ליכט.

צוגענומען האָט זיי די ערד, נאָר פֿאַרצערן זיי קאָן זי נישט!

און, הער, קינד! אַפּט אין האַלבער נאַכט שפּאַלטן זיך די קברים, די פאַרגעסענע, דערנער־באַוואַקסענע קברים...

און זיי, די געוועזענע מלאכים, שטייען אויף, גייען פון די קברים אַרויס, שטעלן זיך אויס און קוקן מיט אַ ברענענדיקן האַס אין די אויגן צום הימל אַרויף, און הייבן מיט גרימצאָרן די פויסטן קעגן כסא־הכבוד אויף, און כאַפּן זיי באַלד צוריק צו די מיילער, און בייסן די פינגער פאַר צער און שאַנד, — פאַרוואָס זענען די הענט אַזוי קורץ!

. . . . . . . . . . . . .

גיי נישט מיט מיר, גאָלדן, האַרציק קינד!

און בעט איך דאַרום, שאָקל דיך אָפּ פון מיין געבעט, ווי פון אַ גרינעם וואָרעם, וואָס פאַלט דיר פון בוים אַראָפּ אויף דיין ברוסט!

דאָרט גייען־אַרום די שאָטן פון נאָך נישט געשעענעם, פון נאָך נישט באַשאַפענעם; אומרואיקע שאָטן, וואָס רייסן זיך, קעגן גאָטס ווילן, צו ליכט און לעבן פאַר דער צייט, נאָך איידער ער האָט זיי מיט פלייש און בלוט באַקליידט.

לעבנס־הונגעריק זענען די ווידערשפּענסטיקע גייסטער, און ווי איז דעם, וואָס זיי טרעפן אויפן וועג... זיי נעמען צו פון די באַקן די פאַרב, זייגן אויס דאָס ליכט פון די אויגן, און נאָגן אויס דאָס בלוט פון האַרץ... לעבנס־הונגעריק זענען זיי...

נישט פאַר דיר איז דעם איינזאַמען וואַנדערערס וועג...

. . . . . . . . . . . . .

און ווער איך שוואַך אַמאָל, פון שמערץ און בענקשאַפט פאַרמאַטערט, און קני פאַר דיר, און בעט זיך רחמים ביי דיר: קום, פאַרלאָז מיך נישט! — הער נישט מיין געבעט!

לעש די באַרעמהערציקע פונקען אין דיינע אויגן אויס; און די בענקשאַפט, וואָס איך האָב פאַרזייעט אין דיר, רייס דיר ווי אַ דאָרן פון האַרץ אַרויס! זע ווי צאַרניק עס שפּרייט זיך איבער מיר דער הימלס־בויגן...

גיי, קינד! זאָל דער דונער, וואָס ווערט פאַר מיר געשמידט, דיך אומזיסט נישט טרעפן...

נישט דאָס האָט דיין מאַמע, איבער דיין וויג געבויגן, דיר געזונגען!

נישט דעם וויסטן חלום האָבן לבנה און שטערן, אין די שטילע זיסע נעכט, דורכן מיידלשן פענצטער דיר אויסגעשפּינט!

גיי אין דיין רו אריין, קינד!

. . . . . . . . . . . . .

זע, צאַרניקער נאָך ווערט דער הימל...

און פון צווישן די ביימער, אין פינצטערניש פאַר שרעק צוזאַמענגערוקטע, פינקלט אַרויס דיין היים, דיין זיס־שטילע היים!

מיט וואַרעמע בליקן ווינקט זי צו דיר, צערטלעך רופט זי דיך: קום! גיי אין דיין רו אריין, קינד!

זע, צאַרניקער נאָך ווערט דער הימל...

גיי אין דיין רו אריין, לייג דיך... לייג צו דיין קעפּעלע צום קישן און קריאת־שמע לייען!

און הייב דיינע שטילע זיסע אויגן צום הימל אויף און בעט!

בעט, ער זאָל דיר אָפּציען דעם שוואַרצן וואָלקן, וואָס האָט זיך איבער דיין יונג, אומשולדיק־בלויען הימל געלייגט... אויסגעריסן זאָל ווערן דער זאָמען פון אומרו און בענקשאַפט, וואָס איך האָב מיט מיין זינדיקער האַנט אין דיין הייליק־שטיל האַרץ פאַרפלאַנצט...

און אָפּגיין זאָל דער שאָטן, וואָס דער פאַרבייגייענדיקער איינזאַמער וואַנדערער האָט אויף דיין ריין־געשטראַלטער נשמה געוואָרפן. —

בעט, קינד! דיר איז דער הימל נישט צאַרניק און וועט הערן דיין געבעט...

. . . . . . . . . . . . .

גיי נישט מיט מיר, גאָלדן, האַרציק קינד!

---

# דער שטראַל

## (מעשהלעך)

---

### 1) די אָפּטריניקע



ון גאָט, וואָס וועט אייביק זיין, איז אייביק געוועז, און האָט אייביק זיינע חלומות געהאט. און מקוים און פאַרקערפּערט פלעגן ווערן די חלומות, נאָר אויך באַלד פאַרלוירן אין דער פינצטערניש, פון אָנגעשיטן תוהו־ובוהו...

חלומט זיך גאָט אַ טורעם, שטעלט ער זיך, דער טורעם, אין דער פינצטער אויפן שפּיץ, און פאַלט, און פּלאַצט, און צעפּלאַצט, און עס ווערט פון אים אַש און שטויב און זיי צעשפּרייטן זיך איבערן אומענד־לעכן תוהו־ובוהו.

און חלומט זיך גאָט אַ ים, פאַלט ער אין דער פינצטערניש פון תוהו־ובוהו פון געלעגער ארויס, שלאָגט זיך אָן פעלדזן און בערג פון אַנדערע געטלעכע חלומות, און צעפאַלט אויף וואַלן; די וואַלן אויף וואַ־סערלעך, אויף וואַסער־צונגען און וואַסער־שטראַלן; קומען ווינטן פון נאָך אַנדערע געטלעכע חלומות, צעברעקלען און צעיאָגן זיי ביז איינציקע טראָפּן... קומען שווערע, שוואַרץ־דורשטיקע נעפּל און טרינקען זיי אויס...

און די נ י ד ע ר הייבט זיך אין דער פינצטער איבער דער ה י י ך און שלינגט זיי איין... און וועלטן לויפן קעגן וועלטן, און שלאָגן זיך אָן, און פּלאַצן, און צעפאַלן זיך אין די אָפּגרונטן פון תוהו־ובוהו, און פאַרשווינדן, גלייך ווי זיי וואָלטן קיינמאָל נישט געווען, און איבער די חורבות פון איינגעפאַלענע וועלטן, גיסן זיך איבער די פינצ־טערע תוהו־ובוהו־וואַלן, און זיי לאַכן צו זיך, און שפּעטן פון באַשעפער און זיינע חלומות, און קראָען — מערדער־געדאַנקען פליען אויף די

שווארצסטע פליגלען איבער שטיקער מפּולת פון איינגעפאלענע חלומות, און שטעכן אוים ווו עס עפּנט זיך אין דער פינצטערניש ערגעץ אן אויג און וויל שיינען... און בייזע ווינטן יאָגן, קאָלערן זיך אין דער פינצ־טערניש, און פאַרשיטן מיט תוהו־ובוהו־אַש, ווו עס וועקט זיך און עס וויל אויפלאַמען אַ פּונק פון ווילן פון לעבן.

ביז גאָט האָט אויף זיינע חלומות חרטה באקומען און אַ טראַכט געטון: זאָל זיין ליכט!...

און עס איז געוואָרן ליכט; פון זיך אויסגעשטראַלט האָט ער עס, פון שענסטן חלום פון דער טיפסטער נשמה אויסגעשטראַלט... געטלעך ליכט.

און אין דער ליכטיקייט האָט זיך יעדער באַשאַפענער חלום אויף זיין אָרט געשטעלט.

און אין דער פיינסטער אָרדענונג איז אַריבער אַ טאָג נאָך אַ טאָג, און גאָט האָט דערזען, אַז עס איז גוט. נעבן גוטן אָבער האָט ער אויך דאָס שלעכטע דערזען; שאָטן גייען נאָך דעם ליכט... איז אים, דעם גערעכטן גאָט, באַנג געוואָרן אויף זיין, פון זיך זעלבסט אויסגעשטראַלט ליכט, עס זאָל לייכטן דעם בייזן, ווי דעם גוטן. און ער האָט באַשלאָסן דאָס ליכט נאָר פאַר גוטע, נאָר פאַר צדיקים צו באַהאַלטן, זאָל עס זיין דער לוין פאַר זייערע מעשים טובים...

און דעמאָלט האָט ער די ליכטער אין הימל באַשאַפן: די זון זאָל רעגירן בייטאָג, לבנה און שטערן — ביינאַכט, און די שטראַלן, וואָס ער האָט געהאַט אויסגעשטראַלט פון זיך, האָט ער צוריקגערופן — — —

און די שטראַלן פליען צוריק אין זייערע קוואַלן. נאָר איינער האָט זיך אָפּגעריסן פון אַלע; איז אָפּטריניק געוואָרן!

— די שלעכטע — האָט דער אָפּטריניקער געטראַכט — זענען די אומגליקלעכסטע, און אויב זיי ווערן אַצינד פון אַלע מיינע ברידער פאַר־לאָזט, וועל איך מיך, זיי צוליב, אָפּזאָגן פון הימל און בלייבן ביי זיי...

און דער אָפּטריניקער שטראַל האָט זיך ערגעץ אויף אַ שפּיץ באַרג אין דאָרן־שטרויס באַהאַלטן. באַלד האָבן אויפן שטרויס רויזן אויפגע־פלאַמט, און דערווייל — האָט זיך דער הימל צוריק פאַרשלאָסן.

איינס האָט דער שטראַל נישט געוווסט, אַז, נ אָ ע נ ט צו דער ערד, איז די לופט אַזוי געדיכט, אַז ער וועט זי נישט דורכדרינגען, אַז

ער וועט צו דער נידער קיינמאָל נישט קומען... אַז ער וועט בלייבן נאָך געגוג הויך, און וועט קיינמאָל די נידער נישט זען...

ווען ער האָט זיך דערפון דערוווסט, איז שוין צו שפּעט געווען; איז דער הימל געווען שוין פאַרמאַכט, און אַז ער האָט, שטיל און פול חרטה, אָנגעקלאַפּט מיט אַ ציטערדיקן פליגל, האָט אים אַ רחמנותדיקער מלאך געענטפערט:

— גיי! גאָט וועט דיך דערזען און פאַרטיליקן, אַפּטריניקע איז ער נישט מוחל...

און אַראָפּ איז צוריק דער שטראַל.

און קיינער ווייסט נישט פון דעם פאַרלוירענעם שטראַל, פאַר וועלכן דיר הייך איז פאַרשלאָסן און די נידער צו טיף — און דאָך חלומט מען פון אים, בענקט מען צו אים... הערצער פילן, — נשמות לעכצן — נישט ווייסנדיק...

---

## 2) דער איינזאַמער שיפער

דעם באַרג צופוסנס — פליסט פאַרביי אַ וואַסער. און איבערן וואַסער גייען שיפן, און פירן איבער פון לאַנד צו לאַנד — דעם פאַרגליווערטן מענטשן־שוויים און מענטשן־בלוט, אין געשטאַלט פון אַלערליי, אויפן אָרט איבעריקע סחורות. אויך מענטשן שיפן זיך אָפּט איבער פון טריקעניש צו טריקעניש, פון לאַנד צו לאַנד... ווערט עמעץ מיד פון לעבן אין איין לאַנד, שיפט ער זיך איבער צום צווייטן. און, ווערנד אַ געוויסער צייט, דאַכט זיך אים, אַז ער האָט אָנגעהויבן אַ ניי לעבן, אַ פריש לעבן... אַן אַנדערער האָט, גערן אָדער נישט גערנווייליק, אין וואָס־עס־איז זיין נשמה באַפלעקט, שיפט ער זיך איבער צו נייע שכנים, וואָס ווייסן נישט פון פלעק, און וועלן מיט די פינגער נישט טייטלען!

שיפן גייען איבערן וואַסער, גרויסע און קליינע, נאָר אַלע פולע: פול סחורות. און אויך פול מענטשן, וואָס קוקן מיט בענקשאַפט צום באָרט, וואָס זיי פאַרלאָזן, און מיט שרעקיקער האָפענונג צום באָרט, ווו אהין זיי ווערן געשיפט. נאָר איין שיפל גייט איינזאַם, זיין קאַפּיטאַן איז אויך זיין איינציקער פּאַסאַזשיר.

ווו אהין רודערסטו, איינזאַמער שיפער? ווו פירט דיין וועג?

דער איינזאַמער שיפער ענטפערט נישט; מיט דער צייט האָט מען אויפגעהערט צו פרעגן, צו גריסן... נישט היימלעך האָט אויסגעזען דאָס לערע שיפל, נאָך ווייניקער דאָס פינצטערע געזיכט פון איינזאַמען שיפער און זיינע קאַלט־שטראַלנדיקע אויגן, וואָס האָבן אָן בליצנדיקע מעסער דערמאָנט...

און אַ גאַנצן טאָג רודערט דער איינזאַמער שיפער. און ערשט ביי־נאַכט, ווען דאָס שיפל, וואָס האָט קיין איינציקן לאַמטערן נישט, ווערט איינגעהילט אין נעפּל, שיפט ער זיך צום באַרג, אַנקערט אין שאָטן פון פעלדזן אָדער געוויקסן, און רוט פאַרשלונגען מיטן שיפל אין נעפּל, ביז דער מאָרגנשטערן זאָגט אָן די בשורה פון אַ נייעם טאָג. אָבער רוען רוט דאָס ש י פ ל, נישט ער...

דער איינזאַמער שיפער ווייסט נישט פון קיין שלאָף; זיינע ברעמען פאַלן נישט צו; זיינע אויגן פאַרמאַכן זיך נישט...

ער האָט געאַנקערט. און אָט נעמט ער פון טאַש אַרויס און עפנט די איינאיינציקע קאַיוטע אויפן שיפל, דערנאָך — אַ קלענערן און שליסט אויף די איינאיינציקע זאַך אין קאַיוטע — אַ שראַנק.

און אַ פאַרצעלייענער טאָק — אַ פרויען־בילד באַווייזט זיך, מיט אויגן בלאָע ווי דער הימל. נאָר דער הימל, וואָס איז פאַרכישופט געוואָרן אין זיי, איז אייביק ריין... ער קען זיך קיינמאָל נישט פאַרנעפּלען; ער האָט קיינמאָל נישט געבליצט — אַ פאַרצעלייענער טאָק. און פאַר אים האָט זיך דער איינזאַמער שיפער אויף די קניען געלאָזט, די גאָלדענע שיכלעך פון קליין־פיסיקן טאָק געקושט, און דערנאָך דעם קאָפּ אויפגעהויבן, און מיט אַ שטיל און היים־פאַרגנינט געבעט אין די אויגן אריין פון טאָק געקוקט...

לעב, לעב אויף! האָבן זיך די אויגן געבעטן. איך בין אַזוי עלנט, אַזוי אַליין...

און אַז דער ערשטער מאָרגן־שטראַל האָט זיך אַ גליטש געטון איי־בערן שטילן וואַסער־שפּיגל — לעשט זיך אים דאָס געבעט אין די אויגן אויס, הייבט ער זיך, זיפצנדיק פון די קניען אויף; פאַרמאַכט — מיטן קליינעם שליסעלע דעם שראַנק, מיטן גרויסן — די קאַיוטע; און, מיט צוריק קאַלט־שטראַלנדיקע אויגן אין פינצטערן פּנים, נעמט ער זיך צום רודער צוריק.

און אזוי גייען פארביי טעג, מאָנאַטן, יאָרן...

און איינמאָל — עס איז אַ טריבער טאָג געווען — און דער איינזאַמער שיפער איז גראָד ביים באַרג צופוסנס געשוואומען, האָט ער אויפן רוקן פון באַרג אַ שטיל־שיינענדיקן גלאַנץ דערזען — ווי דער שמייכל, פון וועלכן ער האָט געחלומט, און האָט פול בענקשאַפט געוואָלט אַרויסרופן אויפן אַלבאַסטער־פּנים פון טאָג. און צו זיך געצויגן האָט'ם פּלוצלינג דער באַרג; נענטער איז ער צוגעשוואומען...

„באַרג אויף! באַרג אויף!" האָט אין אים דאָס פאַרבענקטע האַרץ ווי געשריען; און געדוכט האָט אים, אַז ער הערט די שטימע פון אַ גוסס, וואָס רופט נאָך אַ זיכערער הילף... און דאָס ערשטע מאָל, נאָך טעג, מאָנאַטן, יאָרן האָט דער איינזאַמער שיפער אין אַ טריבן טאָג געאַנקערט, און איז אויפן באַרג־רוקן אַרויפגעשפּרונגען, און האָט אָנגעהויבן גיין...

און ער גייט. צווישן פעלדזן און שטיינער שטייגט ער... שטיינער און שטיקער ערד קייקלען זיך אים, רוישנדיק, פון אונטער די פיס, שטיינער שאַרפערע שניידן און פאַרוווּנדן אים די זוילן; ער דאָך שטייגט. און וואָס העכער, איז דער באַרג גרינער, לעבעדיקער, פון וואָס העכער קוקן וואָס מער בלומען אַראָפּ און גאָר הויך טאַנצט אַרום אַ שיין, ווי אַ געטלעך באַרעמהערציקער שמייכל, און רופט... רופט, און דאָס האַרץ בענקט אַזוי צום שמייכל... צום געטלעך באַרעמהערציקן שמייכל...

שטאַרק איז דער איינזאַמער שיפער געווען! און שטייגנדיק, האָט די קראַפט אין אים געוואַקסן, און דאָס האַרציקע געוויין אין אים האָט זיך, וואָס אַמאָל מער, אין פריידן־אויסגעשרייען פאַרביטן...

און ער וואָלט דעם שפּיץ באַרג דערגרייכט, צום קוואַל פון לעבן — צום שטראַל געקומען, ווען נישט אַ קליינער געדאַנק, וואָס האָט אים פּלוצלינג אויפגעבליצט אין געהירן:

— ווי ווייט בין איך שוין אָפּגעגאַנגען פון איר? ווי הויך בין איך שוין איבער י ע נ ע ר בענקשאַפט געשטיגן?

און ער האָט זיך אומגעדרייט אויף אַ ווײַלע, און זעט! —

ביים ראַנד פון שיפל שטייט זי — דער טאָג — די הענט אויסגעשפּרייט. אַ לייטזעליק־פאַרקלערט־בעטנדיקער שמייכל שימערירט איבערן אַלבאַסטער־ווייסן געזיכט, און אין די אויגן — אין די אויגן אַזוי פיל בענקשאַפט, אַזוי פיל ווי...

ווי אזוי איז דאָס וווּנדער געשען?

און צוריק אראָפּ גייט דער איינזאַמער שיפער...

„דו ביסט פון מיר אוועק — האָט זי אים געזאָגט, און די שטימע האָט ווי פון א פיינסטער האַרפע געקלונגען — און אין מיר איז בענק־שאַפט געבוירן געוואָרן, א וווּנדערלעכער שמערץ האָט זיך אויפגעוועקט אין מיר... און דאָס איז מיין נשמה געוואָרן! און אָט, זע! איך לעב! לעב"! און היים־גאָלדענע שטראַלן שפּריצן איר פון אונטער די זיידענע ברעמען אַפער.

באַגליקט, האָט ער זי אין זיינע אָרעם געשלאָסן; מיט ברענענדיקע ליפּן איר שטערן מיט די באַוועגלעכע שלייפן געקושט און מיט א גליק־פאַרשיכורט האַרץ צו איר האַרץ־קלאַפּן זיך איינגעהערט — — — אין די בלאָע אָדערלעך, וואָס שפּרינגען אונטער אירע שלייפן, זיך איינגע־קוקט, ער קען פון זיי קיין אויג נישט אָפּרייסן.

— זי לעבט, זי לעבט! יוויכצט דאָס האַרץ — — —

אָבער אין זיינע אָרעמס האָבן זיך אירע ליפּן צוריק צוזאַמענגעצויגן און געשלאָסן... אויסגעגליטערט, ווי אַן אייביק שטיל־בלאָער הימל האָבן זיך די אויגן... שטיל שטייען די שלייפן... שטיל — דאָס האַרץ. אין זיינע אָרעמס איז זי צוריק א טאָקל געוואָרן... און ער האָט זי צוריק אין שראַנק פון דער איינאיינציקער קאַיוטע פאַרשלאָסן! און איז געלאָפן באַרג אַרויף, אום נאָכאַמאָל זיך אומצוקוקן.

און פון דעמאָלט אָן האָט קיין שיפער דעם איינזאַמען נישט געזען. קיינער האָט נאָך אים נישט געבענקט; „א נישט היימלעכער געווען — פינצטערע בליקן געהאַט, איבערן וואַסער מיט עפּעס א שרעקיקן סוד גע־שוווּמען"... „אומגליק ברענגט ער!" האָבן אַנדערע, וואָס האָבן שיפּברוך געליטן, געמיינט — — —

צופוסנס דעם באַרג, אין שאָטן פון ציפּרעסן איז דאָס שיפל פאַר־אַנקערט... גרין מיט מושעלן אויסגעזעצט, פאַרוואַקסן... קיין פיש אין וואַסער מיידט עס נישט; קיין מעווע אין דער לופט שרעקט עס נישט איבער... פייגל נעסטן אין אַלע זיינע שפּאַלטן, און דער איינזאַמער שי־פער וואַנדלט טאָג־אויף־טאָג; שטייגט און נידערט, נידערט און שטייגט — — — קומט ער העכער און דרייט זיך אום — לעבט אויף

טאָק, קומט ער אראָפּ און שליסט זי אין זיינע אָרעמס — ווערט דאָס ווונ־דער פארלאָשן... און עס רופט דער שפּיץ־בארג!...

דער — וועט דעם שטראַל נישט דערגרייכן.

## 3) דער אַלטער כישוף־מאַכער

אמאָל איז א כישוף־מאַכער געווען...

נאָר שרעקט אייך נישט, א גוטער געוועזן; נאָר צום גוטן האָט ער זיין קראַפט גענוצט... דער ווילן איז געווען אין אים שטארק, דער שטאַרקער ווילן  ש אַ פ ט,  און ער האָט נאָר מעשים טובים באַשאַפן... הונגעריקע געזעטיקט, דורשטיקע געטרענקט, טרערן פון אלמנה־ און יתומים־אויגן געטריקנט... און די קראַפט האָט ער פון בארג גענומען...

ארויף האָט ער נישט געקאָנט, דאָס גוטע הארץ קען אַליין נישט געניסן פון גוטן! דאָס רחמנות אויף דעם, וואָס קוועלט זיך און מאַטערט זיך אונטן אין  ט אָ ל,  טרייבט אים... ער שטייגט, וויגט מיט די אויגן דעם געטלעכן שמייכל, וואָס שיינט אויפן בארג־רוקן אין דער הייך, אין הארץ, אין דער נשמה אריין; די נשמה וואַקסט, דאָס הארץ וואַקסט, דער ווילן וואַקסט, אָבער דאָס רחמנות וואַקסט מער פאַר אַלע, און ער לויפט אראָפּ: „עס זאָל זיין אין הייזל ברויט"! — און עס איז געוואָרן ברויט! — „פון שטיין זאָל פארן פארחלשטן וואַסער שפּריצן", און א רעגנבויגן־פארביקער וואַסער־שטראַל שיסט שוין ארויף און צעשפּריצט זיך גלייך די שענסטע פּערל... ער האָט פון ווילן אפילו שטעק־שיך פאַר שוואַכע און ביין־קליידער פאַר נאַקעטע געמאַכט... און מענטשן האָבן געזאָגט ס'איז כישוף, און אים האָט מען גערופן כישוף־מאַכער... פאַר־ברענט האָט מען אים נישט; ער האָט גרויסע טובות געטון!

ארויף איז ער נישט — דאָס רחמנות אויף דעם, וואָס מאַטערט און קוועלט זיך אונטן, טרייבט ארויף און טרייבט צוריק — און דעם קוואַל פון לעבן האָט ער נישט געקאָנט דערגרייכן און איז מיט דער צייט דערוי־בער אַלט און יעדן טאָג שוואַכער געוואָרן...

און וואָס אמאָל האָט ער ווייניקער בארג געמאַכט, טאָג אויף טאָג צו א קלענערער הייך געשטיגן... דער שאַפנדער ווילן אין אים איז פון

טאָג צו טאָג קלענער געוואָרן... ער האָט שוין קוים געקאָנט מאַכן ליי־מענע פּייפּערלעך פאַר ווייגענדיקע קינדער...

און מענטשן האָבן אָן זייער כישוף־מאַכער פאַרגעסן. מאַנכע האָבן אים אויפגעהערט צו גריסן: „עס האָט געמוזט זיין אַ שווינדל!״ ייִנגערע — האָבן געלייקנט, — מאָלע וואָס אַלטע דערציילן...

און בענקען האָט אָנגעהויבן דער כישוף־מאַכער צו דער הייך, צו דער העכערער הייך, צום פרישן קוואַל פון זיין קראַפט; נאָר שוואַכער און שוואַכער ווערט זיין לייב, מידער די פיס... די רחמנות־פליגל, וואָס האָבן אים געטראָגן, זענען מיט יעדן טאָג קירצער געוואָרן...

— נייע פליגל דאַרף מען! זאָגט אים דאָס פאַרבענקטע האַרץ.

— נאָר די אומשולד קען זיי געבן! ווייסט ער.

און דער אַלטער כישוף־מאַכער לאָזט זיך אַראָפּ זוכן די אומשולד...

נישט לייכט איז זי צו געפינען... איר ווייסט ווי עס שטייט היינט מיט דער אומשולד... אירע פעפירן ווערן אויף קיין בערזע נישט נאָטירט...

„געוועזן, באַנקראָט געוואָרן״...

בלאָנדזשעט ער אַזוי...

איינמאָל קומט ער ערגעץ אויף אַ קליין ווילד־פאַרוואַקסן בערגל אַרויף, טרעפט ער אַ קליין דאָרפס־מיידעלע, וואָס פּאַשעט שוואַרצע ציגן.

— פאַרוואָס דורכויס שוואַרצע? — פרעגט ער זי זייער מיטליידיק. פאַרוואָס געווינסטו אַזוי יונג נאָך דיינע אויגן צום שוואַרצן?...

און שאָקלענדיק מיטן קאָפּ, ענטפערט אים דאָס מיידל:

— מענטש, טריבע אויגן האָסטו! מיינע ציגן זענען ווייס.

— אַלע?

— ביז צום לעצטן! און ווייס ווי ערשט געפאַלענער שניי! באַ־שטעטיקט דאָס קינד. —

„דאָס איז די אומשולד אַליין״ — טראַכט ער און נעמט זי מיט מיט זיך צום רוקן פון באַרג...

און זיי שטייגן...

— קינד, זאָגט ער איר, וואָס העכער, איז אַלץ לייטזעליקער דער שיין פון געטלעכן שמייכל... ווייסער ווי די ליליען, רויטער זענען די רויזן, בלאָער און קלאָרער ריזלען די וואַסער־סטענגעלעך, העכער וואַקסן די ביימער, שענער און פרייִלעכער זינגען די פייגל צווישן די צווייגן...

און זי הערט מיט א גליקלעך גלויבנס־שמייכל. נישט וויסנדיק דער־פון, האָט זי פליגל, וואָס טראָגן זי, און ער האַלט זיך מיט א פארציטער־טער האַנט אָן איר שירץ און טראָגט זי מיט...

— איך דאנק דיר — זאָגט אים דאָס הארציקע קינד — פאַר דעם, וואָס דו פירסט מיך ארויף... ארויף צום געטלעכן לייטזעליקן שמייכל, צום קלאָרן, ריינעם גליק...

און ער האָט נישט די קראַפט געהאַט, זיך מודה צו זיין, אז ער האָט נאָר דאָס וויסן פון דער הייך, און זי די פליגל צו איר — און דערי־בער איז ער מיד געוואָרן... און וואָס א טאָג עלטער און מידער. און אז ער וויל רוען און זי ווערט פון אירע פליגל וויטער געטראָגן, שלעפט ער זי איין...

פלאַמענדיקער מאָן וואַקסט אויפן רוקן פון בארג, ער רייסט דעם מאָן, צעדריקט אים אין דער פלאַכער האַנט, פירט זי איבער אירע אויגן.

— ווי דו גלעטסט מיך! זאָגט זי דאנקבאַר פאַר דער לאַסקע. און שלאָפט איין... און ערשט ווען ער רוט אויס, וועקט ער זי דערפרישט צום וויטער גיין...

ער וועט נ י ש ט דערגיין...

זי — ערשט ווען ער וועט פאַלן, ווען זי וועט זיין טויטן קערפּער פאַרלאָזן... זי וועט'ן באוויינען, פארגעסן און שטייגן...

---

## 4) די טויטע האַנט

און נישט מיטאמאָל מוז מען ארויפקומען...

מען קען שטאַרבן און ניי־געבוירן ווערן און וויטער שטייגן... איר גלייבט געוויס אין תחית־המתים? „ער", וואָס איז מיט „איר" גע־שטיגן, האָט געגלייבט! און „ער" און „זי" שטייגן — די ליבע טראָגט זיי צו פרייד, צו ליכט, צום געטלעכן שמייכל אויף די גאָלדיקסטע פליגל... אויפן בארג־רוקן דורך א צעזינגטן וואַלד שטייגן זיי, ז י נ ג ע נ ד י ק מיט די פייגל, וו א ק ס נ ד י ק מיט די ביימער, בליענדיק מיט די בלומן...

איינמאָל האָט ער זי פריילעך געלאָזט, און צוריקקומענדיק, מיט א טרער אין אויג געטראָפן...

— וואָס איז? פרעגט ער, אויסקושנדיק איר די טרער.

— איך האָב מיך מיט אַ שרעקלעכן סוד געטראָפן...

זי שפּאַרט אָן דעם גאָלדענעם קאָפּ אויף זיין שויס, הייבט צו אים די טיף־דערשראָקענע אויגן אויף, און דערציילנדיק, ציטערן איר די ליפּן.

— איך האָב אַ בלאַט אין וואַלד געטראָפן, אויף דער ערד, צווישן גראָז איז עס געלעגן, און אַ גאָלדענע זוים האָט עס געהאַט...

— ווי גאָלדן־שיין דו ביסט, בלאַט! האָב איך מיך צו אים אראָפּ־געבויגן.

און שטיל זיפצנדיק, אַז מיין אויער האָט קוים געהערט, האָט מיר געענטפערט דאָס בלאַט:

— גאָלדיק איז דער בלעטער־טויט... אזוי שטאַרבן מיר...

— וואָס איז ט ו י ט? וואָס איז ש ט א ר ב ן?

— איך ווייס נישט — ס'אַ סוד... אונדזער גאָלדיקער, שרעקלעך גאָלדיקער סוד, וואָס שלינגט אונדז איין...

און אָן אָטעם פון אַ לייכט ווינטל האָט'ס פּלוצלינג אוועקגעטראָגן... ווו אהין?

ער שווייגט.

— איך גיי ווייטער — אַ ווונדערלעכע שטונדע געווען — היפּט אַ פייגעלע פון מיינע פיס, צווישן גראָז היפּט עס.

— פייגעלע, פייגעלע, פאַרוואָס פליסטו נישט?

— כ'האָב מיר אַ פליגל פאַרווונדעט! ענטפערט עס נאָך פיל טרויעריקער פאַרן בלאַט...

— וואָס שמאַכסטו? טוט עס דיר אזוי וויי?

— ניין, נאָר דער ווינטער קומט, די מייניקע וועלן אוועקפליען, איך איינער וועל דאָ בלייבן און פאַרגיין!

— וואָס איז פאַרגיין?

— אַ סוד... עפּעס אַ ווייסער סוד... דאָס ווייסט קיין פויגל נישט... אָבער עס שלינגט אונז איין דער ווייסער סוד... און ער היפּט פון מיר אָפּ...

ענג איז מיר געוואָרן אין דער ברוסט, און דיך בין איך געגאַנגען זוכן... איך בין פון וואַלד ארויסגעקומען... אַ שטיק פעלד דערזען... עס וויגן זיך די זאַנגען. גאָלדענע זאַנגען אזוי שטיל, אזוי טרויעריק שטיל...

— וואָס טרויערט איר, גאָלדענע זאַנגען?

— פארטיק זענען מיר, פארטיק און זאָגן ווידוי, גרייטנדיק זיך צום טויט!

וואָס איז טויט?

— א סוד... א שרעקלעכער סוד — אויף א בלאַנק שנייד־מע־סער א בליצנדיקער סוד... און דעריבער שרעקן מיר זיך און טרויערן...

— ליבער! — כאַפּט זי אים אָן ביי דער האַנט — רעטע אונדזער ליבע און דאָס שענסטע און בעסטע פון וואַלד.

— ווי אַזוי, קינד?

— א פעסטונג זאָלסטו קענען ווינטער בויען... אַן אומגעהייערע פעסטונג. אַן אומגעהייער צימער פון דורכזיכטיק גלאָז... און ווייט און ברייט זאָל אונזער פעסטונג, אונדזער ליבע־שוץ, אונדזער הייליקייט זיין; מען זאָל קיינמאָל מער ווי איין וואנט נישט זען... אינדערמיט קיין איינ־ציקע... עס זאָל קיין געפּענגעניש נישט זיין... און אהין וועלן מיר דעם „סוד" נישט אריינלאָזן, ער זאָל אונדזער ליבע און געליבטע נישט איינשלינגען.

נישט איינזאַם וועלן מיר זיין... אַלץ וואָס גוט איז און שיין, וועל'מיר רעטן, צו זיך אין הייליקטום נעמען... די שענסטע ביימער, די שענסטע בלומען, די זינגנדיקע פייגל... אַלע, אַלע!

—קינד — ארום הייליקטום וועט גיין דער טויט, און זיין אָטעם וועט אַלץ פארסמען אויף טויט... עס וועט קיין ריכטיק לעבן נישט זיין, נאָר עפּעס ערגערס פאַרן טויט! — א געפאַנגענער וועט זיין דער פויגל, און גוסענדיקע לידער זינגען... שטאַרבן וועט דער בוים... אייביק קראַנק וועט זיין די בלום... און א בלאַסער, קרענקלעכער שאָטן וועט זיך ארומדרייען אונדזער ליבע צווישן טויטע; און פאַלש וועט קלינגען אונ־דזער וואָרט, פאַלש יעדער קוש... ווער עס וויל לעבן, מוז שטאַרבן!

פארגיין און אויפערשטיין!

— אַלע שטייען אויף?

— די וואָס גלייבן!

— דו גלייבסט?

— איך גלייב! און דו?

— איך גלייב אין דעם, וואָס דו גלייבסט...

— מיט שטראַלנדיקע אויגן זאָגט ער איר:

— שטאַרבן איז נאָר איין העלפט פון סוד: אויפערשטיין די צווייטע... און וויפל מאָל שטאַרבן און אויפערשטיין מען האָט אונדז ביזן שפּיץ באַרג — ביז צום ריינעם געטלעכן ליכט באַשערט, דאָס קען מען נישט וויסן... עס ציט זיך אַ גאָלדענע שנור; וויפל מאָל אַ פאַרבאָרגענע האַנט וועט זי איבערייסן און צוריק פאַרקניפּן — דאָס איז אויך אַ סוד — דער גרעסטער סוד...

אירע אויגן טרענקען פאַרטרויט אין זיינע — און זי הערט זיך איין.

— אַ קבר וועלן מיר זיך גראָבן, דאָס היילקטום, דעם איבערגאַנג פון איין זייט סוד צו דער צווייטער... דאָרט וועלן מיר רוען. באַדעקן, שיצן און וואַרעמען וועט אונדז דער שניי, דער ווייסער, קלאָרער שניי, וואָס איז ווייס און קלאָר ווי אַלע געטלעכע סודות זענען... און שלאָפן וועלן מיר, רואיק שלאָפן... רואיק שלאָפן די, וואָס גלייבן... דער גלויבן אין אונדז, — דער גלויבן אין אויפערשטיין, — דער זאָמען פון ניי־געבוירן ווערן, פון אויפלעבן אויפסניי, וועט אין אונז נישט שלאָפן... שטיל וועט ער גערייען... שטיל וואַקסן, וואַקסן און וועט אַרויסשפּראָצן אַלס אַ ניי געפליגלט לעבן...

לאַנג האָט ער גערעדט, לאַנג! — זי גלייבט, נאָר אונטערן גלויבן אין זיינע רייד נאָגט אַ וואָרעם. „זיין גלויבן איז זיין אייגענער, מיינער איז נאָר אַן אָפּגלאַנץ פון אים — וועט ער נישט אויפערשטיין אָן מיר"?

זי פאַרהוילט עס דאָך פון אים, און מיט צוטרויען הערט זי ווייטער זיינע רייד:

— און אַז ער, דער ערשטער שטראַל פון דער זון, וועט דורכדרינגען די ערד, וועט זיך וועקן אונדזער אויג, וועט זיך אויפהייבן אונדזער ברעם... און אַז דער ערשטער טריל פון אַ צוריקגעקומענעם, אויף די פליגל פון היים־ווײ געטראָגענעם פויגל וועט דורכקלינגען אין דער לופט, וועט ער וועקן אונדזער אויער... און אַז פון געטלעכן גענאָד וועט אויסשפּראָצן די ערשטע פרילינגס־בלום, וועט אויפבליען אונזער ליבע, און וועקן אונזער האַרץ, און מיר וועלן אויפערשטיין...

— איך גלייב! זאָגן אירע קוש־דורשטיקע ליפּן, און אַ געדאַנק פליט איר דורך דעם גאָלד־פאַרהאַרטן קאָפּ:

— איך וועל מיין האַנט אויף זיין האַרץ לייגן, ער וועט אָן מיין וויסן נישט אויפערשטיין!

און אזוי איז געשען...

נישט איין ווינטער איז אריבער, נישט איין פרילינג איז געקומען... עס דרינגט דורך דער ערשטער שטראַל, ער הייבט די ברעמען אויף; עס טרילערט דער ערשטער פויגל אין דער לופט, עס עפענען זיך זיינע אויערן... די ערשטע בלום שפּראָצט אַרויס, די ליבע וועקט ביי אים דאָס האַרץ, נאָר פריי אויפאָטעמען קען דאָס האַרץ נישט — אַ טויטע האַנט ליגט אויף דעם האַרץ, אויפלעבן קען עס נישט...

מיט אָפענע אויערן און אויגן ליגט ער איבערן זומער. ווינטער פאַרדעקט זיי צוריק דער שניי... שלאָפט ער טיפער איין...

---

## 5) פייגל

מאַנכע, ס'מערסטע צופעליק, דערגרייכן דאָך דעם שפּיץ פון באַרג...

איינער — נאָכיאָגנדיק אַ האָז, אַ צווייטער נאָכלויפנדיק נאָך אַ זומער־פייגעלע... אַ שיכור, זאָגט מען, איז אַמאָל אויף אַלע פיר אַרויף... נאָר די קומען נישט צוריק אַראָפּ...

די צופעליק־אַרויפגעקומענע ווערן אין זינגנדיקע פייגל פאַרביטן, בויען זיך נעסטן אין די צווייגן פון די העכסטע ביימער און — זינגען — פאַר זיך, נאָר פאַר זיך!

אין חלום הערט זיך אַמאָל זייער געזאַנג, — ווי פון די וויטסטע וועלטן קומט עס...

---

# עס זענען קיין וואונדער געשען

## אַ פּאָעמע אין פּראָזע

---


! וויסטע, טויב־שטומע נעכט, נעכט אָן חלומות, אָן שלאָף, אָן טרייסט...

פון זיין שטראַלנדיקער צירונג באַרויבט, ליגט מיד אויסגעשפּרייט דער בלאַס־גרויער הימל; אין איינגענעם, אויסגענעפּלטן שוויים האָט זיך איינגעהילט די ערד, און אין דער לופט שוועבט די אומפּרוכטבאַרע מיד־קייט פון גאָט און לייט, פון וועלט און באַשעפער!

דורך פאַרדרייטע צווייגן פון פאַרקריפּלטעביימער קוקט צו מיר אַריין די אומפּרוכטבאַרע, טויב־שטומע נאַכט; מיט די וואַסעריק־גרויע אויגן זייגט זי מיר אויס דעם לעצטן טראָפּן ווילן...

פייכט און קאַלט הויכט זי אויף מיר, און אַ פייכטע קעלט צעגייט זיך אין אַלע מיינע גלידער; איך פריר...

איך פריר ביזן מאַרך אין די ביינער, ביזן לעצטן טראָפּן בלוט אין האַרץ...

נעם, אַלטע פאַרפרוירענע נשמה, אַ פייער־טאָפּ, נעם און גיי פון הויז צו הויז, פון טיר צו טיר, און בעט אַ פונק פייער... אַ פונק פייער זיך צו דערוואַרעמען.

---

מיד בין איך, שטערבלעך מיד. נישטאָ מיט וואָס און נאָך וואָס

צו לעבן... און שטאַרבן קאָן איך נישט: מיט וואָס וועל איך קומען אהין?...

מיד בין איך, שטערבלעך מיד, און דאָך בין איך אַמאָל שטאַרק געווען — גאָטס גענאָד האָט אויף מיר געשטראַלט...

נאָר פאַרזינדיקט האָב איך מיך און די קראַפט פאַרלוירן, און פאַרשלאָסן האָט זיך פאַר מיר דער הימל און וועט מיר שוין נישט אויסשטראַלן קיין נייע קראַפט...

אַ גאָלד־געלאָקטער, פון גאָט געזאַלבטער קעניג בין איך אַראָפּגעקומען פון די הויכע בערג. — אַ בליצנדיקע קרוין אויפן קאָפּ געהאַט, אַן אויסגעשטראַלטן מאַנטל אויפן לייב געטראָגן, מיט אַ גינגאָלדענער קעניגלעכער האַרפע אין דער האַנט — — —

איך בין אַראָפּגעקומען און אַלץ אין דער נידער פאַרשווענדט...

---

די גאָלדענע לאָקן זענען אַראָפּגעפאַלן אין דלילהס פאַלשן שויס...

לילית האָט מיך מיט איר כּישוף אין איר נעץ געפאַנגען; איך האָב איר לויב געזונגען און צוגעשפּילט אויף דער גינגאָלדענער האַרפע, און עס האָט געפּלאַצט אַ סטרונע נאָך אַ סטרונע...

אין פאַרכּישופטע נעכט, אויף פאַרבליטע זומפּן, האָב איך מיט אירע טעכטער רעדלעך געטאַנצט, און אינעם טאַנץ די קרוין פון קאָפּ אַראָפּ פאַרלוירן; און איינגעשלונגען האָט זי דער זומפּ.

אויף קרומע, פאַרלוירענע וועגן בין איך געגאַנגען, און די דערנער אויף די קרומע, פאַרלוירענע וועגן האָבן מיר דעם קעניגלעך־אויסגעשטראַלטן מאַנטל פון לייב אַראָפּגעריסן; צוויטנוויין, פעדעמווייז...

אָ! נעכט אָן חלומות, אָן שלאָף, אָן טרייסט...

---

גאָט האָט מיר אַ ליכטיקע נשמה געגעבן, און איך האָב פון איר גראָשנדיקע ליכטלעך געצויגן און אין לוסט־פאַרביקע גערטן־לעמפּלעך אַריינגעשטעלט, און פאַרברענט די ליכטיקע נשמה!

דאָס גאָלדענע האַרץ, וואָס איך האָב פון זיין ליבן נאָמענס האַנט באַקומען, האָב איך צעלאָזט, אויף קליין געלט צעמינצט, קראַנקע שמייכל אויף געשמינקטע פּנימער איינגעקויפט — און פאַרשווענדט דאָס גאָלדענע האַרץ...

אן אויסגעלאָשענער פלאַקער בין איך און דער הימל האָט זיך מיר פארשלאָסן און וועט מיר שוין נישט אויסשטראַלן קיין נייע ליכט, קיין נייע קראַפט...

צום געבעט פון אומרייִנע ליפּן, וואָס האָבן ליליתעס לויב געזאַנגען און אירע טעכטער געקושט, וועט גאָט נישט צונייגן זיין אויער...

מיד, שטערבלעך מיד ליג איך.

נישטאָ מיט וואָס און צו וואָס צו לעבן...

און שטארבן קאָן איך נישט; נישטאָ מיט וואָס אהינצוקומען.

מען וועט מיך פרעגן: ווו זענען דיינע גאָלדענע לאָקן און די קרוין אויף זיי? דיין אויסגעשטראַלטער מאַנטל ווו איז? פארוואָס האָבן געפּלאַצט די סטרונעס אויף דיין קעניגלעכער האַרפע, מיט וועלכע מען האָט דיך אַראָפּגעשיקט?

אָ, די נעכט אָן שלאָף, אָן חלומות, אָן טרייסט!

---

ווי אַ בר־מינן, וואָס זוכט זיינע פארלוירענע נעגל אויף, זוך איך די שטראַלן פון מיין פארלוירענער קראַפט...

מיט צעשויבערטע האָר אויפן קאָפּ, מיט פרעמדע אויסגעבעטלטע קליידער אויפן לייב, מיט אַן אויסגעדאַרטן וואַלד שטעקן אין דער ציטערדיקער האַנט, וואַנדער איך און זוך מיין געוועזן שטראַלנדיק גליק, און געפין נישט...

מיד, שטערבלעך מיד וואַנדער איך! איבער פעלד און וואַלד, אויף לאָנקעס און ביי ברעגן פון טייכן — טאָג אויף טאָג, טאָג אויף טאָג, און זוך אומזיסט...

צום נידעריקן גראָז בויג איך מיך אַראָפּ, — זאָל איך כאָטש איינס דערקענען, וואָס האָט אויסגעשפּראָצט פון מיין האַרציק בלוט — און דערקען נישט... און דאָך האָב איך אויף די לאָנקעס אויסגעטריפט מיין האַרץ!

אויף וואַסער־שפּיגלען קוק איך און קוק מיר די אויגן אויס...

טויזנטער גלאַנצן קאָלירן, וויקלען זיך, פלעכטן און טאַנצן, שפּילנדיק אויפן בלאַנקן וואַסער־שפּיגל, — — קיין איינציקער גלאַנץ פון מיין נשמה שמייכלט מיר נישט אנטקעגן; און דאָך האָב איך אויף דעם וואַסער־שפּיגל מיין נשמה אויסגעהויכט...

נישט מיינע פארבן טראָגן די בלומען אין פעלד...

און הייב איך די אויגן צו די ביימער אויף, פליסט מיר קיין איינ־ציקער טאָן פון מיין געבענטשטער הארפע פון זייערע צווייגן נישט ארויס.

און די דערנער, וואָס איך פרעג אויף צויטן און פעדעם פון מיין קעניגליך־אויסגעשטראַלטער מאנטל, לאכן מיך אויס שטעכנדיק: צויטן און פעדעם פון אן אויסגעשטראַלטן קעניגלעכן מאנטל זוכט ער, דער בעטלער!

---

נישט פריינטלעך איז מיר דאָ די ערד!

ווו איך קום, דערקען איך: דאָ איז אויף א ווײַלע מיין היים געווען... דאָ האָב איך געבלוטיקט און געשטראַלט. נאָר די ערד האָט מיך קיינמאָל נישט גערן געהאַט און האָט מיר גאָרנישט באַהאַלטן!

קיין איינציקן טראָפּן בלוט פון האַרץ, קיין איינציקן שטראַל פון מיין נשמה, קיין קלאַנג פון דער קעניגלעכער האַרפע, קיין פאָדעם פון מיין קעניגלעך־אויסגעשטראַלטן מאַנטל... און די קרוין האָט זי מיר איינגע־שלונגען...

די שמעקנדיקע בלומען, וואָס איך האָב אויף איר פרוכטבאַרן שויס געשפּרייט, האָט זי, די שטיף־מוטער, נישט גענערט; נישט אויסגע־שפּראָצט זענען מיינע בלומען...

אייפערזיכטיק איז די נידער...

אויף איר זילבער־גלאַנציקן מאָך־געלעגער האָב איך גערוט און פרעמדע חלומות געהאַט; צו די ווייטע, אין נעפּל איינגעהילטע בערג גע־בענקט... אונטער איר הימל האָב איך געוואַנדערט, און דאָך האָבן מיך פרעמדע שטערן געפירט...

נישט היימלעך איז מיר דאָ די ערד...

אין אירע קינדער און שטיף־קינדער זענען מיר פרעמד...

ווען איך באַגעגן אויף מיין וואַנדער־וועג, קוק איך מיט בענק־שאַפט און פאַרציטערטער האָפענונג אין די אויגן אריין — קאַלט און פרעמד זענען זיי מיר...

קיין איינציקער שטראַל פון א ברידערלעך־האַרציקער נשמה, וואָס זאָל אין מיר צוריק אָנצינדן דאָס פאַרלאָשענע ליכט...

קאַלטע, פרעמדע אויגן!

נישט מיין פרייד, נישט מיין לייד, גאָרנישט פון דעם, פאַרוואָס איך האָב געליטן; גאָרנישט פון דעם, צו וואָס איך האָב געהאָפט...

מיד, שטערבלעך מיד וואנדער איך, און זוך מיין פארלוירן גוטס, און געפין נישט...

און קיינער שטעלט זיך נישט אָפּ, דעם אָרעמען וואנדערער צו גריסן; קיינער שטרעקט מיר פריינטלעך נישט אויס די האנט!

קיינער פרעגט נישט: ווו פירט, וואנדערער, דיין וועג?

פרעמד ביסטו דאָ, טרויער און בענקשאפט פארנעפּלען דיינע אויגן. צי לעבסטו און ליידסט גלות, אָפּצוקומען פאר זינד, אָדער טויט ביסטו און וואנדערסט און זוכסט תקון פאר דער זינדיקער נשמה?...

קיינער וועט מיר נישט ווינטשן:

לעבעדיק צי טויט, זאָל דיך גאָט טרייסטן, וואנדערער! מיט פרישע מאנדלען זאָל אויפבליען דיין וואנדער־שטאָק!

און צוריק צו דער היים, אויף די הויכע בערג, אָן קרוין און מאנטל, אין בעטלער קליידער מיט דער פארשטומטער הארפע — קאָן איך נישט...

---

אויף דער שמאָלער גרענעץ צווישן וואלד און פעלד ליגט זי און דרעמלט...

ווער איז זי?

פארוואָס האָבן זיך אָפּגעשטעלט מיינע פיס? פארוואָס איז שטיל געבליבן מיין הארץ?

אויף דער שמאָלער גרענעץ צווישן וואלד און פעלד ליגט זי און דרימלט...

אויף איר וויים־שטראלנדיקן מאנטל ציטערט מיט באנגער ליבשאפט א נעץ פון ליכט און שאָטן, אויסגעשפינט פון פארסוידעטן וואלד און גע־בענטשטן פעלד...

ווער איז זי?

שווארץ איז זי און בלאס, און וווּנדער־שיין — וועמעס ווייַן־גאָרטן היט זי, די שולמית?

קעניגלעך־שטאָלץ און שטרענג איז געוועלבט די פעך־שווארצע ברעם, און לוסטיקע ליכט־פלעקן גליטשען זיך שפּילנדיק איבער איר עבען־קרוין...

א ווילדער מאַן פון פעלד ווארפט א הייסן גלאַנץ איבער איר בלאַסן, הויכן שטערן; ארום די האלב־אָפענע ליפּן שוועבט א רעטעניש — א שמייכל — טרויעריק און זיס!

מיט צוטרויען און ליבע דריקט זיך דער שלאַנקער לייב צום ווייכן, גרויען ערד־געלעגער, דאַך אומרואיק, דאכט זיך, הויבט זיך און פאלט איר ברוסט...

וואָס חלומט זיך איר?

---

אויף דער אלטער הארפע ציטערט א ניי־אויפגעשפּינטע סטרונע...

ציטעריק בליט מיר א נייע האָפענונג אין הארץ — און עס וועקט זיך דער לאנג געשטאָרבענער ווילן אין מיר: „זאָל זי די אויגן עפענען!" און מיין ווילן איז געשען!

עס הויבן זיך די שווערע ברעמען אויף, און עס עפענען זיך גרויסע גרויסע אויגן, מיט א שטאָלץ־פאַרווונדערטן, האלב־צאַרנדיקן בליק...

וואָס איך קוק אויף דיר?

ווער עס האָט מיר דערלויבט?

אָ, שטאָלצע! דאָס האָט מיך נאָך קיין שטערן נישט געפרעגט. און די זון, ווען איך פלעג איר גלייך אין די אויגן אריינקוקן — אויך נישט!

צי איך ווייס, ווער דו ביסט?

איך ווייס!

דו ביסט די יאָרן־יאָרן־לאנג געהאָפטע... אין די שטילסטע, טרויעריקסטע נעכט קוים אויסגעחלומטע...

דאָס אין טרערן צעגאָסענע, אין בלוט צעגאַנגענע, פאַריתומטע הארץ האָט דיך אויסגעבענקט...

און אויף מיין וואנדער־וועג, אין דער פינצטערער נאכט, ווען דער לעצטער וועג־ווייזער אין הימל האָט זיך פארלאָשן, ווען דער לעצטער צייכן פון גאָטס געדענקען איז פארשוווּנדן האָט דיך אין אנגסטן און טויט־שרעק מיין נשמה קוים אויסגעבעטן, קוים אויסגעבעטלט ביי גאָט!

---

טרייב מיך נישט אוועק.

לאָז דעם מידן וואנדערער דיר צופוסנס זיצן און ווי צו'ן א הייליקער רייניקייט צוליינן הארציק און פרום די לעכצנדיק־צעפּלאצטע ליפּן צום זוים פון דיין קלייד.

איך וועל עס נישט באַפֿלעקן...

זינדיק בין איך... נאָר פאר זינד־געפּארבטע פארלאנגען איז דיין קעניגלעך־שטאָלץ און שטרענג געוועלבטע ברעם קיין רעגנבויגן נישט...

אויף דיין בלאס פּנים דער שמייכל איז דער אָפּגלאַנץ פון ריינסטן בלויען הימל אויף דעם אייביק־בליצנדן שניי אויפן חרמון־בארג אין הייליקסטן לאַנד...

כרובים מיט בלאנקע שווערדן אין די הענט היטן דאָס טויער פון גן־עדן פארן זינדיק־פארטריבענעם מענטש; דער גלאַנץ פון זייער שווערד בליצט אין דיינע אויגן...

לאָז דעם מידן וואנדערער דיר צופוסנס זיצן און זינגען שטיל דיין לויב...

---

קוק נישט, וואָס איך בין אזוי שוואך און מיד; אויף מיינע צעריסענע קליידער קוק נישט; זאָל דיך מיין אָרעמער וואנדערשטאָק נישט שרעקן...

גאָט האָט מיר זיין טרייסט געשיקט... עס קוועלט אין מיר פרישע קראפט; רויזן בליען־אויף אין הארץ; די סטרונעס פון דער אלטער הארפע ציטערן, וועקן זיך צום נייעם הללויה... עס ציטערט אויך מיין וואנדערשטעקן אין מיין האנט — ער וועט אָנהויבן בליען מיט פרישע מאנדלען בליען...

איך בין שטארק, איך בין רייך!

פון די טייכן אין גן־עדן וועל איך אָפּשוימען די פּערל צו דיין האלדז... פון אומבאטרעטענע טיפסטע וועלדער וועל איך דיר ברענגען זאנג און קלאנג... פעלדער און וויזן וועל איך בארויבן און די שענסטע בלומען שטרייען פאר דיינע פיס — — דעם כסא־הכבוד וועל איך פון די טייערסטע שטיינער בארויבן און דיין פוסן־בענקעלע צירן — —

איך וועל דיר וועלטן באשאפן — — —

ווער איך בין?

---

ווער איך בין, פרעגסטו? — —

ווילסט מיין נאָמען וויסן?

טויזנטער טראָגן אים; דארפסטו איינעם פון טויזנטער?

וואָס איך בין?

דאָס ווענדט זיך: מיט אָדער אָן דיר?

אָן דיר בין איך א צאַנקנדיק לעמפּל ביי א גוסס צוקאָפּנס, און פאַרייכער מיין לעצטן טראָפּן צו באַשיינען די העוויות פון דער גסיסה;

מיט דיר בין איך א פלאַקער אין ליכטיקן גאָטס האַנט, א פייער־דיקער זייל, וואָס פירט איבער סטעפּן צום הייליקן לאַנד...

אָן דיר בין איך א חורבה פון א פאַרלאָשענעם מזבח, פון גאָט און לייט פאַרגעסן... די ווינטן האָבן שוין לאַנג זיין אש צעשפּרייט... פאַרהונגערטע קראָען שטעלן זיך אָפּ אַמאָל און זוכן שיריים פון אַלטע קרבנות, און געפינען נישט און פליען אַוועק, און שילטן;...

מיט דיר בין איך א כהן־גדול אין קדשי־קדשים — מיט א גאָל־דענער ווייראויך־פּאַן אין דער האַנט, א בליצנדער קרוין איבערן שטערן, די טייערסטע שטיינער אויף דער ברוסט. וועלט־האַרמאָניש קלינגען די גאָל־דענע גלעקעלעך ביים זוים פון מיין קלייד און, אין גאָטס וואָלקן פאַר־הילט, בעט איך פאַר דער פאַראומגליקטער וועלט...

אָן דיר בין איך א געפאַלענער, אן אָפּטריניקער...

פאַרביי איז געגאַנגען א העלדן־אַרמיי וועלטן חרוב צו מאַכן. נייע צו בויען; איך בין געווען איינער פון זיי, איינער פון די גרעסטע — און בין אויפן וועג געבליבן... און איבערגעלאָזט האָבן זיי דעם שוואַכן... טייל — מיט בארמהערציקער טרער אין אויג, אַנדערע האָבן פאַר מיר נאָר שפּייעכץ געהאַט אין מויל, נאָך אַנדערע האָבן מיך מיט די פיס אָפּגעשטופּט און זיך דעם וועג באַפרייט; — —

און ווייל איך — האָב איך גאָטס שופר אין האַנט; בלאָז איך, קומען נייע, נאָך נישט־באַשאַפענע גבורים פאַר נאָך נישט־אויסגעטראַכטע וועלטן, שטאַרקע, פלאַמענדיקע, שטראַלנדיק באַוואָפנטע, און זיי קניען פאַר מיר און בויגן פאָן און געוועהר פאַר מיר איך זאָל זיי בענטשן...

זע! עס וועקט זיך די אַלטע האַרפע, דער וואַנדער־שטאָק ציטערט אין מיין האַנט, אויפבליען וויל ער... א נייע לעבן וועקט זיך אין מיר; דריי נישט אַוועק דיין געבענטשטן קאָפּ פון מיר, איבער־ענטפער מיך נישט צוריק דעם טויט און זיינע שרעקן...

---

— וואנדערער, איך פארשטיי דיך נישט! פרעמד קלינגט מיר אין אויער דיין שטימע; איך פארשטיי דיין שפּראַך נישט!

פון די הויכע, ווייטע, אין נעפּל איינגעהילטע בערג, קומסטו, וואנ־דערער; פון די בערג, וווּ עס לאַרעמט דער אייביקער קריג צווישן שטורמען און אָדלערן, קומסטו; ביסט אפשר איינער פון זיי, פון די ברייט און שטאַרק געפליגלטע; איך בין די שטילע שוואַלב פון טאָל — און פאַר־שטיי דיך נישט...

דיינע ווערטער הער איך, און פארשטיי זיי נישט...

עס צאַפּלט אין זיי א הייס־פארבלוטיקט האַרץ — א פארבענקטע נשמה צעגיסט זיך אין זיי — ווי רויטע בלוטיקע פלאַמען שוועבן זיי פאַר מיר אין דער לופט, זיי שרעקן מיך. נאָר איך פארשטיי נישט דיינע לייד...

מיר זענען זיך אזוי פרעמד, אזוי פרעמד...

דו ביסט דער אָדלער פון די הויכע בערג; איך — די שטילע שוואַלב פון נידעריקן טאָל — וואָס האָסטו צו מיר?

און זי הויבט זיך אויף און גייט...

---

אוועקגעגאַנגען איז דאָס ריינע, שטראַלנדיקע קינד פון טאָל — —

מיר צופוסנס האָט זי געלאָזט דאָס בליצנדיקע דיאַדעם, מיט וועלכן איך האָב איר געבענטשטן קאָפּ געקרוינט, און דעם אויסגעשטערנטן מאַנטל, מיט וועלכן איך האָב איר שלאַנקן לייב באַדעקט...

אוועקגעפלויגן איז די ליכטיקע שוואַלב פון טאָל...

---

זיי באַגריסט!

זיי באַגריסט, דו צוריקגעקומענע שטאָלצע הייליקע אין זילבערנעם, שטיל־פארכישופטן אָוונט־גלאַנץ...

זיי געבענטשט!...

און געבענטשט זאָל זיין דיין אומפאַרהאָפּט דערשיינען אין דער זילבער־פליסנדיקער געטלעכער גנאָד!

אין דער שטיל־פארחלומטער, פארכישופטער אקאַציען־אַלייע...

שטיל ציטערן די שנייעלעך־בליטן אויף די געבענטשטע אקאַציען־קעפּ; און אויפסנייַ הויבט אָן צו בליען מיין האַרץ, וואָס האָט שוין גע־זאָלט פארגיין...

און נאָך אמאָל איז אויפגעגאַנגען א ליכט אין מיר; אין מיין פאַר־

יתומט פאַרשאָטנטער נשמה... און אנטפּלעקט איז מיר געוואָרן דער סוד פון הייליק שטילן אָוונט...

מיט מיר צוזאמען האָט מיט באַנגער ליבשאַפט די בלויע טיפע הויך אויף דיר געוואַרט...

מיט מיר צוזאמען האָט די פרום־זילבער־פליסנדיקע לבנה און די קינדיש־ריינע, גאָלד־שפּינענדיקע שטערנדלעך צו דיר געבענקט...

און דיר וועבן זיי עס פון די צאַרטסטע גאָלד־און זילבער־פעדעם דעם חלום פון גאָט־געבענטשטן אָוונט...

זע, אין זילבער־פלום פאַרזונקען, אָטעמט צו דיר איר שמעקנדיקע נשמה אויס דער פאַרכישופטער אַקאַציע...

דער זיסער אָטעם פון ליכט־באַגאָסענעם טאָל הייבט זיך צו דיר אויף די שטילע אָוונט־פליגל אויף, און קושט פאַרליבט פון דיין מאַנטל דעם זוים...

און הייבט זיך העכער, און רייסט די שנייעלעך־בליטן פון די פאַר־חלומטע אקאַציען־קעפּ און שטרייט פאַר דיינע טריט...

און ווייסטו, וואָס דער זיסער פוינל זינגט?

ער זינגט פון זיסן בליטן־טויט אונטער דיינע פיס...

פאַרציטערט טשעפּעט זיך דאָס פון דער בלויער הויך אויסגעפלאַ־סענע ליכט צו דיין געבענטשטן קאָפּ... באַנגליקט ציטערן די גלאַנצן אויף דיין עבען־קרוין, נאָר די, וואָס טרעפן זיך מיט דיין אויג, פראַלן צוריק פאַרשעמט און דערשראָקן פארן שעפּפער־ליכט, פארן ליכט פון די וונ־דערלעכע ערשטע זיבן טעג, וואָס שטראַלט ארויס פון זיי...

דו ביסט געקומען, און זע, — מיט פרישע מאַנדלען האָט אויפגע־בליט מיין וואַנדער־שטאָק און וואונדער־בלומען שפּראָצן מיר אין האַרץ...

פון ניי־געבוירענע וואונדער־שטראַלן האָבן זיי אויסגעשפּינט סטרו־נעס אויף דער גינגאָלדענער האַרפע, פון זיי וועט זיך אָפּרייסן דאָס הייליקע ליד פון אויף־ערשטן!

דו ביסט שוין נישט די שוואַלב פון טאָל...

אין דער שטילער נאַכט זענען וואונדער געשען...

צוריק בליצט דאָס דיאַדעם אויף דיין געבענטשטן קאָפּ, און דער אויסגעשטערנטער מאַנטל שטראַלט אויף דיין שלאַנקן לייב — —

קום, ליבע, ריינע, שטאָלצע, הייליק־שטראַלנדיקע! אין דער וואונדער־

נאַכט וועלן מיר וואַנדערן אוןביים שעפּפער־ליכט פון דיינע גרויסע, גרויי־סע אויגן אויפזוכן סצעפּטער און קרוין —

אין דער שטיל געבענטשטער, מיט גאָטס גענאָד באַפּלאָסענער נאַכט מוזן וווּנדער געשען...

— מאַן פון די הויכע בערג, עס וועלן קיין וווּנדער געשען...

בענקשאַפט האָסטו פאַרזייעט אין שטילן שוואַלבן־האַרץ; דאָס באַנגע האַרץ האָט מיך צו דיר געטריבן; איצט שרעק איך מיך פאַר דיר, לאָז מיך גיין!

— אָך, שרעק דיך נישט, קינד!

וויל נאָר, און דיין ווילן וועט געשען! נעהויכט ווערסטו ווערן! פון דער נידער, מיט אירע טרויעריקע שאָטנס, צו די הויכע, זיך אין ליכט באָדנדיקע בערג...

— מיך שרעקט די הויך; מיר האָבן, גייענדיק, א שטיק נאַכט פאַר־ברענגט, און מיד זענען מיינע פיס...

— זאָרג נישט, קינד, פאַר די מידע פיס... און שרעק דיך נישט פאַר דער הויך!

און דער שטילער, פון גאָט געבענטשטער נאַכט זענען שוין מאַנכע וווּנדער געשען... זע, ביי דיינע רייד, אין שטראַל פון דיינע גרויסע, גרויי־סע אויגן, זענען מיר ווייטע, ברייטע און שטאַרקע פליגל אויסגעשפּראָצט; אויף זיי וועל איך דיך טראָגן צו די ווייטע, הויכע און ווייסע בערג...

— א בענקשאַפט, ליבער, האָסטו אין מיין שטילן האַרץ פאַרזייט, און זי האָט געוואַקסן... און האָט מיך געטריבן צו דיר, און מאַנכע שטילע נעכט האָב איך ווונדערלעכע חלומות געהאַט... עס האָט זיך מיר דיין היים געחלומט, די ווייטע, הויכע בערג, און איך האָב געבענקט צום אָפּ־גלאַנץ אויף זייער אייביקן שניי און צום עדל־ווייס, וואָס בויגט זיך איבערן שווינדלדיקן אָפּגרונט...

און איצט שרעק איך מיך!

— שרעק דיך נישט, קינד! דו ביסט מיט מיר! אין מיר וואַקסט די ניי־געבוירענע, פון ליכט פון דיינע אויגן אויסגעשפּינטע קראַפט...

קום מיט מיר צו די ווייסע בערג!

נאָר נישט קיין עדל־ווייס וועלן מיר זוכן; און נישט קיין שניי בליצט אויף זייערע שטילע רוקנס...

דאָס בליצן ווייסע תכריכים...

עס האָבן דאָרט מענטשן געלעבט, א שלעכט לעבן געפירט און דאָס גלויבן אין לעבן פארלוירן, זיי האָבן געגלייבט גאָר אין טויט, אין ווייסן טויט, וואָס רייניקט אלע זינד...

און זיי האָבן זיך לעבעדיקערהייט תכריכים גענייט, לעבעדיקערהייט זיך אין תכריכים באַקליידט, אויף די שטילע בערג־רוקנס זיך געלייגט און די אויגן פארשלאָסן צום שטארבן...

און גאָט האָט אויף זיי פאר רחמנות א שטילן שלאָף געשיקט... און זיי שלאָפן... ביז דער שופר אין משיחס האנט וועט זיי וועקן, — האָט גאָט געזאָגט — זאָלן זיי שלאָפן!

קום, קינד, מיר וועלן די טויטע וועקן...

זע, גאָטס שופר האָב איך אין דער האנט; בלאָז איך, דערוואכן די טויטע!

קום! ריינער שטערן־געזאַנג איז דיין שטימע; מיט וואונדער־שטראַלן איז אויפגעצויגן די גאָלדענע הארפע — —

קום! מיר וועלן זיי זינגען און שפילן דאָס הייליקע ליד; דאָס ליד פון אויפערשטיין!

אין דער שטילער, מיט גאָטס גענאָד באפלאָסענער נאכט מוזן וואונדער געשען!

---

— ליבער, ליבער מאַן, עס וועלן קיין וואונדער געשען!

נישט דאָס, וואָס דו מיינסט, בין איך — מיך שרעקט די שווינדלדיקע הויך; מיך שרעקן דיינע וואונדער...

די בענקשאפט, וואָס דו האָסט פארזייט אין מיין הארץ, האָט אויסגעשפּראָצט און זי האָט מיך געטריבן צו דיר; פון דער זיסער, שטילער היים געיאָגט צום מאַן פון די הויכע בערג; דאָך ג יי ן מיט דיר קען איך נישט!

שוואך איז מיין ברוסט, ליבער מיט וואָס וועל איך אָטעמען אויף די הויכע בערג?

פון בוימער גאָל זענען זיי, די הויכע בערג, וואָס וועט רוען, אויף וואָס וועט נעסטן די שוואכע שוואלב — די שוואך ־ געפליגלטע שוואלב פון טאָל?

און רעד מיר פון אויפערשטיין נישט — ווייסע תכריכים־פלעקן בלענדן מיר די אויגן; זיי שווימען פאר מיר ארום אין דער לופט און שרעקן מיך!

שוואך איז דאָס קינד פון טאָל; אויף בערגער גיין קען זי נישט, די שוואכע...

און טראָג מיך נישט ארויף, נעם מיך נישט אויף דיינע פליגל; עס שווינדלט אין דער הויך; איך וועל מיך אראָפּגליטשען פון זיי; איך וועל פאלן, ערגעץ אין אן אָפּגרונט אריינפאלן; און דו, אין שלאכט מיט ווינט און שטורעם, וועסט עס נישט מערקן; וועסט נאָר נישט ווִיסן, ווען און ווו דו האָסט מיך פארלוירן!

---

הער, מאַן פון די הויכע בערג, די רייד פון קינד פון טאָל!

ליב ביסטו מיר, מאַן פון די הויכע בערג, נאָר גיין מיט דיר קען איך נישט...

מיט טויזנטער פעדעם בין איך צוגעבונדן צום טאָל, צו מיין שטי־לער היים; רייס זיי נישט איבער; עס וועט מיר ווייטאָן דאָס הארץ!

די קליינע שטערנדלעך, די זילבער־שטראַלנדיקע, פינקלדיקע שטע־רנדלעך, וואָס שווימען איבער מיין היים, מיין שטילער היים, זיי האָבן מיין נשמה אויסגעשפינט; רוף מיך נישט אוועק פון זיי, אויסגעלאָשן וועט זי ווערן אונטער פרעמדע הימלען, אויסגיין וועט זי ווי א ליכט...

און מיין שטימע, וואָס וועקט די בלומען אין דיין הארץ, איז נאָר דער אָפּקלאַנג פון די קליינע, שטיל־רוישנדיקע וואסערלעך אין טאָל... און דער גאָלדענער שטראַל, וואָס בליצט אמאָל פון מיין אויג ארויס איז דער אָפּגלאַנץ פון גאָלדיקן זאמד פון דער נידער...

נישט דיין פרייד איז מיינע; נישט דיין לייד איז מיין.

אין פונקען פון גלי־ווערים צעשפרייט זיך מיין פרייד; און מיין שטילע טרויער קומט פון די שיטערע, פארהונגערטע זאנגען, וואָס קלאָגן זיך אין שטילן געראויש אויפן אָרעמען, זאמדיקן פעלד!

---

מיט טויזנטער שטראַלנדיקע פעדעם בין איך צוגעבונדן צום טאָל; איך האָב די נידער ל י ב . . .

איך האָב ליב דאָס גאָלדיק־פאַנקלדיקע זאַמד און די קליינע, פאַר־קריפּלטעביימעלעך, וואָס היטן דאָס גאָלד!

איך האָב ליב די נידער אין גרינעם מאַנטל אין געלע שוואָם־פלעקן געהילט; און די שטילע ברידערלעך, די שטיל־שמעקנדיקע, הימל־בלויע ברידערלעך, וואָס שמייכלען מיר אַרויס פון שטיל־רוישנדיקן גראָז...

און בענק איך אַמאָל, ליג איך מיך אויף דער גרענעץ צווישן פעלד און וואַלד, אויף דער ווייכער שויס פון טאָל, באַהאַלט דאָס פּנים אין לילאַ דייך אויפגעבליטן היידע־קרויט, זאַפּ איין דעם שטילן, פייכטן אָטעם פון דער אויפגעבליטער ערד, און זיס־רואיק ווערט מיין שוואַלבן האַרץ; און קומט אַמאָל אַ פרעמדער חלום — אַ רעטעניש, אַ בענקעניש — לאָך איך מיך נישט אויס — גיי איך אין וואַלד צו דער היימישער כישוף־מאַ־בערן, און זי גיט מיר באַשייד: קוקו, קוקו, קוקו...

---

ליב ביסטו מיר, פרעמדער מאַן פון די בערג, אַ בענקשאַפט טרייבט מיך צו דיר, נאָר ביי דיר בלייבן, מיט דיר גיין — קען איך נישט!

אונדזערע וועגן לויפן נישט צוזאַמען... דו ביסט דער אָדלער פון די בערג, איך נאָר די שוואַלב פון טאָל...

מיט טויזנטער פעדעם בין איך צוגעבונדן צו מיין שטילער היים; נישט איבערצורייסן...

לאָז מיך רוען דאָ... איך בין מיד פון לאַנגן גאַנג, פון קרוין און סצעפּטער זוכן — זעץ דיך נעבן מיר...

האָסט אַ גאָלדענע האַרפע, זינג אַ צויבער־ליד דער שוואַכער שוואַלב פון טאָל דעם שוואַכן גלות־קינד...

נאָר זינג מיר נישט פון הויכע בערג, זינג מיר נישט פון אויפער־שטיין — נאָר פון מיין זיסער, שטילער היים...

---

זינג מיר אַ ליד, אַ גאָלדן ליד, פון גאָלד־שטראַלנדיקן זאַמד, פון קליינע, שטיל־רוישנדיקע בוימעלעך געהיט...

זינג מיר פון די שטיל־שמעקנדיקע ברידערלעך, וואָס קוקן אַרויס אַזוי ליב צו מיר, מיט די הימל־בלויע אויגעלעך, פון זייער באַהאַלטעניש אַרויס אין שטילן גרינעם גראָז...

זינג מיר פון דער גרויער, ליבער שוואַלב אין טאָל, וואָס שוועבט

אויף שוואכע נאָר ליבלעך־רוישנדיקע פליגעלעך, און נעסט אין אלע חורבות־לעכער, ווו זי באַהאַלט זיך פאַר שטורעם און ווינט!

זינג מיר פון מזלדיקן שאָרך, וואָס שפּרייזט אויף דער נאַסער לאָנקע, הינטערן שטילן דאָרף, אויף די לאַנגע פּיס און ווינט אויפן נידעריקן דאַך פון קליינעם פּויערים־הויז...

פון פאַרלאָזטע, ווילד־פאַרוואַקסענע פאַרקן זינג; פון חורבות, פון אַלטע פּאַלאַצן, ווו פאַרכישופטע זייגערס וועקן זיך און קלינגען האַלבער נאַכט...

אָדער פון פאַרכישופטע בת־מלכהס זינג, וואָס ווערן אויסגעלייזט און אויפגעוועקט מיט אַ ליב־האַרציקן קוש.

---

און שלאָף איך, ליבער, איין, זיי מיר גוט...

נעם מיר דיין געשאַנק — דעם שטראַלנדיקן דיאַדעם פון קאָפּ נישט אראָפּ; אייביק טרויערן וועל איך נאָכן דיאַדעם...

און צי מיר דעם אויסגעשטראַלטן מאַנטל נישט אראָפּ; פאַרציי דעם שוואַכן גלות קינד — דער שוואַלב פון טאָל...

---

געשלאָסן זענען די געבענטשטע אויגן — פאַרשוווּנדן איז דער כישוף פון דער שטילער נאַכט... צוריק פאַרלאָשן איז מיין נשמה; פאַר־ציטערט הילט זי זיך צוריק אין אירע שאָטן איין, און די ניי־אויפגע־שפּראָצטע בלומען אין האַרץ וועלקן אָפּ און שטאַרבן...

צערונען איז דער זילבער־פּליסנדיקער כישוף פון דער גאָט־געבענטשטער נאַכט; די קראַפט, זי אויף הויכע בערג צו טראָגן, האָט מיר גאָט פאַרזאָגט!

ער האָט זיך אויף מיר נישט דערבאַרעמט; נישט פאַרגעבן מיינע זינד...

שטום, אָן סטרונעס, ליגט די האַרפע; דאַר און אָפּגעשיילט דער וואַנדער־שטאָק...

שלאָף זיס, ליכט־שטראַלנדיק קינד פון טאָל; זיסע, שטילע חלומות אויף דיין קעפּעלע, און פאַרציי!

פאַרציי דעם וואַנדערער, וואָס האָט דיך אויפן וועג געטראָפן און בענקשאַפט אין דיין שטילן האַרץ פאַרזייט...

---

עס בלייכט זיך די נאַכט, עס לעשט זיך א שטערן נאָך א שטערן —
שטיל ציטערט די נאַכט — —
גאָט האָט איר אומפּרוכטבארע שוים געבענטשט; זי האָט א גאָלדע־
נעם שטראַל געבוירן; עס רויטלט זיך דער מזרח־זוים...
אויף די פרישע פּרימאָרגן פליגל שווימט א הימליש־זיסער האַרפן־
קלאַנג; א בשורה פאַר דער וועלט: געבוירן ווערט דער טאָג...
אויפלאַמען, אויפלאַקערן וועט דער נייער טאָג, און וועט אויסלייזן
די וועלט, די פאַרמאַטערטע וועלט — נאָר — נישט מיך!
אויף מיר וועט זיך גאָט נישט דערבאַרעמען, נישט פאַרגעבן מיינע
זינד, און נישט אויסלייזן פון טויט און פון זיינע שרעקן!
נעם, וואַנדערער, דעם וואַנדער־שטאָק און גיי...
מיט א נייער ווונד אין האַרץ, מיט א נייעם וויי...
עס זענען קיין ווונדער געשען...

# דער זיווג

## אָדער

# שרה בת טובים.

.1



ון די מעשה, וואָס איך וועל איצט דערציילן, איז אַן אויסטער־ ליש־ווונדערלעכע מעשה, און — אַן אמת גמור. זי איז אין קיין שום ספר נישט געדרוקט, אין קיין קהלישן פּנקס נישט פאַרשריבן; איך האָב זי בקבלה איש מפּי איש און שטאַמט פון אַ גרוים אָרט...

און געשען איז די מעשה פאַרצייטנס, ווען עס זענען נאָך אַזוי פיל שטעט און דערפער נישט געווען; אַ וועלט מיט „וואַלד־אויס, וואַלד־איין", און געטראָפן האָט זיך עס אין מערן דער מדינה, אַ יידישע קהילה איז זעלטן, משפחות־ווייז אין דערפער פאַרזייט, אין וועלדער צעשפּרייט, אָן תורה, אָן תפילה בצבור, אויסער ימים נוראים, ווען מען ציט מיט קינד און קייט אין די ווייטע שטעט אריין.

זיצט זיך דעמאָלט אַ ייד אַ שווייגער ביי'ן אַ גראָף אין אַ דאָרף; פּרנסה רינט איבערן מויל... 500 קי מעלקט ער דעם גראָפס; זיינע אייגענע אויך אַביסל. האָט ער אַ פולן קעלער מיט פּוטער און קעז, אַ בוידעם מיט תבואות, פלאַקס און פעלעכלעך, און דער טייסטער אין בוזעם וואַקסט אין דער דיק, און דאָס קניפּל ביי דער שווייגערן באַזונדער, און אַ זון וואַקסט אַ געזונטער, אַ ווילער, ווי אַ יונגער בוים אין וואַלד.

און פונדעסטוועגן, איינמאָל אין אַ ווינטער נאַכט, זיצט דער שוויי־ גער ביי'ן אַ וועקסן־ליכט ביים טיש איבער די חשבונות, מיט דער שפּיץ ווייסלעכער באָרד צווישן די ציין, דער שטערן געריונצלט, ווי פון שווערע זאָרג, און קוקט מיט פאַרנעפּלטע אויגן אין פענצטער אריין...

— דו זינדיקסט, מיין מאַן! — וועקט אים פון די געדאַנקען דער

שווייגערנס קול. פון דער צווייטער שטוב איז זי אריינגעקומען, צום שלאָפנדיקן זון געקוקט, און איר פּנים שטראַלט.

„הערסט, איבערגעבויגן האָב איך זיך איבער אים... די בעקלעך רויטלען זיך, ווי א פרישער פרימאָרגן און דער אָטעם איז רואיק און שטיל, און שמעקט נאָך פרישע עפּל..."

— דאָס איז טאַקע מיין זאָרג, — ענטפערט דער שווייגער. — מען וווינט אין א דאָרף, ווייט פון א יידישער קהילה, און יאָרן ציען, יאָרן פליען, ווו נעמט מען א שידוך פאַר אונדזער זון, ווי אזוי וועט מען אים פארקנסען?

— גאָט וועט העלפן — טרייסט די שווייגערן, — ער האָט ביז אהער אונדז נישט פארלאָזט...

— אָט דאָס איז עס טאַקע, — מאַכט דער שווייגער, — גאָטס הילף דאַרף מען, און אין וועלכן זכות? קיין יודע ספר בין איך נישט, לערנען לערן איך נישט, צווישן יידן וווינט מען נישט, נאָר איין מצווה קאָנען מיר מקיים זיין, — הכנסת־אורחים הייסט די מצווה — און זע! — ער ווייזט איר מיטן בליק צום פענצטער־צו — איז אָנגעפאַלן א שניי פון הימל, א גרויסער שניי, האָט ער די שטעגן פאַריאָגט, די וועגן פארשיט, און טעג און אפשר וואָכן, וועט קיין אורח איבער דער שוועל נישט קומען...

הייבט ער זיך אויף, און גייט אַרויס, זען, וואָס אין דרויסן טוט זיך. זי נעמט זיך די בעטן צורעכטצומאַכן, זוימט ער זיך אָבער צו לאַנג, ווערט איר אומעטיק, לאָזט זי אָפּ דאָס בעטגעוואַנט, גייט צום פענצטער צו און פּויקט מיט די דיקלעכע פינגער אין דער שויב צום מאַן אַרויס.

איז אָבער די שטוב געפרוירן, קלינגט זי העל נישט אָפּ; כאַפּט זי די שאַל אויף זיך, און גייט נאָך דעם מאַן פאַר דער טיר, זעט זי, אז דער מאַן, וואָס הערט נישט אירע טריט און קערט זיך נישט אום, שטייט פאַר־קוקט אויפן וועג פון וואַלד ארויס. קוקט זי אים, פארוווּנדערט, נאָך. זעען זיי ביידע צוזאַמען, ווי איבערן פארשיטן וועג פון וואַלד גייט א געשטאַלט א ווייבערישע, אין א הויב א הויכע, אין א טערקישער שאַל. און די שאַל איז איבער די אַקסל נאָר פאַר שיינקייט וועגן פאַרוואָרפן, גלייך א לינדע זומער־נאַכט; נישט איינגעוויקלט איז זי אין דער שאַל, פריי פליען רעכטס און לינקס די עקן פון איר, גלייך זיי וואָלטן אירע פליגל געווען... און נישט זי גייט אין שניי, זי שווימט איבערן שניי, קיין פּוס פאַלט נישט אריין, לאָזט קיין צייכן איבער.

קוקן זיי אזוי ביידע פארגאפט, ביז די געשטאלט קומט צו צו זיי און פרעגט, צי קען זי נישט רוען אַ שעה ביי זיי אין שטוב...

קומט דאָס פּאָרפּאָלק אַביסל צו זיך, קוקן זיך איבער, פירן מיט גרויס פרייד דעם ווייבערישן וואונדערלעכן גאסט אין שטוב אריין, גאָט האָט זיי אַ גאסט באַשערט; און ווילן וועקן דעם משרת, הייסן מאכן וואַרעמס אַ גלעזל; און די שוויגערן לויפט צו צו דער שאַנק און עפנט זי ברייט און וויל ארויסנעמען פון שענסטן און בעסטן עסן און טרינקען, און איינגעמאַכטס, און זיסן בראָנפן אַביסל, דער אויסטערלישער גאסט זאָגט אָבער: ניין! זי וועט גאָרנישט פארזוכן, גאָרנישט טועם זיין, אז זי דאַרף נישט, נאָר אָפּרוען וויל זי זיך אביסל, זי גייט אין אַ נויטיק שליחות... גיט זיך די שוויגערן אונטער, צינדט אָן נאָך אַ וועקסן ליכט, פירט דעם גאסט אין אַ באַזונדער חדר אריין; ווייזט־אָן אויף אַ גרויס בעט, אויף בעטגעוואַנט ווי שניי, קישנס פּוכענע, אַ לייכט ווארעם איבערבעט... און ווילט איר נישט עסן, נישט טרינקען, שלאָפט אייך געזונטערהייט.

שלאָפן אָבער, זאָגט די געשטאלט, וועט זי נישט, נאָר אָפּרוען אַ ביסל, ווייל זי האָט נאָך אַ ווייט שליחות. און אַז די שוויגערן וויל זי איבערלאָזן אין שטוב, האלט זי זי איין און פרעגט, וויפל עס קומט פארן חדר, וואָרום אוועקגיין וועט זי שטיל, און וויל קיינעם נישט וועקן, וויל זי איבערלאָזן געלט.

שפּרינגט די שוויגערן אָפּ טיף געקרענקט: קיין געלט נעמט זי נישט, אויף קיין פאַל נישט... דאָס איז דאָך די איינציקע מצווה, וואָס זיי קאָנען מקיים זיין אין דאָרף; אין דעם זכות נאָר העלפט זיי דאָך גאָט, און וועט — גיט זי מיט גרויס בטחון צו — ווייטער העלפן!

צעשמייכלט זיך די געשטאלט און פרעגט:

— פעלט אייך עפּעס דען? האָט איר נאָך אַ בקשה צו גאָט?

— חס־ושלום!... מ'זע'מיר, ברוך השם, איך און מיין מאן געזונט, און אונדזער זון זאָל לעבן אוודאי... און פרנסה, ברוך השם, איבערן מויל... נאָר וועגן אַ זיווג גייט...

און זי דערציילט וועגן איר זון, וואָס ווערט 17 יאָר אַלט... און מען וווינט אין אַ דאָרף, צו'ן אַ קהילה איז ווייט...

— און וואָס טוט איר דערצו?

— מען האָפט צו גאָט, מען בעט זיין ליבן נאָמען... דער מאן אויף זיין לשון, זי אויף איר לשון... אַלע געבעטן בעט זי אויס, אַלע תחינות קאָן

זי אויסוויינִיק כמעט, שרה בת טובימס אַלע זיסע, האַרציקע תחינות... נאָר איינע, דער עיקר, האָט זי שוין מיט טרערן דורכגענעצט, די זיווג־תחינה...

— גאָט ווער העלפן, שמייכלט די געשטאַלט... איך בין זיכער, שמייכלט זי... א סימן האָט איר, קיין נעלט פאַרן חדר ווילט איר נישט, גיב איך אייך א מתנה פאַר אייער זונס כלה וועגן...

אזוי זאָגט זי עס, און נעמט דערביי פון אונטער דער טערקישער שאַל די מתנה אפיר: א פּאָר גאָלדענע פאַנטאָפלעך מיט פּערעלעך באַנייט... בליצט עס אין דער שווייגערנס אויגן, שטופּט איר די געשטאַלט די פאַנ־טאָפעלעך אין דער האַנט אריין און זאָגט:

— „א מתנה פון שרה בת־טובים", און פאַרשווינט...

און אַז דער שווייגער האָט זיך נישט געקאָנט אויפן ווייב דערוואַרטן, האָט אָנגעקלאַפּט אין טיר און נישט באַקומענדיק קיין ענטפער, דער־שראָקן די טיר געעפנט, זעט ער, דאָס ווייב שטייט אליין אין מיטן שטוב מיט אַן אָפן מויל, אויסגעגלאָצטע אויגן און גאָלדענע פאַנטאָפעלעך אין דער האַנט.

2.

אין דער זעלבער צייט, אין דער זעלבער מדינה מערן, נאָר מיילן, מיילן ווייט פון שווייגער, און נישט ווייסנדיק פון שווייגער, האָט אין א טיפן וואַלד א ייד געוווינט, א קוילן־ברענער. האָט א שטיבל אין וואַלד און אַן אויוון געדונגען, אויך ביי'ן א גראַף. נאָר דער ייד איז אַן אָרעמער געווען און א שווערע פרנסה געהאַט: זאַמלען דאָס אָפּגעפאַלענע פון בוי־מער, זומער — אָפּגעדאַרטע צווייגן, ווינטער — קאַרע געפּלאַצטע פון פראָסט און נאָך יעדן געוויטער — דאָס אָפּגעהאַקטע פון דונער און אָפּגע־ריסענע פון ווינט, און טראָגן צום אויוון און אויף קוילן פאַרברענען — קומט ער פאַרנאַכט אהיים א מידער, א שוואַרצער... האָט אים אָבער זיין ליבער נאָמען א זים טעכטערל באשערט (דער ייד איז אַן אַלמן געווען). קומט זי אים אנטקעגן מיט פרייד, און העלפט אים וואַשן און איבערטון און גיט אים צו עסן און צו טרינקען און מאַכט אים פיין דאָס געלעגער צורעכט...

און קאָן ער נישט איינשלאָפן, — און, זייט ער איז אַן אַלמן גע־וואָרן, טרעפט זיך עס אים גאַנץ אָפט — צינדט זי א קינדל אָן, ווען קלאָרע

נעכט, שטעלט זי זיך קעגן דער לבנה צום פענצטערל, און לייענט הויך אירע „הייליקע" ספרים אויף „עברי־טייטש", די מוטער האָט זי אויסגע־לערנט, די ספרים בירושה געלאָזט: צאינה וראנה, קב־הישר, תחינות פון שרה בת טובים... לייענט זי אים הויך.. ער, א פּראָסטער ייד, הערט זיך איין, ביז די אויגן קלעפּן זיך אים צו, דאַכט זיך אים, אז י ע נ ע לייענט, די מוטער לייענט, און ער שלאָפט רואיק איין, איינגעוויגט פון זיסן קול און די ווערטער די הייליקע...

קומט איר אַמאָל אַ זייער הארץ־ווייכיקע תחינה אין דער האַנט אריין, אַ תחינה, וואָס אַ מאַמע זאָגט, ווען זי בעט זיין ליבן נאָמען וועגן אַ זיווג פאַר אַ קינד...

„און זע, ליבער, הארציקער גאָט, פאַר מיין ליבער, הארציקער טאָכ־טער וועגן א זיווג, א זיווג אַ כשרן"... הויבט דאָס מיידל אָן צו פארשטיין, וועגן וואָס עס גייט, האקט זי אָפּ און וויל אָן אַנדער תחינה נעמען, בעט זיך דער פאָטער:

— ניין, טאָכטער לעבן, ניין... וויטער לייען... גיב מיר די הייליקע ווערטער אין מויל אריין, לאָמיך בעטן ביי גאָט פאַר דיר... אַ הארץ האָב איך, טאָכטערשי, א פולס, נאָר, א ייד אַ פּראָסטער, קיין ווערטער האָב איך נישט...

מוז זי פאָלגן און לייענט וויטער און וויטער. ווי שמעקנדיקער בוימאייל גיסט זיך די תחינה. לאַנג איינגעשלאָפן איז שוין דער פאָטער — זי מערקט עס נישט, ער שנאָרכט — זי הערט נישט און לייענט... און פּלוצלינג וועקט זיך אויף אַ נישט פארשטאנען בענקעניש אין דעם מיידלס הארץ, די יתומישע נשמה האָט זיך צו עפּעס פארבענקט... עס קלאפּט דאָס הערצל־קליין, פייכט און נעפלדיק ווערן די אויגעלעך פארדעקט, די ריין־קינדעריש־בלויע, און דאָס קולעכל ציטערט און ציטערט און ווערט פון באַהאַלטענע טרערן פייכט...

און אינמיטן — עפנט זיך די טיר און אין איר באַווייזט זיך אַ ווונדערלעכע געשטאַלט... אין א הויב א הויכער און א טערקישער שאַל, די אויגן לייכטן אזוי לייטזעליק זיס, אז דאָס איינגעשרומפּענע פּנימל שטראַלט.

— טאַטע! וויל זי דעם פאָטער וועקן. לייגט אָבער די אַלטע אַ פינגער איבער די ליפּן, ווערט דאָס מיידל שטיל, בלייבט זי, ווי אין אַ

פארכישופטן חלום שטיין. און די אלטע גייט־צו צום טיש און זעצט זיך, און שטרעקט אויס די האנט און ציט דאָס מיידל זיך צום הארצן צו...

שרעק דיך נישט מיידעלע, — זאָגט זי — שרה בת טובים בין איך... מיינע תחינות האָסטו געלייענט... און עס איז אַ שטילע נאַכט, האָב איך אין מיין שטילער רו דיין זיס קול געהערט, בין איך געקומען צו דיר און האָב דיר אַ מתנה געבראַכט...

און נעמט פון אונטער דער טערקישער שאַל די מתנה אַפיר:

— זע, ליב קינד... אָט, סאַמעט געשווירענער אַ שטיק... אויף אַ בייטעלע צוגעשניטן... און פערל, אַלערליי קאָלירן זיידענע פול, צום אויס־נייען, דאָס בייטעלע... און פעדעם נאָך דערצו זילבערנע, און גאָלדענע אויך אביסל, און פלימערלעך דערצו, אויך זילבער און גאָלד... און אזוי זעסטו נייט מען, טעכטערל, און אזוי ווערט געשטיקט... האַלט די נאָדל פעסט, לויף מיט די פינגערלעך געשיקט... זעסט אַ מגן־דודל גייט, און אָט בליען בלימעלעך אַרויס... פרישע, ווי אין וואלד אין זומער־צייט... אַ תפילין־בייטעלע ניי, אַ מתנה מאַך, פאַר דיין באשערטן אַ מתנה, ווי דיין ליבע מאַמע האָט דיין ליבן טאַטן געשענקט...

און די אַלטע לערנט, און דאָס מיידעלע שטיקט און העפט...

און אַז דער פרימאָרגן בליט, כאַפּט זיך דער פאָטער אויף, די טאָכ־טער זיצט אַליין אין שטוב מיט אַ תפילין־בייטעלע אין די הענט, סאַמעט, זילבער און גאָלד...

## 3.

און אַז דעם שווייגערס זון איז אַלט געוואָרן 17 יאָר, האָט מען אים אַרויפגעזעצט אויף אַ וועגעלע און געשיקט אין דער וועלט אריין זיך אַ כלה זוכן צו די שרה־בת־טובים־פאַנטאָפעלעך...

פאָרט ער וואלד אויס, וואלד איין, איבער דערפער און שטעט, כלה־מיידלעך ווי זאמד און ערד — קיין איינער פאַסן די פאַנטאָפעלעך נישט...

פאָרט ער אַ יאָר, פאָרט צוויי, נישטאָ און נישטאָ, פאַרלירט ער די אמונה דערין, קערט ער אהיים; ער וועט טאַטע־מאַמע זאָגן: ס'איז אַ חלום געווען, אזוינע פיסעלעך קליינע זענען נישט פאַראַן...

פאָרט ער אהיים, און פאָרט, און פאָרט פון וועג אַראָפּ, און פאַר־

בלאָנדזשעט אין א וואלד, דעמבעס מיט דעמבעס, ריזן ביי ריזן שטייען, נישט אוים און נישט איין. בלייבט ער שטיין, פרייטיק איז, די זון גייט אונטער און לאָזט זיך, א פייערדיקע קויל, אלץ טיפער און טיפער אראָפּ, דער אָוונט פאלט צו — שטעלט ער זיך „שיר השירים" זאָגן, און גייט, שיר־השירים זאָגנדיק, אין וואלד ארום, האלט זיך נאָר פון וועגעלע נישט ווייט, און פון פערד, וואָס פאשעט זיך... און שטיל רוישט, ביים אָוונט־ווינטל, דער וואלד, גלייך ער וואָלט אים „שיר השירים" נאָכגעזאָגט... און שטיל ווערט און טונקעלער, און פלוצלינג פלאמט צווישן די בוימער א פענצטערל אויף, לויפט ער צו מיט פרייד און קלאַפּט אָן:

— ווינט דאָ א ייד?

— א ייד!

א ייד קומט פון שטיבעלע ארויס, באַווייזט זיך אויף דער שוועל!

— שלום עליכם, א ייד!

— עליכם שלום, ענטפערט דער יונגערמאַן — קאָן מען האלטן שבת ביי אייך?

— האלטן יאָ, — ענטפערט מיט א טרויעריקן שמייכל דער ייד — נאָר עסן האָב איך נישט וואָס...

— עסן האָב איך, — ענטפערט דער יונגערמאַן — און טרינקען אויך — קומט מיט מיר צום וועגעלע צו, פון אלעם גוטן אָנגעגרייט...

אין א שעה ארום נאָך קבלת שבת זיצן זיי שוין ביידע נאָך קידוש ביים טיש... און זינגען זמירות, און עסן... זעט דער יונגערמאַן, ווי פון יעדן מאכל נעמט דער אלטער און איז קוים וואָס טועם אביסל, און טראָגט באלד די רעשט פאר דער טיר ארויס, מיינט ער, פאר א קעלבל צי אן עוף... איז ער דאָך נישט אזוי אָרעם דער ייד, פארוואָס האָט ער קיין שבת נישט געמאכט... א יונגערמאַן, פרעגט ער אים.

זאָגט דער אלטער: ניין, אן אָרעמער קוילן־ברענער בין איך... קיין קאלב, קיין עופות פארמאָג איך נישט... נאָר א זים טעכטערל האָב איך, באַרוועס גייט זי, נעבעך, שעמט זי זיך באָרוועסערהייט אין שטוב ארייג־צוקומען... זיצט זי און עסט פאר דער טיר...

נעמט דער יונגערמאַן מיט האריץ־קלאפעניש די גאָלדענע פאנטאָפע־לעך פון בוזעם ארוים און גיט זיי דעם אלטן איבער: גייט, מעסט זיי אייער טאָכטער אָן... צי זיי פאסן, זעט...

קומט דער אלטער צוריק: זיי פאסן...

.4

און ביים רייכן שווייגער איז אַ חתונה געווען... ער האָט מיטן קוילן ברענער אַ שידוך געטון, און די חופּה האָט מען אין שטאָט געשטעלט, און אַז מען איז פון דער חופּה געגאַנגען, האָט זיך פּלוצלינג אַ געשטאַלט באַוויזן, אין אַ הויב אַ הויכע, אין אַ טערקישער שאַל, אַ פּנים אַן אַלטס, נאָר אויגן לייטזעליקע און יונגע, און האָט קעגן חתן־כּלה מיט אַ קוילעטש געטאַנצט...

און נישט אַלע האָבן געוווּסט, ווער דאָס איז...

# פדיון שבוים



ש ײנקייט, מיינט איר, האָט איר אויסגעטראַכט, די פריערדיקע דורות האָבן פון שיינקייט גאָרנישט געוווּסט? אָן איינרעדע־ניש! מען האָט פון אייביק אָן געוווּסט, אַז די וועלט איז אויך אַ וועלט, אָבער נישט יעדערער איז זוכה צו ביידע וועלטן, און אַ גרויסער נסיון איז עס; מען גייט אויף אַ גליטש...

אָט איז אַמאָל געווען איינער צמח, נאָך גאָר אַ יונגערמאַן. האָט ער באַקומען אַ גרויסע ירושה — האָט ער טאַקע געפּירט אַ הויז, אויף אַלע יידן געזאָגט! אַ פּאַלאַץ אויפגעשטעלט, געמאָלטע דירות, פּריציש מעבל, מיט סאַמעט און זייד געבעט. דילן, ווי שפּיגלען רויטע, עס האָט געבלענדט! און קרישטאָלענע הענג־לייכטער, און קונציק געבויגענע העסעס אויף די ווענט, און מזוזות אויף די טירן אין זילבערנע, עכט־זילבערנע שייטלעך מיט גאָלד באַפּוצט... און אַ סוכּה האָט ער זיך געשטעלט אַ געשניצטע, מען האָט געזאָגט: אַ פּימסענהאָליץ. אַרום אויף די ווענט — יריעות גע־האָפטענע, און אויסגעהאָנגענע מיט אתרוגים, לולבים, גראַנאַטן... און אַלע יאָר, לכבוד יום־טוב, פרישע. אַ הויז — אַ גן־עדן. און אַ ווייב האָט ער געהאַט אַן אמתע יפה־פיה, אַ יפת־תואר, פאַרטרעטן צו מאָלן... האָט מען אָבער אָן יענער וועלט אויך נישט פאַרגעסן: האָט די יפת־תואר געהאַט איר גרויסע שטוב באַזונדער, האָט זי די שפּיגל־שטוב געהייסן, גרויסע גע־שליפענע שפּיגלען אַרום אויף אַלע ווענט, און אין שטוב זענען געשטאַנען רעדלעך צום שפּינען, און ראַמען צום שטיקן און העפטן; פאַרזאַמלט זי ביי זיך אין שטוב, אַ פּאָר שעה אין טאָג, אויסער שבתים און ימים־טובים, די יתומות פון שטעטל און לערנט זיי שפּינען פון וואָל און פלאַקס, העפטן און שטיקן מיט זילבער און גאָלד. זי האָט דערצו אַ געבענטשטע האַנט געהאַט, אַ ברייה נפלאה געווען, און דערביי אַ חכמה נפלאה און אַן אמתע צנועה, פלעגט זי זיי ביים לערנען אויך מדריך זיין, גוטע רייד רעדן און קלוגע רייד, ווי אַזוי אַ יידישע טאָכטער דאַרף זיך אויפירן, וכדומה. דאָס

איז איר מצווה געווען. און דער מאן צמח האָט זיין מצווה געהאַט: אין קרוין פּוילן איז געווען אַ צייט פון תוהו ובוהו, איין מלך האָט מען אַרויס־געטריבן, דעם צווייטן — נאָך נישט אויסגעקליבן, און בין מלכא למלכא איז „איש הישר בעיניו" — איז יעדער שלאַבאַן געווען אַ גרענעץ, יעדער „מאַיאָנטעק" — אַ באַזונדער מלוכה און יעדער פּריץ אַ קייזער, וואָס האָט זיך זיין חייל און זיינע תפיסות געהאַט. פעלן דאָך, מן־הסתם, קיין שלעכטע פּריצים, ווילדעווען זיי — און אויסגעלאָזט האָט זיך ווי דער סדר עולם איז, צו זרע אברהם יצחק ויעקב... האָבן געליטן די ישובניקעס, די פּאַכטער מיט אַרענדאַרן. פאַר אַ שלעכט וואָרט — שמיץ, פאַר נישט צאָלן אַ ראַטע צו דער צייט — תפיסה, אָנגעטון דיבעס און אַריינגעוואָרפן אין אַ נאַסע הייל מיט ווייב און קינד... האָט זיך דער צמח פאַרנומען מיט פּדיון שבויים און פלעגט אַרומפאָרן אין די דערפער מיט אַ בייטל מיט־רענדלעך און אויסלייזן.

איינמאָל, ווינטער צייט איז עס געווען, אַ גרויסער שניי אָנגעפאַלן, פאַלט אַריין צום גביר צמח אַ מלמד פון אַ דאָרף, ווו ער האָט ביים אַרענ־דאַר געקנעלט, אָטעמט קוים פאַר שרעק, די אויגן קריכן אים פון אונטערן שטערן אַרויס, און מיט שוים איבער די ליפּן דערציילט ער, אַז היינט פאַר־טאָג איז מען פון פּריץ באַפאַלן דעם אַרענדאַר, אָנגעטון דיבעס אים מיטן ווייב און דעם גאַנצן בני־בית, פאַרנומען און אַריינגעוואָרפן אין תפיסה אַריין, און ער אַליין, דער מלמד, איז קוים אַנטלאָפן מיטן לעבן; מען האָט אים אויך געוואָלט פאַרנעמען, נאָר ער האָט אַ פענצטער אויסגעהאַקט, אַרויסגעשפּרונגען און איבערן פעלד אַנטלאָפן. אַ פּויער האָט אים נאָכגע־וואָרפן אַ קלאָניצע, אין פּוס אַריין געטראָפן, און אָט בלוטיקט נאָך דער פוס... שיקט מען צום מלמד נאָכן רופא, און צמח הייסט איינשפּאַנען דעם שליטן, וואַרפט זיך אַריין אין ביבער־פעלץ, פאַרגעסט נישט מיטצו־נעמען אַ בייטל מיט רענדלעך, זאָגט אַ תפילה קצרה פאַרן וועג און פאָרט... וואָס רעכנט ער, צמח? דער אַרענדאַר האָט קיין ראַטע נישט באַ־צאָלט! פאַלט ער אַריין צום פּריץ — אַריין לאָזט מען אים, ער איז דאָך צמח, האָט עסקים מיטן פּריץ — לאַנג ברייען וויל ער נישט, דער אַרענדאַר מיטן בני בית קאָנען דערוייל געפרוירן ווערן אין תפיסה, דער פּראָסט קנאַקט, פאַרשמירטע שויבן! פרעגט ער נאָר יאַסני פּאַניע, וויפל קומט פון אַרענדאַר?

שמייכלט דער פּריץ פון אונטער די וואָנצן און שלעכטע פּייערלעך

שלענגלט זיך אים אין די אויגאַנעס: עס קומט אים ביים אָרענדאַר גאָר־נישט... פאַר אַ חוב וואָלט ער אים אין תפיסה אַריינגעוואָרפן? אַנטפּאַלט ביי צמחן דאָס האַרץ, פרעגט ער: יאַסני פּאַניע, ער האָט דיך באַליידיקט, אַ שלעכט וואָרט געזאָגט?

— וואָלט ער שוין לאַנג געהאַנגען!

— וואָס דען יאַסני פּאַניע, וואָס דען? און דאָס האַרץ ביי צמחן קלאַפּט, ווי ביי אַ גזלן.

— גאָרנישט, זאָגט דער פּריץ. נאָר איך ווייס, זאָגט ער, אַז איר האָט אַ גרויסע תורה מיט תרי״ג מצוות און אַלע קאָנט איר נישט מקיים זיין, נעמט זיך יעדער ייד צו איין מצווה, צו זיין מצווה פאַר וועלכער ער איז זיך מקריב, און מען האָט מיר דערציילט, אַז דו האָסט אויף דיר גענומען פּדיון שבויים און דו האָסט אַ ווייב אַ יפה־פיה, אַן אמתע יפת־תואר, שענער ווי אַלע פּריצות, וויל איך דו זאָלסט מקיים זיין פּדיון שבוים... פאַר איין שעה יחוד מיט דיין ווייב; — מאַנס זיין וועל איך זי נישט.

כאַפּט צמח און אַנטלויפט. און פאַרגעסט אָן שליטן און לויפט צו־פוס. לויפט ער פאַרביי פאַרן פּריצס תפיסה, גייען גויים מיט קאַסעס אַרום דער תפיסה אויף דער וואַך, און פון תפיסה הערט זיך אַ גרויסע יללה, און איין פּויער ליגט איבער די קאַסע פון דער רעכטער אין דער לינקער האַנט און ווישט זיך מיטן רעכטן אַרבל די אויגן אויס. „פּאַניע צמח, זאָגט ער, אַ ביטערער רחמנות, איין קינד איז שוין פאַרפרוירן געוואָרן"...

כאַפּט עס צמחן אָן ביים האַרץ, לויפט ער צוריק צו פּריץ: אַז נישט מאַנס זיין, איז ער ביי גאָט אין די הענט — און דער שליטן איז נאָך איינגעשפּאַנט. כאַפּט אויף זיך דער פּריץ אַ בערן־פּעלץ, לויפט אַרויס, צמח שטרויכלט נאָך, דער פּריץ זיצט שוין אויבן אָן, כאַפּט אָן צמחן, וואָס וויגערט זיך אין דער העלפט, הויבט אים אויף ווי אַ קינד און זעצט אים נעבן זיך, און גיט אַ זעץ דעם שמייסער אין די פּלייצעס אַריין: פאָר! און די אָפּגעקילטע פערד רייסן אויס מיט אַמאָל און מען פאַרשווינט אין אַ שטויב פון שניי, גלייך שדים וואָלטן געפלויגן...

געקומען, לאָזט צמח דעם פּריץ אַריין אין אַ באַזונדער חדר אַריין, און גייט איבערן קאָרידאָר צום ווייבס חדר, שטייט די טיר אָפן, שטייט דאָס ווייב זיינס צווישן יתומות און רעדט מיט זיי האַרציקע דבורים און לערנט זיי. רופט ער זי אַרויס און דערציילט מיט גרויס געוויין און האַרץ־ווייטיק, וואָס עס איז געשען, און ווייזט איר אָן אויפן חדר, וווּ דער פּריץ

ווארט אויף איר. און איידער ער הערט איר תשובה, ווערט אים, נישט פאר אייך געדאכט, נישט גוט, פאלט ער אנידער אויף א שטול און בלייבט חלשות... און אז ער כאפט זיך אויף, פארשטייט ער נישט, וואס דא איז געשען, וואס ער זיצט אין פאדער־הויז אויף א שטול און איז אזוי מאט און באנאסן מיט שוויים. עפנט ער אויגן און אויערן, דערהערט ער דעם פריצס קול פון א שטוב. דערמאנט ער זיך אלץ מיט אמאל, שפרינגט אויף, לויפט צו צו דער טיר, די טיר איז פארמאכט; בויגט ער זיך איין, קוקט דורכן לאך פון שליסל, זעט ער, ווי זי זיצט אויף דער סאפע, ער נעבן איר אויף א פאטער־שטול. אויפן טיש — כיבוד, און ער האלט אירע הענט אן זיינע הענט, און אט נעמט ער אירע הענט צו זיין מויל, — כאפט צמחן אן א שרעק, הויבט ער אן לויפן איבערן פאדער־הויז, לויפט ער פארביי דער שטוב, ווו די מיידלעך זיצן, די טיר איז אפן, זעט ער גאר, אז זיין ווייב זיצט צווישן די מיידלעך און לערנט זיי, און איר פנים שטראלט מיט חכמה און צניעות — וואס איז? א פארבלענדעניש? לויפט ער צוריק צום לאך פון שליסל אין יענעם חדר, זיצט זי שוין איבערגעבויגן צום פריץ, איר קאפ אויף זיין אקסל, און ער נעמט זי ארום און בויגט צו די יצר־הרע־פארכישופטע אויגן צו׳ן איר בלאס פנים, די וואנצן צו די ליפן, כאפט צמחן ווייטער אן א גרויל, לויפט ער צו יענער שטוב, זיין ווייב איז פארט צווישן די מיידלעך, ער זעט זי באשיינפערלעך, און ער הערט איר קול און טרינקט מיט דארשט אירע קלוגע רייד:

— א יידישע טאכטער — לערנט זי די יתומות — מוז זיין ריין, ווי א קרישטאל, ווי א ריינקייט.

דערהערט ער אבער א גערודער פון יענעם חדר, כאפט עס אים אן און ווארפט אים אהין, זי זיצט שוין איינגאנצן אויף זיין שויס. נעמט ארום מיט ווייסע נאקעטע הענט זיין רויטן האלדז, און מויל גענענט זיך צו מויל, ליפן — צו ליפן, אז עס קלינגט... פאקט עס אים, ווי א שגעון, לויפט ער צוריק, דערהערט ער שוין אויפן וועג איר זיס־קלינגענדיק קול פון דער שפיגל־שטוב ארוים:

— א יידישע טאכטער דארף זיין שטיל, ווי א טויב, און ריין, ווי א שפיגל אן א הויך... פארדרייט זיך שוין דעם ארעמען צמח אין קאפ, פאלט ער, א שוויים־באגאסענער, אויף דעם שטול און פארגעסט זיך אינגאנצן...

און אז די שעה פון יחוד איז אריבער, כאפט ער זיך פון זיך אליין

אויף, דער פריץ גייט ארויס פון פאָדער־הויז, ער זעט נאָך זיין רויטן קארק אין טיר, ווי ער פארשווינדט, דערמאָנט ער זיך אַלץ, וויל אויפשפרינגען, קומט אָבער זיין ווייב, זיס און צניעותדיק־שטראַלנדיק, פון שפיגל־שטוב אַרויס, גייט צו אים שטיל צו, לייגט די האנט אויף זיין שטערן און זאָגט אים:

— אין זכות פון פדיון שבויים!

ענטפערט ער איר:

— אין זכות, וואָס דו לערנסט די יתומות...

ער האָט פארשטאנען, אז דאָס איז געווען א סיעתא דשמיא — אויפן יצר־הרע׳דיקן פריץ א פארבלענדעניש. —

# לבנה, פערל און אלטווארג



מאָל איז געווען א „בת־מלכה"...

איך וויל אייך אָבער נישט גענארן; עס איז קיין עכטע בת־מלכה נישט געווען...

דער פאָטער, אויב ער איז זיכער, איז א פארמרהשחורהטער שום־טער געווען, די מוטער — א מארק־יידענע, וואָס האָט ליב געהאט דעם ביטערן טראָפּן... נאָר אויגן האָט זי געהאט פון א בת־מלכה, מען האָט זיך טועה געווען...

און פארליבט אין די אויגן האָבן זיך צוויי אָרעמע יונגעלייט, זיי האָבן זי פאר א ווירקלעכע בת־מלכה געהאלטן, און ביידע, כאָטש יעדע־רער באַזונדער, האָבן געזאָגט: „זי, אָדער — אַ שטריק אויפן האלדז", די אייגענע ווערטער, כאָטש איינער האָט פון צווייטן נישט געוווּסט, זיי האָבן זי גאָר אפשר נישט געקענט.

און ביידע, כאָטש יעדערער באַזונדער, האָבן זיך באַשלאָסן די בת־מלכה צו באַקומען.

נאָר ווי אזוי?

מען גייט דאָך נישט צו קיין בת־מלכה — בפרט, ווי זיי האָבן גע־מיינט, צו אן אמתער, מיט ליידיקע הענט, האָבן זיי ביידע אָנגעהויבן צו זוכן מיטלען, מיט וואָס נושא־חן צו זיין אין אירע אויגן.

און ביידע האָבן געזוכט, נאָר יעדערער אויף זיין אויפן:

איינער האָט אָנגעהויבן ארומגיין גאנצע טעג מיט די אויגן אראָפּ, דער צווייטער גאנצע נעכט — מיט די אויגן ארויף.

דער „מיט די אויגן ארויף" איז געווען א ראָמאנטישע נאטור! ער האָט זיין גליק נישט געוואָלט אויפהויבן פון מיסט אין גאַס. ער האָט זיין גליק אין הימל געזוכט; דערהויפּט — אין אויסגעשטערנטע לייטזעליק־פארחלומטע נעכט...

און גאנצע נעכט האָט ער אונטער דער שטאָט, אין וואלד, אין פעלד,

צי ביים טיכל פארברעננט אָדער אָפּגעשטאנען ביים קליינעם פענצטערל אין דאך־שטיבל ביי זיך, און אלץ מיט די אויגן אין דער הויך, אלץ צום הימל ארויף, צו דער בלויער הויך, צו לבנה און שטערן. מיט הארציק־פייכטע אויגן האָט ער זיך פאר זיי אויף זיין מזל געקלאָגט, מיט ציטער־דיקע ליפּן פון זיין ליבע דערציילט און אלץ אין איינעם געבעטן זיך: שענקט מיר, הימלשע לייט, פון אייערע גוטע זאכן עפּעס ריינס און גוטס פאר א מתנה פאר דער שיינער בת־מלכה; זאָל איך נושא חן זיין אין אירע אויגן, זאָל זיך איר הארץ ווענדן צו מיר, זאָל זי מיר איר ליבע שענקען, וואָרום אנישט, וואָס איז מיין לעבן ווערט?

דער ערשטער אָבער, דער „מיט די אויגן אראָפּ", האָט אנדערש גע־טון! ער ווייסט, אז עס וואלגערן זיך ארום אויף דער ערד אלערליי אוועק־געוואָרפענע און פארלוירענע זאכן. מען ווארפט ארויס פון א הויז א שטיקל אלטווארג; עס גליטשט זיך אויס פון א האנט א צו־גלאטער גראָשן; א פערד פארלירט אמאָל א פּאָדקאָווע; עס וואלגערן זיך אויסגעקרימטע נעגל, עס טרעפן זיך אמאָל אויך כשרע מציאות — און אז מען האָט גע־דולד און א גוט אויג, און מען קלויבט לאנג, קאָן מען צו עפּעס קומען: פון גאָרנישט מיט גאָרנישט ווערט עפּעס, פון עפּעס און עפּעס — א פּאָר גראָשן; און די גרעסטע פארמעגנס באשטיין אויך נאָר פון גראָשן, — און ביי'ן א פארמעגן ווערן בת־מלכהס הערצער ווייך ווי א וואקס...

הייבט ער אָן זוכן אין גאָס...

דאָס זענען געווען די צוויי אופנים פון די צוויי ליבהאָבער...

און פון וועלכן זאָל איך אייך דערציילן פריער? אין גאַס, אין גע־שעפט, ווען איר זוכט שדוכים פאר אייערע טעכטער, זענט איר, געוויס, פּראקטישע מענטשן, איז דער „מיט די אויגן אראָפּ" וואָלט אייך מער אינטערעסירט; צווישן טאָג און נאכט אָבער, ווען איר נעמט אייך צום לייענען, ווערט איר סאמע רוחניות, סאמע נשמה, און אייער מיטגעפיל איז אוודאי אויף דער זייט פון דעם „מיט די אויגן ארויף", לאָז איך איבער, אויף א ווײַלע, דעם „מיט די אויגן אראָפּ" און וועל אייך פריער דערציילן, ווי אזוי עס איז געגאנגען דעם פון „די אויגן ארויף"...

ער קוקט אין הימל אריין, און ער האָט אזוי לאנג געקוקט און געקוקט, און געקלאָגט זיך אזוי הארציק אויף זיין מזל, און אזוי רירנד דערציילט פון זיין אָרעם לעבן און רייכער ליבע; ער האָט אזוי פיל שיינע און הארציקע ווערטער געהאט פאר זיין איינזאמקייט, בענקשאפט און

דעם פלאַם, וואָס ברענט אים אין האַרצן, — ביז די גוטע שטערנדלעך מיט די קינדערש־ריינע הערצעלעך האָבן אויף אים א רחמנות באַקומען, און איינמאָל אין א שיינעם העלן ענדע־נאַכט, עס האָט נאַרוואָס געזאָלט אָנ־הויבן גראָען דער טאָג, האָט זי אויף אים א ליטזעליק אויג געוואָרפן און אין דאַך־שטיבל אריין, דורכן קליינעם פענצטער, אויף א לאַנגע זיל־בערנע שטראַל — נישט מער און נישט ווייניקער, נאָר א שנירל לבנה־פּערל דערלאַנגט!

דער אָרעם ־ בחור ווערט שיר־נישט משוגע פאַר פריידן, און כאַפּט תיכף ומיד, און לויפט צו דער בת־מלכה און קלאַפּט אָן אין טיר.

— ווער איז דאָרט? — הערט זיך דער בת־מלכהס זיס קול, נאָר אביסל פאַרשלאָפן און דערשראָקן — ווער וועקט עס מיך פון שלאָף? ווער האָט מיר מיינע שיינע טויבן, די געפליגלטע חלומות פאַריאָגט? —

— איך! איך! — ענטפערט ער מיט א פאַרציטערט קול, — בת־מלכה! איך האָב דיר א הימלישע מתנה געבראַכט, אזוינע, וואָס קיין שררה שענקט זיין ווייב, און אפילו זיין געליבטער נישט, וואָס יענע האָבן אין זייערע אוצרות נישט, וואָס די וועלט, די גאַנצע וועלט פאַרמאָגט נישט, און איך האָב פון הימל באַקומען און איך פאַרלאַנג דיין ליבע דערפאַר...

„פון הימל?" וווּנדערט זיך די בת־מלכה און שפּרינגט אַראָפּ פון בעט און שליסט אויף די טיר און עפנט א שמאָלע שפּאַרע, און שטעקט אַרויס די ווייסע מאַרמאָרנע האַנט נאָך דער מתנה.

און אז דער יונגערמאַן דערמאָנט נאָך אמאָל זיין באַדינג, הייסט זי אים קומען פאַרנאַכט אז די זון וועט אונטערגיין נאָך א תשובה...

איז ער, דער ליבהאָבער מיט די אויגן אַרויף, דערפרייט געוואָרן און איז זינגענדיק און אונטערטאַנצנדיק פון שטאָט אַרויס, צום פעלד, צום טייך, צום וואַלד, אין די אויגן — די ווייסע מאַרמאָרנע האַנט, אין אויער — דאָס זיסע קול... ער לויפט. די זאַנגען אין פעלד, דאַכט זיך אים, ווינטשן אים גליק, דאָס טייכל רוישט: מזל־טוב! מזל־טוב! די ביימער שאָקלען צו מיט די קעפּ: יאָ, יאָ, עס קומט דיר, דו לבנה־פריינט! און די פייגל, די באַזינגען אים שוין די כלה...

נישט געגעסן און נישט געטרונקען, איז ער אזוי, זינגענדיק און טאַנצנדיק, אַרומגעלאָפן אונטער דער שטאָט. נאָר אָט לאָזט זיך די פלאַ־מענדיקע זון אַראָפּ, ווייכע קילע שאָטנס ליגן זיך איבער טייך און פעלד,

די ביימער־שטאַמען גילטן זיך, אַ שטיל ווינטל צעלאָזט די פליגל און עפּעס אַן אויסטערלישער פויגל קלאַפּט מיטן שנאָבל אין בוים אַריין, און רופט: צייט! צייט! און ער לויפט אין שטאָט אַריין נאָך אַ תשובה...

ער קלאַפּט נאָך אַמאָל אָן אין דער בת־מלכּהס טיר, נאָר שוין זיכערער.

— ווער איז דאָרט? פרעגט די בת־מלכּה שאַרף און אומגעדולדיק.

— איך, דער וואָס האָט דיר פון דער לבנהס פּערל געבראַכט — נאָך אַ תשובה בין איך געקומען...

און עס הערן זיך לייכטע טריט, און אויף אַ שמאָלע שפּאַרע עפנט זיך נאָך אַמאָל די טיר, און ווי אינדערפרי שטעקט זיך אָן אַלאַבאַסטער־האַנט, נאָר שוין נישט קיין נאַקעטע, אַרויס...

— „איך האָב דיינע פּערל צו אַלע גאָלדשמידן געטראָגן — קיינער וויל זיי אין האַנט אַריין נישט נעמען: נישט קויפן, נישט טוישן... עפּעס פרעמדע שטיינדלעך, זאָגן זיי, נאָר דאָ אָן אַ ווערט. איך בין אין אַ שניט־קראָם געלאָפן. געוואָלט כאָטש אַ ציצן קליידל דערפאַר, — מען האָט מיך אויסגעלאַכט. מיד און הונגעריק בין איך צו אַ שפּייז־געוועלבל געקומען, און האָב פאַרן גאַנצן שנירל לבנה־פּערל אַ קליין שטיקל קעז געבעטן, האָט מען מיך, ווי אַ ווילד־משוגענע, אַרויסגעטריבן״. —

און די מאַרמאָרנע האַנט וואַרפט אים די פּערל צו די פיס און ציט זיך צוריק און פאַרוואַרפט די טיר, און הייזעריק דרייט זיך איבער דער שליסל אין שלאָס...

---

גאָר אַנדערש איז צוגעגאַנגען מיטן צווייטן, מיט דעם פון „די אויגן אַראָפּ״.

ער האָט געקליבן און געקליבן: טעג, חדשים, יאָרן...

אַ קורצע צייט אַרום, אַז ער האָט שוין אַ פולע קאַמער שטיקלעך און אַלטוואַרג געהאַט, האָט ער אַ גייער פּאָר קליין־געלט אָפּגעקויפט, דער „קלויבער״ האָט דאָס געלט אין אַ שפּאָרקאַסע געלייגט און ווייטער גע־קליבן און ווייטער פאַרקויפט... אַמאָל האָט זיך אים אויך אַ כּשרע מציאה געטראָפן... אַז מען זוכט, געפינט מען; גאָט העלפט... פון גאָרנישט מיט גאָרנישט ווערט עפּעס, פון עפּעס און עפּעס — אַ דרייער און ווי געזאָגט, דאָס גרעסטע פאַרמעגן באַשטייט פון דרייער. איז ער טאַקע צו אַ פאַרמעגן געקומען, צו כּבוד אויך. אָנפאַנגס האָט מען זיך פון אים אָפּגערוקט: אַ מענטש זוכט אין דער בלאָטע!... דערנאָך גוטיק צוגעשמייכלט... שפּעטער

— ערנסט באַטראכט, און גאָר דערנאָך, אז ער איז שוין רייך געוואָרן, באוואונדערט און פאר א מוסטער געשטעלט!...

און אז ער איז שוין רייך געוואָרן, האָט ער זיך א פאלאץ געקויפט ביי'ן א שררהס אַ געליבטער, אַלט נאָר גרויסארטיק מעבל אָפּגעהאנדלט און דאָס פאלאצל אויסגעצירט; אין דער שענסטער שטוב האָט ער א גאָלדן בעט, מיט אטלאס און סאמעטן בעטגעוואנט געשטעלט און האָט פון פּאַלאץ דעם גאָלדענעם שליסל גענומען און איז צו דער בת־מלכה געגאנגען און געפרעגט זי, צי וויל זי מיט אים צוזאמען וווינען אין פאלאץ און שלאָפן אין גאָלדענעם בעט? און זי האָט געענטפערט: יאָ.

---

און אין דעם טאָג איז ביי דער אָרעמער סעודה, דער „מיט די אויגן ארויף" צווישן די אָרעמע לייט געזעסן און גענעסן און מיט שלעכטן בראָנפן זיך אָנגעשיכורט... און ביינאַכט, אז מען האָט דאָס פאָרפאָלק לייגן־געפירט, איז ער אַנטלאָפן אין וואַלד אַריין און — האָט זיך אויפן ערשטן בעסטן בוים, — אויפגעהאנגען...

---

# דאָס פּאַרטעך


יט די פיס שטאָלפּערט אַ מענטש אויף דער ערד; מיטן קאָפּ שפּאַרט ער צום הימל.
ווענדט זיך עס נאָר אין דעם, ווו דאָס האַרץ איז!
ביי די פיס, און זיין גלוסטונג איז צום עפר ואפר, —
אָדער ביים קאָפּ, און עס גאַרט צו די עולמות העליונים...
איז אַ ייד מקיים „מאשפות ירים אביון" — ער הייבט אויף דאָס גלוסטונג פון מיסט. ער טוט אָן אַ גאַרטל, טיילט דעם גוף אויף צוויי און זאָגט: דאָס האַרץ געהער צום קאָפּ! האָבן אויף אים קיין שליטא נישט קיין שדים ולילין און קיין דיבוקים, רחמנא־ליצלן...
און נשים טראָגן צוליב דעם אייגענעם — פאַרטעכער!
ואל יהי ענין הפאַרטעך קל בעיניך. איר זאָלט דאָס פאַרטעך פאַר גרינג נישט האַלטן, —
הערט אַ מעשה, וואָס איז געשען אין ראַכיוו.

— — — — — — — — — — —

ראַכיוו איז אַ שטעטל נישט ווייט פון אַפּט; פון אַפּטער, זכר צדיק לברכה, האָט איר אוודאי געהערט.
צעשפּרייט איז עס ביים ברעג פון דער ווייסל; לעבן לעבט עס פון געהילץ, וואָס קומט פון די אַרומיקע וועלדער, און גייט איבער דער ווייסל קיין דאַנציק; דעמאָלט אַ גרויסער מסחר געווען.
זענען געווען דאַנציקער סוחרים, אין די גרויסע פּעדערן געגאַנגען. מקיים געווען „וחי אחיך עמך"; האָט פון זיי געלעבט דער מעקלער, דער שרייבער אין וואַלד, דער שיפער, וואָס פירט די מעסערס ביז דער קעניגסבערגער מיל, ווו עס נעמט זיי שוין איבער דער דייטש, און — דאָס גאַנצע שטעטל.
ווינטער, עס שטעלט זיך אַ שליט־וועגס, ציען זיך שוין פון די וועלדער, איבערן שטעטל צום ברעג־צו, פירלעך מיט אַלערליי געהילץ:

באלקן, שווען, אונטערלאַג. צוריקצו־וועגס אהיים, שטעלט זיך דאָס פויערל אָפּ אין מארק; לייזט דער שענקער פאַר אביסל בראָנפן מיט פאַר־בייסעכץ, לייזט דער אייזנקרעמער פאַר א שטיקל אייזן, פאַר א קאָסע... לייזט די שטעל פאַר זאַלץ, פאַר שמירעכץ... דער קאָוואַל (אויך א ייד) פאַריכט אָדער שלאָגט אָן א פּאָדקאָווע, די זיצערן — פאַר א בייגל פאַר א חולה־ילד.

רייך מאַכט נישט דער פויער; לחם לאכול גיט ער.

גייען אוועק די פּאָר חדשים, הייבט אָן לאָזן דער פראָסט. א וואַ־רעמער ווינטל בלאָזט, יאָגט אָפּ די עננים, די זון הייבט אָן ארויסצוקריכן פון פוטערפאַס; זומער־לעב זאָגט אָן זיין קומען; פּאַקט זיך דער היימי־שער שיפער, קומען מיט די רענצלעך שיפער פון די אַרומיקע שטעטלעך. לייזט דער גאַסט־הייזער; גרייט מען זיך אין וועג אריין, קומט מען ווייַ־טער אָן צום סוחר, קויפט מען איין בשר געדרייכערטס, פעטס, זאַלץ, גרויפּן, א פעסעלע י"ש — צידה־לדרך פאַר די פּליסן, וואָס אַרבעטן אויף די מעסער... הייבט באַלד אָן צו רודערן ביים ברעג. פויערלעך קו־מען פון די דערפער, יעדערער מיט זיין נעץ, א פישל צו כאַפּן, און מיט זיין פענדל, דאָס פישל צו בראָטן, און שטעלן זיך, איבער דער גאַנצער לענג פון ברעג, יעדערער זיין שטרויען ביידל אויף. —

שטייט אין ראַכיוועור מארק, פון כעלות ביז מנחה, אין דער לופט א געקלאַפּעריי פון העק און האַמער. דאָס שלאָגט מען אויפן ברעג דאָס געהילץ צוזאַמען...

אַמאָל, אין מיטן דער נאַכט — עס הייבט אָן פּלוצלינג צו דונערן: די ווייסל רירט, דאָס אייז פּלאַצט. דער ווינט טרייבט טאָוולען אויף טאָוו־לען, גאָרן אויף גאָרן. נאָך עטלעכע טעג: דער ווינט האָט זיינס געטון, די זון — אירס, דער פויער האָט געהאָלפן מיט קילאָף און לאָפּאַטע, — אָפּגעשווומען דאָס אייז, באַפרייט געוואָרן דער טייך, מען לאָזט אראָפּ די מעסערס, עס שווימען אַנדערע פאַרביי...

עס לעבט דער ברעג און קאָכט; די אָרעמע יידענע פון שטעטל ציט חיונה פון דער שטעל ביים ברעג; פאַרקויפט אויבס, געווערץ, זאַלץ; בגנבה — דעם ביטערן טראָפּן...

— — — — — — — — — — — —

איר מיינט אוודאי, איך האָב אינעם פאַרטעך פארגעסן! הייבט זיך

נישט אָן. איך האָב אייך פריער געוואָלט אויסמאָלן ראַכיוו, ווו די מעשה איז געשען.

אָט אין דעם ראַכיוו איז אַמאָל נפטר געוואָרן אַ דיין. איבערגע־לאָזט האָט ער דווקא נישט קיין סך: אַן אלמנה און אינגאַנצן איין יתומה... קהל האָט באַלד אויפגענומען אַן אַנדערן דיין, און דער האָט זיך מתחייב געווען, אָוועקצוגעבן דער אלמנה מיט דער יתומה אַ פערטל שכירות. האָט ער נישט מקיים געווען. קיין שרפ״ט האָט דאָס שכירות נישט באַ־טראָפן, אַ מטופל אַ גרויסער איז ער געווען. שרייט די אלמנה צו קהל, לאָזט נישט אויסנעמען... בלייבט, מען זאָל איר געבן עטלעכע גילדן, זי זאָל זיך מאַכן אַ שטעל ביים ברעג. גראָד אַ יידענע געשטאָרבן, באַ־פרייט געוואָרן אַ שטעל. וכך הוה, די אלמנה מאַכט זיך אַ שטעל, דאָס מיידל טראָגט איר נאָך די קיישלעך אהין און צוריק. און גיט איבערן טאָג אַכטונג אויף קונימס הענט. און — קיין מעשה נישט. אַז דער דיין האָט געלעבט, האָט זיך אויך נישט איבערגעגאַסן. ביים הערינג פלעגט מען זיך די פינגער אָפּשניידן... און פאַר הונגער, זאָגט מען, איז נאָך קיינער פון דער וועלט נישט געגאַנגען... נאָר דאָס מיידל! דאָס מיידל וואַקסט ווי אויף הייוון, קיין עין־הרע; שפּאַרט פון קליידל אַרויס... עס רייטלען זיך די אָנגעפּילטע בעקלעך, גלייך מען וואָלט זי געצויגן אויף מילך מיט האָניק, אויף מאַרציפּאַנעס. און אויגאַנעס האָט זי... די פּויערן גאַפן; צי־טערט די אלמנה פאַר אַן עין־הרע; מאַכן זיך אַמאָל אַ גוייש גלייכווערטל, שטעכט עס זי אין אַלע גלידער, רירט זיך צו אַ פּויער מיט דער יד, שפּרינגט זי אויף, אַן אָפּגעבריטע, וואַרפט זיך מיט די נעגל צו די אויגן...

און וואָס וועט זיין דער סוף?

ווייטער שרייען צו קהל, נישט לאָזן אויסנעמען? מען וועט זי הערן?

זיפצט זי, די אלמנה, קוקט זי אין הימל אַריין און זיפצט...

זיפצט זי נישט אומזיסט. פאַראַן אַן אויער, וואָס הערט! און איינמאָל, מוצאי־שבת, געהערט ביי׳ן אַ שכן הבדלה, מען קלערט אַרויס־צוגיין צום ברעג צי נישט? עפנט זיך די טיר. „גוט־וואָך״ — פּיניע דער שדכן איז אַריינגעקומען. „גוט־וואָך, גוט־יאָר״, שטאַמלט די אלמנה. זי גלייבט אירע אייגענע אויגן נישט. „זעצט אייך, ר׳ פּיניע... שרהלע, וויש אָפּ דאָס בענקל...״

די טאָכטער שרהלע מאַכט זיך נישט הערנדיק, קערט זיך אָפּ אין

א זייט, וואַרפט אפילו א בייזן בליק אויף ר׳ פּיניען. ר׳ פּיניע שמייכלט: אַלע טוען אַזוי! דאָס בענקל ווישט אָפּ די אלמנה אליין.

— וואָס ברענגט איר פאַר א גוטס, ר׳ פּיניע?

אין האַרץ קלאַפּט איר, ווי ביי׳ן א גזלן. ר׳ פּיניע זעצט זיך, צע־טיילט די באָרד אויף רעכטס און לינקס, צעשמייכלט זיך נאָכאַמאָל און זאָגט:

— זייער פיל גוטס!

— דהיינו?

— דהיינו... מאָלט אייך, אַז ר׳ מענדל דער אַלמן איז אַהיימגע־קומען פון וואַלד... איך זאָג אים שוין לאַנג נאָך: א ייד דאַרף נישט זיצן אַזוי לאַנג אָן א ווייב... טאַקע א צנועה געווען, טאַקע געבענטשטע הענט, טאַקע, טאַקע, אָבער אַזוי לאַנג אָן א ווייב זיצט מען נישט... און די קינדערלעך... ממש א רציחה... איבערגעגעבן א פינף קינדערלעך א שכנה, זי האָט אליין אירע זעקס... א ייד קומט אַהיים אויף שבת — די קינדער־לעך צעדראַפּעט, אויסגעהונגערט...

א י ך  י אָ ג, איך שטעל אונטער  ב אַ ל ע ב אַ ט י ם... ער לייגט אַלץ אָפּ. סטייטש, כאַפּ איך אים אָן ביי׳ן א לאַץ, איר זייט דאָך שוין קיין יונגערמאַן נישט... אם לא עכשיו, אימתי? בע, מע... ער האָט קיין צייט נישט... ענדיקן אין וואַלד, פאַרטיק ווערן ביים ברעג... א נעכטיקער טאָג! איך זאָג אים א שידוך, פאַרצייכנט ער אין ביכל, ער וועט נאָכפרעגן, — הייבט זיך נישט אָן! דער שידוך ווערט פאַרלוירן אין ביכל צווישן די קוביקן...

דעם פרייטיק איז ער אהיימגעקומען פריער פון וואַלד. באַקוקט דאָס געהילץ אויפן ברעג... האָט ער עמעצן דערזען!

— וועמען?

ר׳ פּיניע נעמט א שמעק טאַביק:

— אייער בת־יחידה...

שרה׳לע, וואָס איז געשטאַנען ביים בעט, וואַרפט זיך אַרויף אויפן געלעגער מיטן פּנים צו דער וואַנט.

— אַלע אַזוי, אַלע אַזוי! שמייכלט פּיניע.

— איז וואָס? פרעגט די אלמנה, כמעט פאַרציטערט.

— איז וואָס? איז גאָרנישט... שבת איז שבת... נאָך הבדלה, שיקט ער מיך רופן. „גיי, זאָגט ער, צו דער דיינטע און רעד א שידוך. איך

פּאַר, זאָגט ער, צוריק אין וואַלד אריין. (דאָס פּירל איז געשטאַנען פאַר דער טיר). און אַז איך וועל, אם ירצה השם, צוריק קומען, וועל איך אהינגיין מיט אַ מנין, מיט כּיבוד.

ר׳ פּיניע נעמט נאָך אַ שמעק טאַביק... די אַלמנה וואַרט מיט אַן אָפן מויל ביז ער ענדיקט:

—און שרייבן תּנאים, אם ירצה השם!

שׂרהלע גיט פּלוצלינג אַ האַרציק געשריי.

פאַלט צו׳ן איר די מוטער צו, האַלדזט זי און קושט זי איבערגעוואַלט:

— טאָכטערשי, אַזאַ מזל, אַזאַ שמאַלץ־גרוב...

מ׳זע׳מיר דאָך גאָר דעם חסד נישט ווערט... נייערט, דיין טאַטע האָט זיך געמיט...

שׂרהלע רייסט זיך אויס פון דער מוטערס אָרעם, שפּרינגט אויף פון בעט און לויפט אַרויס מיט אַ געוויין פון שׂטוב...

די אַלמנה בלייבט צעשראָקן. צעשמייכלט זיך אָבער באַלד. דער־מאָנט זיך: זי האָט אויך אַזוי געטון... אַלע מיידלעך שרעקן זיך אַזוי...

— אַלע אַזוי, אַלע אַזוי! ברומט אונטער ר׳ פּיניע, זאָגט „אַ גוּ־טע וואָך"! קושט די מזוזה און גייט אַרויס...

די אַלמנה בלייבט שטיין פאַרטראַכט. קוקט דורכן פענצטער, מיט גרויס דאַנק, צום הימל אַרויף און מורמלט אַלץ אין איינעם:

—אַ גאָט־זאַך! אַ גאָט־זאַך!

און עס וואָלט אפשר געווען אַ „גאָט־זאַך", ווען נישט דאָס פאַרטעך...

— — — — — — — — — — — — —

און — ווען נישט דער ברעג...

וואָרן גייט אונטער די זון, ווערט „שׂשון ושׂמחה" ביים ברעג.

די אַרבעט ווערט אַוועקגעלייגט. יעדער פּויער לייגט זיך אָן פון די געהילץ־שפּענער, פאַר זיין שטרויען ביידל, אַ פייערל. נעמט זיך פון ביידל זיין פענדל אַרויס און בראָט זיך אָפּ זיין פיש. עסט אָפּ, אַ שיינע נאַכט איז, „עין־יעקב" לערנט ער נישט... הייבט מען אָן זינגען... גע־פינט זיך שוין ביי איינעם אַ פייפערל, ביים צווייטן — אַ פידל, הייבט מען אָן שפּילן, נעמט מען אַ קאַפּ, מאַכט מען אַ טענצל... ווערט — הו־האַ!

גייען יונגעלייט און בחורים שפּאַצירן אַביסל אָדער באָדן זיך, שטעלן זיי זיך אָפּ, הערן זיך איין, קוקן זיך צו... אַמאָל מיידלעך אויך... קיין גוטס קומט פון אַזוינע זאַכן נישט אַרויס. אַ מיידל, אַז קיינער זעט

נישט, קומט אמאָל נענטער... דערזעט מען זי פון ברעג, מאכט זיך א פויערל א שפּאַס... אמאָל שלעפּט מען זי אין רעדל אריין... מאלע, וואָס עס מאכט זיך, רחמנא־ליצלן...

און אמאָל, מיט יאָרן צוריק, איידער אונדזער מעשה איז געשען, האָט זיך פאַרלאָפן אַ מ י א ו ס ע מעשה, גאָר אַ מיאוסע... און דווקא מיט אַ באַלעבאַטיש טעכטערל, אַ כלה־מיידל...

מען האָט אויף איר געמורמלט. געזען מחזקות מאכן ביים ברעג. מען האָט גערעדט און גערעדט, ביז עס איז אָנגעקומען צום פּאָטער און מוטער. גלייבט מען נישט, נאָר מען פּאַסט אויף. מען זיצט שוין פאַר־נאַכט אין דער היים; דער פאָטער דאַוונט אין דער היים מנחה־מעריב. איין טאָג — גאָרנישט, דעם צווייטן טאָג, — גאָרנישט... דעם דריטן אָבער, זי קען זיך, אפּנים, נישט איינהאַלטן, זי נעמט די שאַל.

— ווו אהין גייסטו?

זאָגט זי, צו'ן א חברטאָרן...

נעמט מען צו די שאַל:

— דו גייסט צום ברעג!

— זאָל זיין צום ברעג. וואָס איז אייער דאגה?

אַ וואָרט צו'ן אַ וואָרט, די בחורטע איז מודה: זי טאַנצט דאָרט, זי זינגט... זי האָט אַ פּויער אַ געליבטן, ער וועט מיט איר חתונה האָבן, זי וועט זיך שמדן...

נעמט מען די בחורטע און מען בינדט זי צו מיט אַ שטריק פון דער וועש אָרום אויבן צום בעט. נישט אַנדערש אַ דיבוק! כעלות, וועט מען זי פירן צום אַפּטער...

ביים ברעג דערווייל: ווו איז מלכה? (מלכה האָט זי געהייסן.) עס איז אָן איר אומעטיק. זי טאַנצט אַזוי שיין און זינגט, און אַז זי צעלאָזט די האָר איז — איי־איי!

שיקט מען געוואָר ווערן... לויפט טאַקע איר „קאָכאַנעק"!

קומט ער צוריק מיט אַ געוואַלט: ער איז ביים הייזל געווען, דורכן פענצטערל אריינגעקוקט... און דערציילט כהויה, ווי זיין „קאָכאַנאַ מאַל־קאַ" איז געבונדן. דאָס מויל מיט אַ שמאַטע פאַרשטופּט... און מען שלאָגט... שפּרינגט דער עולם אויף, ווי איין מענטש, לויפט מען ראַ־טעווען די „קאָכאַנאַ מאַלקאַ". לויפט מען דורך דעם מאַרק, ווערט אַ

מהומה, גוים באַפּאַלן! רוימט מען אָפּ פון די שטעלן, פאַרקלאַפּט מען די קלייטן, פאַרהאַמערט און פאַריגלט מען זיך אין די שטובן...

מען שטייט אויף אינדערפרי: מלכה — צוגענומען, די מוטער — אַ חולה מסוכן, דער פאָטער — איבערנאַכט גראָ געוואָרן...

זיפצן די אַלטע: גלות...

די יונגע אָבער שרייען: „הכזונה"...? און ווי ווייטער שטייט... נעמט מען זיך צוזאַמען אַ מחנה בחורים, כאַפּט מען שטעקנס און שטיינער און מען לויפט צום ברעג, אָפּשלאָגן די יידישע טאָכטער...

ווערט אַ מלחמה ביים ברעג. און יד־ישראל תקיפה, קנאת השם צבאות. טוען אָבער די פויערן צו וויסן אין פאָרשטאָט אַריין. קומט מען זיי צו הילף מיט ווידלעס, מיט כלבים... גבורי־ישראל האָבן געוועגדט דעם נאַקן... קוים מיטן לעבן אַרויס... מלכהס מוטער איז דעם טאָג געשטאָרבן... דער פאָטער האָט פאַרהאַמערט דאָס הייזל און איז אַוועק אין דער וועלט אַריין... און ערשט צום ווינטער־צו, אַז די פויערן האָבן פאַרלאָזט דעם ברעג און אַהיימגעגאַנגען יעדער אין זיין דאָרף אַריין, צו זיין פויערטע און זיינע ילדים...

ווייסט מען נישט, וואָס עס איז געשען: צי איז זי, איבער דער צייט, די פויערן נמאס געוואָרן, אָדער זיי האָבן מורא געהאַט, זי זאָל נישט מיטלויפן מיט זיי אין דאָרף אַריין, און האָבן זי אין טייך אַריינגעוואָרפן, אָדער אַ פאַרלאָזטע האָט זי זיך אַליין אַ מעשה אָנגעטון, — גענוג, פאַר ימים־נוראים האָבן זי די פישער אַרויסגעצויגן פון טייך אין אַ נעץ, — מיט אַ שטיין אויף אַ שטריק אַרום האַלדז, אין אָנגעלאָפּענע, איז צו דערקענען...

דעם גוף האָט מען באַהאַלטן אונטערן פּלויט; פון דער זינדיקער נשמה איז אַ דיבוק געוואָרן!

די ערשטע האָט זי סליחות־צייט דערזען אַן אַלטע גבאיטע. קוים מיטן לעבן אַנטלאָפן און אין עזרת־נשים כהויה פאַרציילט: געזען, פון בית־עלמין איז זי אָנגעקומען פון אונטערן פּלויט. גייט איבערן מאַרק, קומט צום פאָטערס הייזל צו, קלאַפּט אין טיר, וואַרט אַ ווייַלע. מען ענטפערט נישט, גייט זי צום פענצטערל צו, פּויקט אין די שויבן. מען ענטפערט נישט. הייבט זי אָן שרייען: טאַטע! מאַמע! און צעקראַצט זיך דאָס פּנים מיט די נעגל...

באַלד דערנאָך איז עמעץ אין שטעטל אַוועקגעפאַלן. שיקט מען דאָס

דינסט־מיידל אין דער אפטייק אריין נאָך צענים. קומט זי נישט צוריק. אינדערפרי געפינט מען זי נעבן הייזל אַ פאַרחלשטע. דערמונטערט מען זי, פאַרציילט זי:

געזען... אויגן ברענענדיקע, ווי די גלאָווניס, שווארצע האָר צע־פלאָטן איבער ווייסע תכריכים... און גראַבלט מיט די נעגל אין טיר. און קרעכצט: טאַטישי, מאַמישי! און גייט דערנאָך צום פענצטער, און קראַצט די שויבן — טאַטישי, מאַמישי!

דערנאָך האָבן זי שוין אַנדערע אויך געזען...

און נאָך אַנדערע, ביז מען האָט זיך צוגעוווינט צום דיבוק... און אָן אַ פאַרטוך גייט אין ראַביוו קיין אשה פאַר דער טיר נישט אַרויס, זאָל דער דיבוק קיין שליטא נישט האָבן. —

— — — — — — — — — — —

און אַז אַ זיווג איז קיין רעכטער זיווג נישט, מאַכט זיך אַזאַ מעשה:

איינמאָל פאַרנאַכט, שרהלע טראָגט אין שטוב אַריין די קיישלעך, די מוטער האָט זיך ביי'ן אַ קראָם פאַרהאַלטן, קלערט שרהלע דערווייל פייער צו מאַכן, נאָר איידער וואָס, איידער ווען, פאַלט אַריין די מוטער מיט אַ שמחה, מיט אַ גדולה:

— וועסט שוין מער, טאָכטערשי, קיין קיישלעך נישט טראָגן, צום ברעג נישט גיין.

שרהלע ווערט בלאַס:

— וואָס איז, מאַמישי?

— וואָס איז? דיין חתן איז געקומען פון וואַלד! געשיקט אָנזאָגן די בשורה. ר' פּיניע האָט מיך פאַר דער טיר געטראָפן... באַלד קומט ער, מיט מנין, מיט כיבוד, ווי ער האָט צוגעזאָגט....

גיט זיך שרהלע אַ וואָרף צום בעט מיט גרויס געוויין...

— וויין, טאָכטערשי, וויין, אַ גוט מזל בעט דיר אויס! דיין מזל וועט אויפשיינען, ווי די זון, און איך וועל נעבן דיר אויך אויפגעריכט ווערן...

— און הערסט, טאָכטערשי, ער ברענגט טאַקע כיבוד, אָבער פּטור בלא כלום וויל איך נישט! איך וועל אויך עפּעס געבן. האָב איך אַ פּאָר הערינג געבראָטן, וועל איך קוילען, און קאַרטאָפל אין די מונדירן וועל איך אָפּקאָכן...

פאַרגראָבט שרהלע איר פּנים אין קישן אַריין...

— ליג, ליג, טאָכטערשי... איך אין דיינע יאָרן האָב אויך געוויינט, אויך געמיינט, גאָט ווייסט וואָס, און געשראָקן זיך אויף וואָס די וועלט שטייט...

און זי נעמט זיך צו דער ארבעט, לייגט אַן אַ פייער, שטעלט צו די קארטאָפל... דאָס פייערל קנאַקט אַזוי לוסטיק, דאָס טעפל הייבט אָן זידן, מען דאַרף שוין זייערן, דערמאָנט זיך פּלוצלינג די אלמנה: זאַלץ! פאַר־געסן...

— טאָכטערשי, שרהשי, קרוין מיינע, טו אַ טובה דער מאַמען, לויף ארויס נאָך אביסל זאַלץ...

און זי פאַלט צו'ן איר צו, אַז יענע ענטפערט נישט. און בעט, און גלעט, און קושט, און איז גוזר בכיבוד אם.

— אַ'נישט, זייער דו די קארטאָפל, וועל איך לויפן נאָך זאַלץ...

הייבט זיך שרהלע אויף און גייט נאָך זאַלץ...

גייט אַוועק אַ מינוט, צוויי, דריי, די קארטאָפל שוין אָפּגעזייערט, זי קומט נישט צוריק. און די קראָם איז פאַרן הויז! לויפט די אלמנה צו דער טיר צו, קוקט אויפן הויף ארויס, מען זעט נישט שרהלען... רופט זי: שרהלע, שרהלע! קיינער ענטפערט נישט. דערשרעקט זי זיך, כאַפּט זי די שאַל און לויפט ארויס. דאָס האַרץ זאָגט איר, אַז עס איז, חס־ושלום, אַן אומגליק געשען...

און אַ מאַמעס האַרץ איז אַ שטיק נביא...

עס איז טאַקע אַן אומגליק געשען:

אין בעט ליגנדיק, האָט זי זיך, אַ פּנים, געוואָרפן, איז מער לויז געוואָרן און אויפגעבונדן זיך דאָס פאַרטעך. האָט זי עס, גייענדיק, אין הויף פארלוירן און נישט געפילט, און נישט אויפגעהויבן, און איז אַזוי ארויס פאַר דער הויז־טיר צו דער קראָם...

און אין מאַרק האָט זיך, ווייזט אויס, ארומגעדרייט דער דיבוק... געוואָלט אין עמעצן אריין, געזוכט אַן אשה אָן אַ פאַרטעך... און שרהלע איז פּונקט ארויס אָנעם פאַרטוך... און אַזוי ווי זי איז צוגעקומען צו דער קראָם, און אַזוי ווי זי האָט געעפנט דאָס מויל צו זאָגן: זאַלץ, האָט זי גאָר אַ געשריי געטון, ווי די ערלים ביים ברעג:

— הו־הא!

דער דיבוק איז איר אריין דורכן אָפענעם מויל!

און זי גיט זיך אַ ריס אראָפּ דאָס טיכל פון קאָפּ, צעשיטן זיך די

האָר איבערן האַלדז־און־נאַקן, און עס פלאַמען איר, ווי די שוואַרצע קוילן, די אויגן אויף. —

און גיט אַ שפּרינג אַרויס פון קראַם... און צעלאָזט זיך מיט אַ קול און זינגט אַן אויסגעלאַסן לידל פון ברעג, און אַ לאָז אַ טענצל איבערן מאַרק... און נאָך אַמאָל:

— הו־האַ!

און — אַ פייל פון בויגן צום ברעג...

אַז די מוטער איז אַרויסגעקומען, איז שוין דער מאַרק געווען ווי פאַרשטאַרט. נאָר די קרעמערן האָט איר קוים, מיט אַ פאַרשטאַרטן פינגער, געוויזן צום ברעג. —

— — — — — — — — — — — — —

זי וועלן שוין קיין גבורי ישראל נישט ראַטעווען... מען געדענקט יענע מלחמה... עס דרייען זיך נאָך אַרום אַלטע יידן, דער אָן אַן אויער, יענער מיט אַ האַלבער נאָז... און מען קרעכצט...

איז דאָך אָבער די אַלמנה אַ מאַמע, לויפט זי אַליין!

קומט זי, טרעפט זי די טאָכטער אין אַ מיט רעדל. מיט איין נאַקע־טער האַנט אַרום האַלדז, מיט דער צווייטער אַ יונג פויערל אַרומגעכאַפּט... זי טאַנצט מיט אים! דאָס פויערל פייפט, די פידל שפּילט, דאָס רעדל אַרום פּאַטשט צו מיט די הענט, טופּעט מיט די פיס...

אַ מאַמע איז אַ מאַמע, רייסט זי זיך אין רעדל אַריין:

— מענטשן, שרייט זי, מענטשן־רוצחים, מענטשן־גזלנים! זעט איר דען נישט, אַז עס איז אַ באַזעסענע, אַ דיבוק...

„אָפּענטאַנאַ" — שרייט זי אויף פּויליש...

פאַר דער מאַמען רוקט מען זיך אָפּ; פאַר איר קול דערשרעקט מען זיך. „דיבוק" מאַכט אַ רושם. דאָס פייפערל בלייבט שטיל, די פידל פאַר־שווייגט. און זי לויפט צו דער טאָכטער צו, רייסט זי אָפּ פון פויער, אים שטויסט זי אָפּ אָן אַ זייט.

און שרייט צום עולם:

— זעט, — שרייט זי — די אויגן אירע... די האָר די צעפלאָסענע זעט... דעם גאַנצן גוף, ווי ער טרייסלט זיך... אַ משוגעת, אַ דיבוק... מיט ווע מען טאַנצט איר? ווו זענען אייערע אויגן געווען?

— נאָך קיין האַלבע שעה נישט, קלאָגט זי, אַז דער דיבוק איז אין איר אַריין...

תנאים געזאָלט זיין — צעווײנט זי זיך, — צודריקנדיק די טאָכטער צום האַרץ — אַ שמאַלץ־גרוב... האָב איך זי נאָך זאַלץ געשיקט... אין מאַרק איז אין איר דער דיבוק אַריין, אפשר מלכהם דיבוק...

דאָס מאַכט נאָך מער רושם...

די פּויערן טראָגן זיך אָפּ אין די הייזלעך אַריין... די מוטער דריקט פעסטער די טאָכטער צום האַרץ:

— שרעק דיך נישט, טאָכטערשי, צאַפּל נישט אַזוי, מאָרגן טרייבט מען דיר, מיט זיין ליבן נאָמענס הילף, דעם דיבוק אַרויס...

און פירט זי, אַ האַלב טויטע, אַהיים...

---

דער אַפּטער, זכר צדיק לברכה, האָט צוזאַמענגנס זיין שטעקן דעם אַלטן ראַכיוועער רב צוגעשיקט און אָנגעזאָגט, ווי אַזוי אַרויסצוטרייבן דעם דיבוק...

און באַלד אינדערפרי האָט מען זיך גענומען דערצו.

מען האָט אין־שיל־אַריין געקלאַפּט, פול איז שוין די שיל, און ווייבער — אין עזרת־נשים פול...

און מען האָט אַ טהרה־ברעט געברענגט, אויפן שלחן פון בעלעמער געשטעלט, און שרהלען אויפן ברעט אַרויפגעלייגט, און מיט אַ שוואַרץ טוך באַדעקט.

און מיטן אַפּטער, זכרונו לברכהם, שטעקן איז באַלד דערנאָך דער אַלטער רב אויף די טרעפּלעך צום ארון־קודש אַרויף, מיטן פנים צום בעלעמער געשטעלט... און ער קוקט, און מורמלט וואָס מען דאַרף, און גיט פלוצלינג דריי מאָל מיטן שטעקן אין טרעפּל אַ קלאַפּ, און אַ געשריי:

— דיבוק אַרויס!

אויפן עולם פאַלט אַן אימה. דער דיבוק אָבער שווייגט:

רופט ער נאָך אַמאָל:

— דיבוק אַרויס... איך בין גוזר; דיבוק אַרויס!

דער עולם ציטערט, אין עזרת־נשים חלשט מען; דער דיבוק שווייגט.

אָבער צום דריטן מאָל, אַז דער אַלטער רב האָט דערמאָנט די פמליא של מעלה און געזאָגט, ער וועט אים לייגן אין חרם אַריין, און אַז דער אַפּטער וועט מסכים זיין, —

ערשט דעמאָלט האָט דער דיבוק אַ קרעכץ געטון פון אונטערן שוואַרצן טוך:

— כ׳קען נישט, רבי!

— פאַרוואָס?

— ווי אַרום, רבי, זאָל איך אַרויס? דורך דער טיר? שטייט דאָרט די בעל־הנס־פּושקע און דער נר־תמיד ברענט!

— דורכן פענצטער!

— אַלע שויבן זענען גאַנץ...

פּונקט האָט אַ גלעזער פאַר עטלעכע טעג אויף דער לאַטעריע גע־וווּנען און נייע שויבן אַריינגעשטעלט...

כאַפּט דער רב דעם שטעקן, וואַרפט אין פענצטער אַריין, אויף פּיצפּיצלעך האָט די שויב געפּלאַצט — — —

און דער דיבוק איז אַרויס...

נאָר אַז מען האָט דאָס שוואַרצע טוך אויפגעדעקט, איז שרהלע געלעגן — אַ טויטע...

---

# אויפן געלעגער



וויי חברים זענען זיי געווען, אין איין צימער געוווינט, יעדן אָוונט אויפן באַלקאָן פון צימער געזעסן, אין לבנה־שיין זיך און די נשמות געבאָדן, און פון שטילער זיסער פריינטשאַפט און איר סימבאָל די לבנה גערעדט. און מער מיט די אויגן ווי מיטן מויל. זיי האָבן נישט געדאַרפט רעדן. איין נשמה האָט ביי דער צווייטער דאָס שטילע נחת פון דער שטילער פריינטשאַפט פון אויג געזויגן.

איז אָבער געקומען דער טאָג פון בענקשאַפט...

אין יענעם אָוונט האָבן ביידע נשמות דערפילט, אַז לבנה־שיין און שטילע פריינטשאַפט איז נישט דאָס  ג א נ צ ע  לעבן. און עס האָט זיך זיי פאַרבענקט צום  ג א נ צ ן  לעבן.

ביידע האָבן עס דערפילט מיטאַמאָל. און יעדער פון זיי, — אַז דעם צווייטנס נשמה איז פאַר אים שוין נישט אָפן, נישט אַנטפּלעקט, נאָר ווי איינגעהילט אין עפּעס, ווי אין עפּעס פאַרשלייערט.

און דערפילט האָבן ביידע, אַז פון היינט אָן וועט שוין איינער דעם אַנדערן נישט געניגן, אַז אין האַרץ פון יעדן וועקט זיך עפּעס נ יי ע ס, עפּעס אַ ווונדערלעך פרעמדס, פון וועלכן עס וועט אויס־שפּראָצן ביי יעדן פאַר זיך אַליין דאָס לעבן אין זיין גאַנצקייט, און דער צווייטער וועט דערינען קיין חלק נישט האָבן.

און זיי האָבן, נישט וויסנדיק און נישט ווילנדיק, אָפּגעווענדט די קעפּ איינער פון צווייטן, דערנאָך האָט זיך איינער אויפגעהויבן און, נישט מעלדנדיק דעם צווייטן, ארויס — פון באַלקאָן, פון צימער, פון די טרעפּ אראָפּ, אין גאַס אראָפּ געצויגן. און באַלד האָט זיך אויפגעהויבן דער צווייטער, שטיל אין צימער אריינגעגאַנגען, אויפן געלעגער זיך אויס־געצויגן און די אויגן פאַרמאַכט...

דער וואָס איז אין גאַס אריין האָט זיך אומגעקוקט און פּלוצלינג אויסגערופן:

— לער, לער! עפּעס פעלט, עפּעס מוז מען באַקומען, עפּעס מוז מען דערגרייכן.

און ער האָט פּלוצלינג דערפילט, אַז לעבן איז נאָר אַ גאַנץ לעבן, און אַז ער קען קיין גאַנץ לעבן נישט האָבן, ווייל ער האָט נאָר אַ האַלבע נשמה. די צווייטע העלפט פעלט, זי מוז מען זוכן, געפינען, אַ גאַנץ לעבן צו באַקומען, און דאָס גליק פון גאַנצן לעבן...

און ער לויפט ראש איבער דער גאַס, און פון איין גאַס אין דער צווייטער; קוקט אַלעמען אין די אויגן אריין, זוכנדיק זיין צווייטע העלפט נשמה.

— — — — — — — — — — —

ערשט דעם צווייטן טאָג איז ער צוריק אַהיים געקומען... מיט אַ פרייד אין שטוב אַריינגעפאַלן:

— געפונען, געפונען!

דער חבר, וואָס איז נאָך אַלץ אויפן געלעגער געצויגן, פרעגט:

— וואָס?

— מיין צווייטע העלפט נשמה!

— ווי אַזוי?

דער אַריינגעקומענער זעצט זיך ביים חבר צוקאָפּנס: — זע, ווי איך שטראַל! איך פיל, מיינע אויגן גיסן ליכט...

און צו זיך קומענדיק:

— ווי אַזוי, פרעגסטו? איך האָב געזוכט... איך בין אַ מאַן, מוז, טראַכט איך, מיין צווייטע העלפט נשמה זיין ביי'ן אַ פרוי. גיי איך אין די גאַסן און זוך ביי פרויען.. פון פרויען־אויגן, טראַכט איך, מוז צו מיר אַרויסקוקן מיין צווייטע העלפט נשמה, נאָך וועלכער איך בענק. און טרעף איך די אויגן, וועל איך זיי דערקענען. יענע העלפט בענקט דאָך אויך נאָך מיינער... זי וועט אַ ציטער טון... בין איך געגאַנגען, געגאַנגען, געגאַנגען;

— און געטראָפן!

— אויגן זאָג איך דיר! אַך, אויגן! מיין צווייטע העלפט נשמה קוקט אַרויס, מיט אַזאַ האַרציקייט... זי האָט מיך באַמערקט; אונדזערע אויגן — זיך געטראָפן. זי האָט, ווי איך האָב פריער געוווּסט, אַ ציטער געטון; אויפן גאַנצן לייב אַ ציטער. זי האָט זיך דאָך באַהערשט, מיט געוואַלד פון מיינע דעם בליק אָפּגעריסן און ווייטער געגאַנגען. איך גיי איר נאָך. ווי אַ שאָטן גיי איך איר נאָך. פון גאַס צו גאַס. זי קלאַפּט אין אַ טויער... מען

עפנט. איך ציטער — דאָס הויז וועט מיר איינשלינגען מיין צווייטע העלפט נשמה. און אזוי איז געשען. נאָר פארן אריינגיין, האָט זי זיך אויף א סעקונדע צו מיר אומגעקערט, א בליק געוואָרפן, א גוטן, א הארציקן. מיין צווייטע העלפט לעבן האָט זיך מיט מיר געזעגנט, אויף איבער נאכט געזעגנט... אזוי האָב איך געפילט, אזוי האָב איך געמוזט פילן, און א גאנצע נאכט אויף און אָפּ פארן טויער געשפאנט, מיט מיין העלפט נשמה ביי דער צווייטער אויף דער וואך...

דער מאָרגן גרויט, דער מאָרגן בלייכט... דער טאָג וועקט זיך, — —

— זי האָט זיך באוויזן...

— געוויס! מיך מיט א לייכטער קאָפּ־באוועגונג באגריסט! מיט א קוים־קוים געררייטלט שמייכעלע ארום די זיסע ליפּן. איך בין צוגעגאנגען.

— גוט מאָרגן...

— גוט יאָר! דער שטילער ענטפער...

איך האָב זי באגלייט... דערנאָך דערלויבעניש באקומען, זי צו באַזוכן, אירע עלטערן ווערן באשטיין... היינט אָוונט גיי איך! ווינטש מיר גליק! איך האָב ליב, בין געליבט, מזל־טוב זאָג...

— נאַר! — ענטפערט דער צווייטער — דו האָסט קוים א כלה... איך, ליגנדיק דאָ, האָב מער דורכגעלעבט... א כלה געהאט, אונטער דער חופה געשטאנען... קינדער געהאט... דריי, פיר, פינף... דערנאָך קינדס־קינדער...

ביי דיין אריינקומען אַן אייניקל באגראָבן...

— — — — — — — — — — —

# אַ חלום פון אַ ליטווישן מלמד

## 1. דער ליטוואַק פּאָרט.



נעלט ביי'ן א רייכן ארענדאר אין דאָרף א מלמד. צוויי בנים האָט דער ארענדאר געהאט, זאָלן זיי כאָטש עברי קענען...

און אַמישנע גענומען אַ ליטווישן מלמד; גרויסע בריות אויף אויסלערנען עברי...

קיין גרויסע פּעולה זעט מען נאָך נישט. די בנים — ווילדע ברואים, אויסגעקאָכט מיט די שקצים, נישט אָפּצערייסן פון פערד, פון טייך, פון די לאדאָכים מיט סמעטענע און זויער־מילך... און דאָ גייט שוין צו פּסח, דער מלמד פּאָרט אהיים...

קיין גרויס נחת האָט דער ארענדאר דערפון נישט, ער וועט מוזן פאָרן עקסטרא אין א נאָענט שטעטל אריין און ברענגען אן אורח, אנישט איז ביי'ן אים דער סדר קריעת ים־סוף. שטעלט ער אליין אויס די מינים, מוז ער זיצן מיטן רוקן צום סדר...

עס איז אָבער קיין תירוץ נישט. פּסח, דער יום־טוב פון חירות, ער האָט אויך א ווייב און קינדער אין דער היים, — מוז ער פאָרן...

דער מלמד אליין רעדט נישט פון פאָרן, א פּארטראָגענער למדן! און אפשר שעמט ער זיך, מוז מען פאר א י ם געדענקען און מאכן אים א סיורפּריז.

און צו דער רעכטער צייט בעט מען אויס א פור מיט שטרוי. די ארענדארקע פּאקט אין שטרוי אריין מכל טוב; דער רביצין אויף יום־טוב. א פעסעלע קוואס, א פּאָר טעפּלעך שמאלץ, א לעבעדיקן אינדיק...

— יאנעק, זאָגט זי צום שמייסער, וואָס שפּאנט איין, וועסט זיצן מיט די פיס ארויס!

דאָבזשע! ענטפערט יאנעק; מיט דער ארענדארקע שפּארט מען זיך נישט. אַ יידענע אַ מזיק. פון אירם אַ בליק ווערט ניכטערן אַ שיכורער פויער, און דערלאנגט זי אין באק, גייט מען א וואָך ארומגעבונדן...

— שפּאַן און פאַרפאָר!

יאַנעק פאַרפאָרט. די ארענדארקע שטעלט זיך ביי דער טיר, זי וועט נאָכרופן: פאָרט לחיים ושלום! זי האָט אים נישט ליב, דעם ליטוואַק, דעם אויסגעדאַרטן למדן מיט די ברעמען איבער די אויגן און צעשויבערטע באָרד מיט פּאות, וואָס רעדט נישט מיט קיין אשה א וואָרט, אָבער כבוד התורה. א למדן מוז ער זיין; אַלע ליטוואַקעס זענען למדנים. און דער ארענדאַר גייט אין שטוב אריין צום מלמד, אָנזאָגן די בשורה.

טרעפט ער אים אליין איבער דער גמרא... די בנים זענען שוין ערגעץ אין דאָרף, אין קעלער, צי ביים טייך...

שטעלט זיך דער ארענדאר אָפּ אין טיר.

— רבי, געשפּאַנט...

ענטפערט ער נישט, דער ליטוואַק.

פאַרטייטשט ער אים:

— פאָר אייך... א פור, אהיים צו פאָרן אויף יום־טוב.

— איך פאָר נישט! ענטפערט אים יענער, נישט אָפּרייסנדיק קיין אויג פון דער גמרא...

— וואָס רעדט איר, רבי?

נבהל ונשתומם ווערט דער אַרענדאַר: ווי הייסט איר פאָרט נישט? איז דאָך יעדער ליטוואַק א כעסן, בפרט א תלמיד־חכם, בריט ער אים אָפּ מיט דיבורים:

— עם הארץ, בטול תורה!

לויפט ער אַרויס, דער אַרענדאַר, דערציילט דער פלוניתטע אזוי און אזוי...

„א ליטוואַק, פאַר א בלאַט גמרא איז ער געפּועלט, איך וויים וואָס”...

— און אפשר גלייכער, צונויפצוקומען, זאָגט ער, ביים סדר.

די ארענדארקע הייסט אויסשפּאַנען, אויספּאַקן... דרך ארץ פאַרן למדן האָט זי. אָבער דאָך אַן אשה, טוט איר דאָס הארץ וויי אויף יענער אשה, וואָס וועט מוזן גיין הערן קידוש צו'ן א פרעמדן סדר... און דער צער פון די קינדערלעך.

פאַרפאַלן! נאָר פאָרן, טראַכט זי, וועט ער שוין. אויב נישט שבועות, א צו קורצער יום־טוב, איז אויף סוכות. זי וועט אים אַרויסטרייבן מיט'ן א קאַטשערע!

וכך הוה.

פאר סוכות פאקט מען ווייטער אָן א וואָגן. יאנעק שפאנט איין, פארפאָרט מיטן קנאק, און ארייגגיין אָנזאָגן, גייט שוין די ארענדארקע.

איר זאָגט מען נישט אָפּ.

ער זיצט ווייטער ביי דער גמרא, און זי שטעלט זיך אין טיר און גיט א זאָג:

— רבי, איר פאָרט אהיים!

גיט ער א ציטער, נאָר רייסט זיך נישט אָפּ פון לערנען.

מאַכט זי א שפרייז אין שטוב אריין, פרעגנדיק:

— איר פאָרט צי ניין?

שטעלט ער זיך אויף, פארמאַכט די גמרא און גייט.

זי טרעט אים אָפּ פון וועג, און אז ער קומט צו דער טיר, רופט זי אים נאָך, שוין ווייכער:

— נעמט מיט די גמרא... שיין אין דרויסן, פוילישער יעשען... זיצט אייך אויף אויפן געזעס און לערנט.

שפרייזט ער צוריק, נעמט די גמרא, גייט ארויס צו דער פור, דער ארענדאר זעצט אים אויף.

יאנעק גיט א קנאק מיטן בייטשל, די פערד רירן, דער ארענדאר מיט דער ארענדארקע רופן נאָך:

— פאָרט לחיים ולשלום...

דער ליטוואק ענטפערט נישט... ער לערנט שוין...

און די פור ווערט נעלם אין וואלד.

## 2. אין וואלד, דער ליטוואק און די קרעטשמערקע.

איז טאקע תורה די בעסטע סחורה און די בעסטע שמירה... אָבער משנה מינהג זיין, נישט אהיימפאָרן אויף פסח צו ווייב און קינד, פאר־שטערן זיי אזא יום־טוב, איז נישט קיין קליינקייט...

פאָרט מען אזוי אין וואלד. אַן אלטער וואלד... ביימער ווי די ריזן, שטעקן פון דער ערד ארויס די קניען קאפויר. דאָס פירל ווארפט זיך איבער די נאקעטע ווורצלען. אין מערב לאָזט זיך אראָפּ א פלאַם! די שטאמען, ווי אונטער גרין־סאמעטענע חופות, פלאַמען אין גאָלד. אויף דער ערד

וואלגערן זיך ארום, ציטערן און פלאטערן ליכטיקע רעדלעך, ווי די זיל־בערנע מטבעות... הערט זיך א פויגל, א צווייטער... יאנעק פייפט א גוייש לידל... דער ליטוואק הערט נישט, אין דער סוגיא פארטיפט. נאָר אָט, דאָס פירל איז ארויף אויף א צווייג, שפרינגט אונטער, דער ליטוואק, גיט א קליינעם פלי אין דער הייך, און — דערזעט דעם וואלד. און דער־זעט א בוים, אן אלטן, א גאַלדענעם, פארגעסט ער אָן דער גמרא, וואָס גליטשט זיך אים פון שוים אראָפּ, און רופט אויס:

— מה נאה אילן זה!

און ער דערמאָנט זיך, וואָס די ארענדארקע האָט געזאָגט: „פּויל־שער יעשען!"

— א, דאָס איז — ציטערן אים די לעפצן — פּוילישער יעשען... א כישוף! א כישוף!

אינמיטן הערט ער:

— טפּרו—ו!

יאנעק שטעלט אָפּ די פערד.

פון די ביימער ארוים קומט א פּויערטע. אויך א פלאם — א רויטע ספּאָדניצע, א פארפלאמט פּנים, רויטע בענדער פלאטערן ארום קאָפּ...

ער קען קיין אויג נישט אָפּרייסן פון דער פלאם. און יאנעק, אפּנים, קען זי...

— וואָס גייט עס די קרעטשמערקע צופוס? וווּנדערט זיך יאנעק.

א ווונדערלעכע זאך, אין דאָרף — קיין וואָרט פּויליש נישט פאר־שטאנען... און אצינד פארשטייט ער. און עפּעס אן אנדער קול האָט ער, יאנעק... און זי ענטפערט, און ער פארשטייט! אין שטאָט געווען, זאָגט זי, איינגעקויפט... א ראָד צעבראָכן. דעם וואָגן מיטן שמייסער ביים קאָוואַל געלאָזט...

— זיצט אויף! פארבעט יאנעק.

וויל זי צו יאנעקן ארויף.

— ניין, ניין, — ווערט ער איר — פול אָנגעפּאקט מיט לאדאָכים... זי זעט דאָך, ער אליין זיצט מיט די פיס אין דרויסן... ביים ראבין זאָל זי זיך זעצן. א ראבין, אָבער נישט קשה, ער איז אויך א מבין, וואָס גוטס איז...

ער לאכט, זי לאָזט זיך צוויי מאָל נישט זאָגן, שפּרינגט צום ראבין אויפן געזעס ארויף, ווי א קאַץ... יאנעק גיט א פייף, די פערדלעך רירן. זי

כאַפּט אים אַרום און רוקט אים אָפּ, און מאַכט זיך פּלאַץ. עס וואַרפן אים היץ און קעלט... דאָס פּירל — וורצל אַראָפּ, וורצל אַרויף, און זי:

— וואָס ציטערסטו אַזוי, ראַבין?

ביי'ן אַ שטאַרקערן טרייסל גיט זי אויך אַ ציטער און כאַפּט אים אָן ביי'ן אַ האַנט.

רייסט ער אויס די האַנט, לאַכט זי:

— ע, נאַרישער ראַבין!

און עס וואַרפט. און קני קלאַפּט אָן קני. ער רוקט זיך ווי ווייט מעגלעך אָפּ; לאַכט זי נאָך קלינגענדיקער:

— נאַרישער, נאַרישער רבי... ווער זעט דאָ? ווער ווייסט? וואָס? האָסט אַ שענער ווייב אין דער היים? ווי הייסט זי? שפּרינצע? וויפל האָט זי דיר שוין אָנגעקינדלט, די שפּרינצע? אַ דאַרע, אַן אויסגעמאָגערטע מוז זי זיין... און אַ שלימעזאַלניצע, די שפּרינצע... פון די הענט פאַלט איר... און שעלטן שעלט זי...

— פון וואַנעט ווייסט זי, פון וואַנעט ווייסט זי? קרעכצט עס אין אים...

— און דו, זאָגט זי, ביסט נאָך אַ לייט... אַ פּאַרשוין... מען דאַרף דיך נאָר אויסגלייכן...

און זי נעמט, און גלייכט אים די אַקסל אויס, און הייבט דעם קאָפּ.

— אָט אַזוי, ווי אַ סאָסנע! זאָגט זי... נאָר די פּאות, די באָרד!

און זי שטעלט זיך אויף קעגן אים אין דער פור, פאַרגלעט אים די פּאות אונטער די אויערן, צעקעמט אים מיט די פינגער די באָרד...

— און אַ קוש ווילסטו?

אַ מערכה, וואָס מען איז אַרויס פון וואַלד, און תּיכּף האָט זיך באַוויזן די קרעטשמע...

— טפּרו—ו —

זי שפּרינגט אַראָפּ, אָן ליטוואַק — גלייך זי וואָלט פאַרגעסן...

—קום, יאַנעק, וועסט קריגן אַ קאָפּ!

יאַנעק שפּאַנט אָבער אויס די פערד. ער מוז פריער צום קאָוואַל, צוויי פּאָדקאָוועס אין וואַלד פאַרלוירן...

די קרעטשמערקע פאַרשווינדט, יאַנעק רייט אוועק. דער צעמישטער ליטוואַק כאַפּט זיך, דערמאָנט זיך אָן דער גמרא, וואָס האָט זיך אַראָפּגעגליטשט... ער הייבט זי אויף, קושט, עפנט אויף דער שוים...

— געלויבט איז ע ר , געלויבט איז ע ר . . . שטאמלט ער...
דער נסיון האָט זיך אָבער נאָך נישט געענדיקט.

די זון איז שוין איינגאנצן ארונטער אונטערן וואלד. די פענצטער פון קרעטשמע רייטלען זיך, פלאמען אויף. פון קרעטשמע ארויס הערט זיך א גערויש, געזאנג — פויערים טרינקען...

דאָס איז ער אָבער גובר, און פארטיפט זיך אין זיין סוגיא... הייבט אָבער אָן דער הימל טריפן. א ווארעם זומערדיק רעגנדל טריפט.. און די פויערטע, מיט די הענט ביי די לענדן, באווייזט זיך פאר דער טיר —

— עס רעגנט, ראבין, עס וועט דיר דורכנעצן דאָס הייליקע ספר...
ציטערט ער, און גלייך זי וואָלט עס באמערקט:

—נישט אין קרעטשמע אריין, זאָגט זי... נאָר איבער דער קרעטשמע, אין א באזונדער שטיבל אריין...

און דאָס רעגנדל שטארקט זיך.

און א שטיבל האָט זי „א שטילס, פאר סוחרים, פאר פריצים... דאָרט קומט נישט קיין קול פון קרעטשמע ארויף..." און „דער קאָוואל איז אוודאי נישט אין דער היים... סיי ווי סיי וועט עס דויערן ביז א שטיק אין דער נאַכט אריין"... „זיי קיין נאר נישט, ראבין!"

און דאָס ערגסטע פאר א ליטוואַק איז צו זיין א נאר... און פון רעגנדל איז שוין רעגן, די גמרא־בלעטער פיטש־נאַס... קריכט ער אראָפּ, ווייזט זי אים די טרעפּלעך צום שטיבל ארויף... גייט ער ארויף, קומט אריין: א טיש, א שטול, א בעט... און א ליכט אָנגעגרייט...

אוי, ווען ער האָט אזא שטוב צום לערנען...
עובר געווען אויף „לא תחמוד"!

און דערווייל כאַפּט אים א ווילד חשק צום ל ע ר נ ע ן אין דער שטוב. און ער זעצט זיך, און צינד אָן דאָס ליכט און עפנט די גמרא... און לערנט, א שעה, צוויי און מער, ביז דאָס ליכט גייט אויס, און ער לייגט זיך אויפן בעט, און שלאָפט איין...

איז א סברא, אז ער האָט נאָך פאר מידקייט פארגעסן קריאת שמע צו לייענען.

אינדערפרי רירט אים די פויערטע ביי די אקסל און וועקט אים אויף:
— יאנעקן מיט דער פור האָב איך, זאָגט זי, אהיימגעשיקט...
—וואָס? וואָס? שטאמלט ער אין שרעק.

דו וועסט דאָ, זאָגט זי, זיצן און לערנען... ס'וועט דיר קיינער נישט שטערן, א באַזונדער חדר... ס'וועט דיר גוט זיין, וועסט זען!

זיין שרעק וואַקסט.

לאַכט זי:

וואָס שרעקסטו זיך?

כ'וויל דיך נישט מאַנס זיין, חלילה... און אז מען וועט זינדיקן אַמאָל, האָסטו דאָך דעם זכות פון דיין הייליקער תורה... ס'וועט מכפר זיין...

און זי שמייכלט, און גלעט אים איבערן פנים:

און כשרס וועסטו עסן... מילכדיקס... ברויט — פון שטאָט... דו זיץ דיר און לערן... זיץ און לערן. קיינער וועט דאָ נישט אַרויפקומען, קיינער וועט נישט וויסן... נאָר דו און די תורה...

— די תאווה פון לםדן וואַקסט.

— אָבער סוכות, שטאַמלט ער, סוכות!

און א וואונדערלעכע זאַך... זי פאַרשטייט גאָר יידיש, און ענטפערט:

— וועסט דיר מאַכן א סוכה, א כשרע סוכה... כ'וועל דיר געבן ברעטער, ברענגען סכך פון וואַלד...

און ער איז געבליבן...

## 3. ביי דער קליפה צווישן די נעגל

געבליבן...

די קרעטשמערקע האָט געהאַלטן וואָרט, געגעבן נאָר מילעכדיקס און ברויט — יידיש ברויט פון שטאָט.

מכפר צו זיין די זינד, וואָס ער זיצט ביי'ן א ערלית, האָט ער א נדר געטון: אויף א מעת־לעת א שעה ווייניקער צו שלאָפן און א שעה מער צו לערנען. און וועט אויך האַלטן וואָרט.

פאַרטיפט אין לערנען, וואָלט ער אפשר גאָר אָן סוכות פאַרגעסן; זי אָבער דערמאָנט.

זי קומט אַרויף, שטעלט זיך אים קעגנאיבער, לייגט די רויטע נאַקעטע הענט פאַר אים אויפן טיש, מיט די פינגער ביז צו דער גמרא, און שמייכלט:

— איז דיר גוט, ראַבין?

— גוט, גוט... שטאַמלט ער.

— און פאַר ווילטאָג האָסטו פאַרגעסן, וואָס היינט איז?

— וואָס איז היינט?

— ערב סוכות. איך אָבער האָב נישט פאַרגעסן. אויפן הויף ליגן שוין ברעטער, אַמישנע אַ שטעלעכל צעגומען...

זי האָט שוין אַפילו געשיקט אין וואַלד אריין נאָך סכך...

— עפּעס גאָר אַ צוגעשיקטע זאַך, — טראַכט ער, — אַן ערלית, פאַרשטייט און רעדט יידיש, ווייסט וואָס סכך איז.

אָבער אַראָפּגיין גלוסט זיך אים נישט. ער קען די אויגן פון דער גמרא נישט אויפהייבן.

גוט... זאָל ער זיך לערנען. זי ווייסט, ווי מען מאַכט אַ סוכה, ווי מען באַדעקט מיט סכך. פאַרנאַכט וועט זי אים רופן צו „קידוש".

„קידוש" ווייסט זי אויך.

און צו „קידוש" האָט זי געלאָזט ברענגען פון שטאָט ראָזשינקע־ווײַן. זי ווייסט, ער וועט קיין נסך נישט טרינקען. און אויב דער ראַבין וויל, קען ער מאַכן קידוש איבער חלה. דאָס ווייסט זי אויך. און חלות האָט מען גע־ברענגט פון שטאָט, חלות ווייסע ווי שניי! זיין שפּרינצע באַקט נישט אַזוינע חלות.

— נאָר קיין פליייש, זאָל ער שוין מוחל זיין, וועט ער נישט האָבן...

— צי ווייסט זי פון „בשר שנתעלם מן העין אויך"?

— פאַר דאָס וועט זי דעקן אַ טיש! אַ טישטעך — אַ ווייס. ליכט — גרויסע, כשרע ליכט...

זי גייט אריבער צו דער צווייטער זייט טיש און לייגט אים די ווייסע האַנט אויף די אַקסל:

— דו וועסט דיר זיצן אין סוכה, עסן און טרינקען, און שלאָפן אין סוכה...

מען וועט אים אריינשטעלן אַ בעט... בעטגעוואַנד, אויך ווייס ווי שניי...

ער ציטערט אינגאַנצן —

— אָבער דו, מאַרטאַ (ער ווייסט שוין, ווי זי הייסט) דו, מאַרטאַ, בעט ער זיך, — זאָלסט אין סוכה אריין נישט קומען, עס פּאַסט נישט...

— איך ווייס, איך ווייס — שמייכלט זי — צום עסן נ י ש ט, צום בענטשן — נישט... כל־זמן די ליכט וועלן ברענען — אויך נישט...

און פֿארשווינדט...

ער בלייבט צעשראָקן און צעמישט... פֿארגעסט די גמרא און זיצט אין זיך אריין פֿארזונקען. און זיצט אזוי א שעה און צוויי. דערנאָך דער־הערט ער די האַק, וואָס ארבעט, צוזאמענשלאָגנדיק ברעטער אין הויף...

— א לייטער! רופט מארטע אין הויף —

זי וועט אוודאי לייגן דעם סכך. עמעץ פֿון קרעטשמע העלפֿט איר, אפֿנים. אויך א גוי...

וואָס פֿאר א סכך, וואָס פֿאר א סוכה וועט עס זיין? וועט ער דאָרט זאָגן די „אושפיזין”?

און ער גריבלט אזוי אין זיך, און גריבלט, ביז די זון גייט אונטער און מארטא רופט צו אים ארויף:

— ראבין מיינער, ראבין ליבער, שטעל דיך דאווענען. די זון לאָזט זיך אראָפּ... באלד וועלן זיך אין הימל שטערנדלעך באווייזן... אזא שיינע נאַכט, אז שטילע נאַכט...

אזאַ אשה צנועה, טראַכט ער, די ערלית.

געמוזט אמאָל זיין אין שטאָט, דינען ביי'ן א ייד, ווייסט די דינים, אפילו די דינים פֿון סוכה, און ווייסט, וואָס א ראבין — אַ ייד א למדן איז...

און ווי ערלעך זי האַלט אים... אויף זיין שפּרינצען געזאָגט... זי וועט זיך גאָר אפשר, אים צוליב, מגייר זיין...

און ער שטעלט זיך דאווענען...

## 4. הושענא־רבא ביינאַכט

און ער האָט מקיים געווען מצוות סוכה מיט אלע פּישטשעווקעס. געגעסן, געדאוונט, געלערנט אין סוכה, געשלאָפֿן...

הושענא־רבא ביינאַכט... נאָך וויעטשערע, ער זיצט און לערנט, דער קאָפּ וויגט זיך ווי אן אומרי אין דער ברייט... באמערקט ער פּלוצלינג, אז זיין קאָפּ ווארפט איבערן באַלייכטן טיש קיין שאָטן נישט.

דערשרעקט ער זיך, הייבט זיך אויף, גייט איבער דער סוכה. אויף און אָפּ, איבער דער לענג, איבער דער ברייט, — דער גאנצער גוף האָט קיין שאָטן נישט.

גיט עס אים אַ כאַפּ ביים הארץ, ווי מיט אַ צוואנג, אין די שלייפן

קלאַפּן העמערלעך. ער לויפט ארויס אויפן הויף — אין אויסגעשטערנטע לבנה־נאַכט... די קרעטשמע וואַרפט איר שאָטן איבערן הויף...

אָנגעשפּאַרט ביים דאַך שטייט א לייטער, די לייטער האָט איר שאָטן. און זי קוקט צו אים אַראָפּ מיט רויטע אויגן. און —

— מיא—ו, מיא—ו!

זי לאַכט עס אויס אים:

— איך בין נאָר א קאַץ און האָב מיין שאָטן, און דו, ליטוואַק־למדן, האָסט קיין שאָטן נישט!

דרייט ער זיך אָפּ, ער קען אירע רויטע אויגן נישט אויסהאַלטן. קומט פון ביידל ארויס „בריטאַן"... אויף דער גאַנצער לענג פון דער קייט אין הויף אריין קומט ער, און

— וואַר, וואַר!

צו דער קאַץ? ניין, אויף אים וואַרקעט ער, דער הונט.

— איך בין א הונט און האָב מיין שאָטן... מיין קייט האָט איר שאָטן. און מאַך איך מיטן עק, האָט דער עק זיין שאָטן און וואַרפט זיך גלייך מיט אים. ווו האָסטו דיין שאָטן אהינגעטון, ליטוואַק? חייב מיתה ביסטו געוואָרן, וועסט דאָס יאָר נישט אויסלעבן! וואַר — וואַר! ניין!

ער מוז זיין לעבן ראַטעווען! ער מוז אוועק פון קרעטשמע... צום ארענדאַר, אהיים... ער מוז אוועק פון דער ערלית צו זיין שפּרינצע, צו זיין אשת חיל די צנועה, צו דער מאַמען פון זיינע קינדער...

אָבער ווי אזוי באַפרייט מען זיך?

עס איז דאָך א כישוף, די ערלית... די מאַרטע... ער מוז זי נישט אנדערש נאָר דערהאַרגענען... כל־זמן זי לעבט, פּילט ער, כל־זמן זי האָט אָפענע אויגן, כל־זמן זי קוקט אויף אים מיט אירע אויגאַנעס, וועט ער זיך פון דער קליפּה נישט באַפרייען — טייטן מוז ער זי...

און אינעם אויפגעקאָכטן האַרץ שרייט עס:

— טייטן, טייטן!

דערנאָך וועט ער תשובה טון... ער וועט באַדיי צו'ן א רבין פאָרן (ביים גאַנצן לעבן אויף גוטע יידן חוכא וטלולא געמאַכט), א תשובה ארויסנעמען... תעניתים, גלגול שלג, וואָס עס קען נאָר זיין פאַר יסורים...

און אפשר וואָלט גאָר קיין בלוט נישט געגאַנגען... ביים ערשטן קלאַפּ וואָלט די קליפּה צערינען געוואָרן, ווי א רויך זיך צעלאָזט...

אלץ איינס. ער מוז טון זיינס...

אין סוכה, דערמאַנט ער זיך, וואלגערט זיך ארום אין ווינקל די האַק, מיט וועלכער מען האָט צוזאמענגעשלאָגן די ברעטער...

און ער לויפט נאָך דער האַק. —

## 5. דער ליטוואַק פאַרט אהיים און טוט א נדר.

דאָס ליכט אין סוכה האָט זיך שוין אויסגעברענט; ער טאַפּט, געפינט די האַק אין דער פינצטער, נעמט זי און שטעלט זיך אין סוכה ביי דער טיר...

ער וועט זי אָפּוואַרטן, זי וועט דאָך קומען...

ביים ערשטן אריינבייגן דעם קאָפּ, וועט ער איר מיט דער האַק דערלאַנגען...

ווארט ער זי אָפּ א שעה און צוויי, מארטא קומט נישט... שטיל, מען הערט קיין טריט.

די מכשפה האָט זיך אפשר אָנגעשטויסן. אפשר האָט זי אים געזען פון פענצטער פון איר גרויסער שטוב אין דער הייך אין הויף, און פאַרשטאַנען נאָך וואָס ער לויפט.

מאַכט נישט אויס, ער גייט מיט דער האַק צו איר.

קומט ער צום פראָנט פון קרעטשמע, — זי איז פינצטער, די פענצטער פון אינעווייניק פארלאָדנט, די טיר פארמאכט. רופן קען ער נישט, פארשנירט דער האלדז. קלאַפּט ער פריער מיט דער האנט, דערנאָך מיט דער האַק. קיינער ענטפערט נישט. הייבט ער דעם קאָפּ אויף צום פענצטער פון מארטאס גרויסער שטוב אין דער הייך — דאָרט לייכט זיך, דאָרט לייכט זיך שטארק. די שייבלעך פלאַמען. א שמחה מוז דאָרט זיין, א גערויש הערט זיך, א פריילעכס. א הארמאָניקע רופט זיך אָן, א פייפערל ציט מיט...

— לחיים! — רופט מען — אויף גוייש. אויפן ליטווישן מלמדס פאַהיבעל!

— פארפאַלן, שוין דעם שאָטן פארלוירן! לאַכט מען.

זי — אויך...

ווייסט ער שוין, אין וועמעס הענט ער איז אריינגעפאַלן. און אנדערער, — אנטלויף, ווי פאר א פייער. איז ער דאָך אָבער א קפדן — א

ליטוואַק, צעפּלאָקערט זיך אינ'ם נאָך מער די רציחה. ער מוז אַרויף צו איר. ער מוז זיך נוקם זיין, טויט שלאָגן.

געדענקט ער דאָך, אַז אויף יענער זייט הויז שטייט, אָן דאַך אָנגע־שפּאַרט אַ לייטער, לויפט ער נאָך איר, ברענגט זי. שטעלט זי אויף, שפּאַרט אָן אָן פענצטער און קריכט, מיט דער האַק אין דער האַנט, אַרויף!

פּלוצלינג — טראַך!

אַ שטאַפּל ברעכט זיך אונטער, ער פאַלט אַראָפּ, אַראָפּ. פאַלט לאַנג, ווי אין אַ תהום, אין אַ גיהנום אַריין. און פאַלט מיטן קאָפּ אויף עפּעס האַרטס און כאַפּט זיך אויף...

ער איז אין וואַלד... איינגעשלאָפן, און פון דער פור אַראָפּגעפאַלן...

— יאַנעק! יאַנעק! שרייט ער נאָך דער פור —

קוים יאַנעק האָט דערהערט און זיך אָפּגעשטעלט, דערזען, ווער עס רופט...

אָבער אויפהייבן אַליין קען ער זיך נישט. מיטן קאָפּ אויף אַ וואָרצל פון אַ בוים געטראָפן, בלוט טריפט...

נישט געפערלעך. יאַנעק האָט אַראָפּגעכאַפּט אַ שמאַטקעלע פון אַ לאַדאָך מיט זויער־מילך, און אַרומגעבונדן, און אויפגעהויבן, און אויף דער פור צוריק אַרויפגעזעצט...

מען פאָרט ווייטער און פאָרנדיק, טוט דער ליטווישער מלמד אַ נדר:

— נישט משנה מינהג זיין! ווו ער זאָל נישט קנעלן, אויף פּסח, אם־ירצה השם, פאָרט ער אַהיים... צו זיין שפּרינצע, צו זיינע קינדערלעך.

וואָרט וועט ער האַלטן, דער ליטוואַק!

# נאָך קבורה

פּערזאָנען: די אלמנה
צוויי מומעס.

די סצענע: רעכטס און לינקס — טירן. אין הינטער־גרונט — צוויי פענצטער הינטער פאָרהאַנגען. אויף דער וואַנט אַן איבערגעקערטער שפּיגל. אויף א פענצטער־לייסט — אַ נשמה־לעמפּל; דעריבער אַ שטיקל לייוונט. אין מיט שטוב — אַ הענגלייכטער מיט אַריינגעשטעקטע קאַלירטע ליכט. צווישן די פענצטער — אַ קיך־בענקל, דערויף: אַ שטיקל בייגל, אייער־שאָלן, אַ נישט־דערעסן איי; רעשטלעך פון אַ סעודת־הבראה. געבעט מעבל אין אומאָרדענונג.

פאַרנאַכט. שפּעטער באַווייזט זיך די לבנה אין פענצטער.

---

די אלמנה, זיצט אויפן בענקעלע פארשטיינערט און פארגעסן.
די מומעס, ביים טיש קוקן אויף איר מיט מיטליידיקער שרעק.

ערשטע מומע: האָט נאָך קיין טרער נישט געלאָזט...
צווייטע מומע: זי קוקט — וואָס זעט זי?
(פּויזע)

ערשטע מומע: (עטוואָס האָפענונג) ס׳פּנים, דאכט זיך, גייט איר אָפּ...

די אלמנה: (ליבלעך) מומע, וואָס האָסטו געטון אויפן בית־עלמין?...

ערשטע מומע: גאָרנישט...

די אלמנה: (מיט אַ פאַרגליווערטן שמייכל) בלימעלעך גע־דיסן?

ע ר ש ט ע מ ו מ ע: (צו דער צווייטער): דאָס האָט זי געטון... אינמיטן קריעה־שניידן אַראָפּגעבויגן זיך...

ד י א ל מ נ ה (צו דער צווייטער): און דו, מומע? (פאַרגעסט זיך).

(פּויזע).

ע ר ש ט ע מ ו מ ע: צוריק פאַרשטיינערט.

(פּויזע).

צ ו ויי ט ע מ ו מ ע: וואָלט זי אַ טאַטן געהאַט...

ע ר ש ט ע מ ו מ ע: אַ מאַמען!... אַ מאַמע ווייסט שטענדיק, וואָס צו טון...

צ ו ויי ט ע מ ו מ ע: אָדער אַ קינד.

ע ר שט ע מ ו מ ע: ס'וואָלט געוויינט...

צ ו ויי ט ע מ ו מ ע: אַ קליינס. וואָלט ער געצופּט ביי דער ברוסט...

(פּויזע).

ע ר ש ט ע מ ו מ ע: אַרויסגייענדיק פון טויער, האָט זי געפרעגט: „ווו איז מיין מאַן?"...

צ ו ויי ט ע מ ו מ ע: דאָס זעלבע אַריינקומענדיק אין שטוב... „נאָך נישטאָ?"

(פּויזע).

ע ר ש ט ע מ ו מ ע: כ'מוז גיין אהיים! די קינדער וועלן קומען פון חדר... כאָטש אַביסל קאַרטאָפל...

צ ו ויי ט ע מ ו מ ע: מיינער איז ערשט געקומען פון וועג. ר'וועט שעלטן.

ער ש ט ע מ ו מ ע: מען דאַרף זי ליגן שלאָפן...

(ווילן צוגיין).

ד י א ל מ נ ה: מיידלווייז האָב איך געקאָנט טאַנצן...

ד י מ ו מ ע ס: (שפּרינגען אָפּ פאַר שרעק).

ד י א ל מ נ ה: (מער צו זיך) און פייפן אויך... (צו די מומעס מיט אַ שעלמישן שמייכל) קיינער נישט געוווסט... ער — אויך נישט...

ד י מ ו מ ע ס: (נענטער קומענדיק): גאָט איז מיט דיר!

ד י א ל מ נ ה: גאָט? — מיט מיר?

(די מומעס שטעלן זיך אָפּ דערשראָקן)

ע ר ש ט ע  מ ו מ ע:  מען דאַרף זי לייגן שלאָפן...

צ ו ו יי ט ע  מ ו מ ע:  (צוגייענדיק) קום, קום שלאָפן...

ע ר ש ט ע  מ ו מ ע:  קום, כ'וועל מיט דיר לייענען קריעת־שמע...

צ ו ו יי ט ע  מ ו מ ע:  (לייענט איר) „המפיל" — (די אלמנה זאָגט נישט נאָך).

ע ר ש ט ע  מ ו מ ע:  כ'וועל דיך אויסטון...

צ ו ו יי ט ע  מ ו מ ע:  (וויל עס טון).

ד י  א ל מ נ ה:  (שפּרינגט אָף) ניין... ניין... כ'מוז ביי אים ז י צ ן... כ'מוז ביי אים  ז י צ ן  (אָפּגייענדיק רעכטס) כ'וועל קיין פרעמדן נישט צולאָזן... איך אליין... איך אליין... (אויף דער שוועל שוין באַרימעריש) ביי מיר נעמט ער אליין... איך שלעפ'ם איין... כ'זינג אים לידעלעך (אָפּ).

ד י  מ ו מ ע ס:  גייען נאָך; קומען צוריק נאָך אַ ווײַלע, שטעלן זיך אויף דער שוועל, איינע קעגן דער אַנדערער).

ע ר ש ט ע  מ ו מ ע:  ווי געשווינד זי איז איינגעשלאָפן...

צ ו ו יי ט ע  מ ו מ ע:  מיט אָפענע אויגן!

ע ר ש ט ע  מ ו מ ע:  שנאָרכט!

צ ו ו יי ט ע  מ ו מ ע:  עפּעס צו געשווינד... זי נאַרט! —

ע ר ש ט ע  מ ו מ ע:  נאָך וואָס?

צ ו ו יי ט ע  מ ו מ ע:  כ'ווייס? (פּויזע) און אפשר האָט זי פאַר־געסן... (זיפצט אָפּ) קום!

ד י  מ ו מ ע ס  גייען און שטעלן זיך אָפּ אין מיטן שטוב.

ע ר ש ט ע  מ ו מ ע:  זי קאָן זיך אויפכאַפּן, אריינקומען אהער און פּלוצלינג דערזען (קוקנדיק אויפן קאַנאַניקל) אויסלעשן?

צ ו ו יי ט ע  מ ו מ ע:  מען טאָר נישט... פאַרשטעלן! (רוקט עס אָפּ צום פענצטער־ווינקל, הינטער דעם פאַרהאַנג. עס שימערט קוים).

ע ר ש ט ע  מ ו מ ע:  ס'שטיקל לייוונט? (רוקט עס אויך איבער).

צ ו ו יי ט ע  מ ו מ ע:  דער שפּיגל?

ע ר ש ט ע  מ ו מ ע:  ס'איז פינצטער, זי וועט אפשר נישט זען... אומדרייען טאָר מען נישט... קום... נאָך ס'בענקל... (רוקט עס צו אַ פענצ־טער צו, פאַרלייגט מיט אַן עק פאַרהאַנג).

צ ו ו יי ט ע  מ ו מ ע:  און דאָס פּוסן־בענקל (רוקט עס צו צום

צווייטן פענצטער צו, פארשטעלט עס מיטן צווייטן עק פֿאָרהאַנג. פּויזע)
אַז זי האָט קיינעם נישט אין שטוב...

ע ר ש ט ע מ ו מ ע: צוויי איינזאַמע מענטשן געווען...

צ ו ו יי ט ע מ ו מ ע: מיר וועלן דאָך באַלד צוריקקומען...

(זיי גייען צו דער טיר לינקס).

ד י א ל מ נ ה: באַווייזט זיך אויף דער שוועל, זעט די מומעס פון הינטן, שמייכלט שעלמיש, ציט זיך ראָש צוריק).

ע ר ש ט ע מ ו מ ע: וועלן מיר פארשליסן פון דער צווייטער זייט...

צ ו ו יי ט ע מ ו מ ע: פון דער צווייטער זייט...

ד י מ ו מ ע ס: (אָפּ. די טיר ווערט פון דער צווייטער זייט פאַרשלאָסן).

ד י א ל מ נ ה: (באַווייזט זיך מיטן פריערדיקן שמייכל אויף דער שוועל. קוקט זיך אום): אָפּגענאַרט! (גייט איבער דער שטוב, טרעט אויף אַן אייער־שאָל, עס קנאַקט. זי דערשרעקט זיך, בלייבט שטיין, קוקט זיך אומרואיק אום — דער בליק פאַרהאַלט זיך ביי דער לבנה אין פענצ־טער) די לבנה שיינט!... (קוקט ארויס).

די גאַס שלאָפט (דרייט זיך איבער צו דער שטוב זייער ליבלעך). קום, חתן מיינער, ש פּ א צ י ר ן... (גלייך די נעמט עמעצן אונטערן אָרעם. שפּאַצירט) נאָר זאָלסט מיך נישט קושן... הערסט, האָסט צייט!... (בייגט צו דעם קאָפּ) די האָר מעגסטו... זיי שמעקן? — איך שמיר זיי מיט גאָר נישט... דאָס שמעקט מיין נשמה... אַזוי זאָגסטו? יאָ? — וואָס רעדסטו היינט אַזוי ווייניק? דיינע ליפּן רירן זיך, און איך הער קיין קלאַנג... (שטעלט זיך אָפּ) וואָס קוקסטו עפּעס אַוועק אָן אַ זייט?... (פּויזע, אומרואיק) עפּעס פיל איך נישט דיין האַנט... דיך אויך נישט... (דער־שראָקן) ווו ביסטו? — אַ! (שמייכלט) ערב־שבת! געגאַנגען דאַווענען...

(באַטראַכט זיך) און איך בין נאָך נישט אָנגעטון! (וויל צוגיין צו דער באַנק, בלייבט אַ ווילע שטיין, שמייכלט) ער וועט באַלד קומען און זאָגן (מאַכט נאָך) „גוט־שבת"... אַזוי האַלב־זינגענדיק: „גוט־שבת"... און שטעלט אויס דאָס מויל צום קושן) דערנאָך אויף און אָפּ: „שלום־עליכם" (זינגט מיט אַ מענער־שטים, האַקט אָפּ אין דער מיט) ווי... נאָך נישט קיין ליכט געבענטשט... (נעמט פון שאַנק אַרויס ליכט און לייכטער — בענטשט זייער לאַנגזאַם ליכט, צעלאַכט זיך אין מיטן) כ'זע דיך דורך

די פינגער (ענדיקט ראש) — שוין צוריקגעקומען... גיי נישט צו, גיי נישט... „שלום עליכם” זינג, כ'וועל מיך איבערטון... לכבוד שבת... קוק נישט... נאשער, קוק נישט... זינג! (זינגט „שלום־עליכם", גייט צו צו דער שאַנק, עפנט די שאַנק־טיר צום צושויער, בלייבט פארשטעלט ביי דער שאַנק, זאָגט אָן ווערטער, און אָפּט איבערגעהאַקט) פאַרוואָס זינגסטו נישט? הערסט נישט, ווי איך זינג? (באַווייזט זיך איבערגעטון אין ווייסן) פאַר־וואָס זינגסטו נישט? — ביסט ברוגז? פאַרוואָס? (וויל זיך דערמאָנען. הייבט העכער די ברעמען, באַמערקט דעם הענגלייכטער; גלייך זי האָט פלוצלינג פארשטאַנען) אַ! יום־טוב און נישט אָנגעצונדן דעם הענגלייכ־טער! ווילסט מער ליכט!

כ'קען דיך, ווילסט דיך באָדן אין ליכט — יום־טוב... גוט, גוט... א מערכה — יום־טוב, נישט שבת... וואַרט, כ'וועל אָנצינדן... און מיט־אמאָל מיט צוויי ליכט (נעמט זיי פון טיש) רוק מיר אונטער א שטול! ווילסט נישט? — פאַרוואָס? ביסט נאָך בייז? שלעכטער (מיט טרערן) שלעכטער... נאָר ס'שאַדט נישט! כ'קאָן אַליין (צוזוקנדיק זיך א שטול מיט די פיס, אַרויפשפרינגענדיק און אָנצינדנדיק) וואַרט, וואַרט — שפּע־טער... נאָכן עסן... וועל איך ברוגז ווערן... א י ך (גייט אַראָפּ) ניין, ניין?... כ'שפּאַס נאָר... ביסט, נעבעך, אַ שוואַכער... (שטעלט צוריק די ליכט) נו, קום עסן... זעץ דיך... אַזוי... איך קום באַלד מיטן עסן (גייט אָפּ רעכטס, ברענגט אַריין געשיר, שטעלט צום טיש, זעצט זיך גלייך עמעץ זיצט איר קעגנאיבער) עס, לעבן מיינס, עס געזונטערהייט... פיש מיט ראָזשינקעס, ווי דו האָסט ליב... עסט נישט? די אויגן פאַלן דיר צו?... אַי... מיר פאַרשטייען זיך דערויף! וואַרט, כ'וועל דיך שוין וועקן (גייט ראַש אָפּ רעכטס. קומט צוריק באָרוועס, איינגעהילט אין אַ ווייס ליילעך, איבער־שרעקנדיק) בו — בו — בו! — ווו ביסטו? האָסט זיך באַהאַלטן? וואָס אים ליגט אין זינען! כ'וועל דיך געפינען, כ'וועל דיך געפינען, (זוכט אים אַרום אונטער שטולן, אונטערן טיש, אין שאַנק, בלייבט שוין מיד) גענוג שוין... כ'בין מיד... אַזוי פיל נעכט נישט געשלאָפן! קום שוין... קום שוין... נאַ! (שטעלט אויס די ליפּן צום קישן) נאַ! (דערלאַנגט אים אין דער לופט אַריין די צעפּ) כ'וועל דיך אַרומוויקלען... נו שוין... אַ! פון אונטערן אויוון אהער געקומען... כאַ־כאַ־כאַ! שטעקט אינמיטן לאכן) ווו גייסטו? ווו גייסטו? עפּעס ווערסטו מיר אַלץ דינער און דינער (נאָכגייענדיק) צום פענצטער?... צום פענצטער? ווילסט אַרויס פון פענצטער? (צולויפנדיק)

כ'וויל נישט! כ'האָב מורא! (שטרעקט אויס די האַנט, ווי צום אָנכאַפּן ביי אַ פּאָלע, שטרויכלט איבערן קיך־בענקל, באַטאַפּט עס, רוקט אָפּ דער־פון דעם פּאָרהאַנג. דערזעט די רעשטלעך פון סעודת־הבראה, אויסגעשריי) אָ! (שפּרינגט אָפּ ביז צו דער טיר לינקס, פּאַלט, פאַרגעסט זיך, שפּאַרט זיך אָן אָן בענקל; הינטער די קוליסן שטילע ציטער).

ס'גערטל שלאָפט איין... שלאָפט איין... טס... טס... (הינטער די קו־ליסן: פייגל־צוויטשער, וואָס ווערט אַלע מאָל שטילער און זעלטענער).

די פייגעלעך, שטיל זינגענדיק, שלאָפן איין, שלאָפן איין... טס, טס! (נאָך שטילערע מוזיק).

ס'קליינע וואסער, צווישן די ביימעלעך, שלאָפט איין, שלאָפט איין...
און עס גלאנצט, און עס ציטערט אזוי שטיל, אזוי שטיל...

א, דער וואסער־שוואן שווימט איבערן גלאנץ, איבערן וואסער־שפּיגל, שווימט אזוי שטיל...

(עס פּלאצט א סטרונע, פּאָרהאַנג).

# ער און זי

## (פאַרשפּיל)

(אַ גערטל, אין הינטערגרונד אַ זומער־ווינונג, די לבנה באַפרייט זיך פון אונטער אַ וואָלקן, אַ בלאַסער זיל־בערנער שיין לייגט זיך איבער דער סטעזשע).

ע ר: די בלומען האָבן דיך דערשפּירט, און גריסן דיך מיט ווילגערוך...

ז י (איראָניש): אַ...

ע ר: און די לבנה... זי שווימט ארויס פון אונטערן לייכטן וואָלקן — זי שווימט דיר אַקעגן...

ז י. די לבנה איז אַ נאַר, האָט נאָך היינע געזאָגט...

ע ר: און יעדער נאַר האָט דאָך זיין שכל, און ווייסט, וואָס שיין און גוט איז. ווי אירע שטראַלן ציטערן איבער דיין צאַרט געזיכט, שמייכלען ארום דיינע פיינע ליפּן...

ז י: ביסט אַ דיכטער געוואָרן!

ע ר: דאָס וועט יעדערער ביי דיר ווערן. און עס איז קיין דיכטונג — איך האָב דיך ליב...

ז י (מיט אַ האַנט־באַוועגונג צום הויז): גיי, זאָג דער מאַמען מיינער; זי וועט זיך פרייען דערמיט. גאַנצע נעכט שלאָפט זי נישט; איך וואַקס איר אין גראָען צאָפּ אריין... שטייסט נאָך?

ע ר: איך האָב מיך אָן אַ מעשהלע דערמאָנט!

ז י: אויב עס געהער צו דער זאַך, דערצייל...

ע ר: עס איז אין גן־עדן געווען —

ז י: אַן אַלטע געשיכטע —

ע ר: „און בלייבט אימער ניי", זאָגט היינע... און עס איז געווען נאָך איידער מען האָט אדם וחוה — די ערשטע מענטשלעכע פּאָר — פון

גן־עדן פארטריבן און די כרובים מיט די שארפע שווערדן ביים טויער געשטעלט...

ז י: זיי האָבן פון אפּל נישט געגעסן און נישט געוווסט וואָס גוט און שלעכט איז?

ע ר: געגעסן —

ז י: און נאָך נישט פארטריבן?

ע ר (שמייכלענדיק) עס גייט עבן דער פראָצעס — און אדם, נישט וויסנדיק פון קיין בייז, שפּאַצירט רואיק ארום אין די אַלעען פון גן־עדן און דערזעט א שיינעם אפּל אויף א בוים —

ז י: ווייטער אן אפּל!

ע ר: און אויך א שיינער, א פארגלוסטונג פאר די אויגן, ווי די ביבל וואָלט געזאָגט; צארט געראָיטלט, ווי דער פרישער מאָרגן...

ז י: געפעלט ער אים?

ע ר: געוויס. ער באקומט א פול מויל מיט וואסער און עפּעס א מין צוויקן אין דער געגנט פון הארץ —

ז י: האָט ער'ן אָפּגעריסן?

ע ר: אין גן־עדן רייסט מען נישט. ער האָט געבעטן! ער האָט זיך אָפּגעשטעלט ביים בוים, פיין געגריסט און געבעטן: בוים, גוטער בוים, שענק מיר דיין אפּל, איך וויל אים עסן!

ז י: און דער בוים האָט אָפּגעזאָגט.

ע ר: ניין! ער האָט נאָר א באַדינג געשטעלט: אדם, גוטער אדם, האָט געענטפערט דער בוים, דו קענסט דעם אפּל האָבן, נאָר מיט מיר צוזאמען. דו קענסט אים עסן, נאָר מיר אויך צוזאמען, מיך אינגאנצן... דעם אפּל, די בלעטער, די צווייגן, דעם שטאַם, זאָגאר די וואָרצלען אונטער דער ערד און מיטן שטויב אויף די וואָרצלען!

ז י: כא־כא־כא!

ע ר: אדם האָט אויך געלאַכט. דער בוים דאָך האָט עס ערנסט געמיינט. נישט מיטאמאָל — האָט ער אים פאַרטייטשט, ביסטו מחויב מיך אויפצועסן, נאָר מיט דער צייט, דורכן גאַנצן לעבן. מיך עסן מוזטו יעדן טאָג, יעדע שטונדע, יעדע מינוט, יעדע סעקונדע — אָן אויפהער —

ז י: און ער?

ע ר: ער האָט שוין געוווסט, וואָס גוט און וואָס שלעכט איז!

(פויזע).

ז י : איך האָב מיך אויך דערמאָנט אָן א מעשהלע...

ע ר : אויב עס געהער צו דער זאַך, דערצייל...

ז י : נישט אין א גן־עדן איז עס געווען, נאָר אויף אַן ענלעכן פלאַץ אין אורוואלד! און נישט מיט אָדם הראשון איז עס געשען, נאָר מיט אַן ענלעכן צו אָדם הראשון — מיט א ווילדן מענטש. טאַטואירט איז ער געווען, אויפן האלדז צייַן פון פארשידענע חיות אָנשטאָט פערל, און אויפן קאָפ — א קרוין פון פארשידענע פעדערן... אין דער האנט האָט ער א פיילנבויגן געטראָגן. איינמאָל הויבט ער די אויגן אויף און דערזעט, א פויגל רעדלט איבער זיין קאָפּ, א פויגל, א פרעמדער מיט א גאָלדענער פעדער — א פארגלוסטונג צו די אויגן, א גאָלדענער מאָרגן־שטראל... און די פעדער איז אים געפעלן, ער האָט זי צו זיין פעדער־קרוין געברויכט.

ע ר : האָט ערס געשאָסן?

ז י : צו הויך און צו ראש איז דער פויגל געפלויגן, ער זאָל מיט דער פייל דערגרייכן...

ע ר : האָט ער אים א פויגל־פאל געשטעלט?

ז י : ניין, ער האָט געבעטן: פויגל, פויגל איך ברויך דיין פעדער... שטעל דיך אָפּ און איך וועל דיך שיסן. דיין קערפּער וועל איך נישט באַ־נוצן, נאָר דיין פעדער, דיין שטראלנדיק גלאַנציקע פעדער —

ע ר : נו? —

ז י : ער האָט נישט געענדיקט; דער פויגל איז אוועק — (גייט ראַש אָפּ).

ע ר : דאָס איז דאָס פּראָבלעם...

# פאַר דער טיר

(א טונקעלע נאַכט, אן אָפּגעלעגן שטיל געסל. זי, אויף א באנק אונטער אַ פינצטער פענצטער, שטאר פאר זיך קוקנדיק. ער קומט צו, אומקוקנדיק זיך צי גייט נישט ווער).

ע ר

(רירט איר זאכט דעם אקסל אָן).

ז י

(זיך אומקערנדיק צו אים אָן פארב)

— דו?

ע ר

(מיט א בליק צום פינצטערן פענצטער).

אליין?

ז י

דער טאטע אין קבר — די מאמע אין תפיסה — אליין.

ע ר

וואָס ווייטער?

ז י

האָט ערגעץ א הון געכאַפּט... א בריה דערויף. זי האָט אָבער קיין גליק נישט געכאַפּט.

ע ר

כ'האָב דאָך דיר געוואָלט געבן —

ז י

(שטרענג).

כ'וועל ביי דיר נישט נעמען — —

(הארט)

גיי אהיים...

ע ר

(געבעט).

טרייב מיך נישט...

(נאָך פּויזע)

כ׳האָב דיין מאַמע געזען.

ע ר

(דערשראָקן)

זי ווייסט עפּעס? — האָט דיר עפּעס געזאָגט?

ז י

זייער א גוטע, דיין מאמע; סטוט איר זייער ליד, וואָס די אלטע זיצט... און פּונקט א צ י נ ד . . .

ע ר

וואָס א צ י נ ד ?

ז י

ווען מען דאַרף אזוי פיל איינקויפן צו דיין — חתונה... „אזוי ווי זי קויפט איין, וועט קיינער נישט... פעט און ביליק, און פּינקטלעך...

ע ר

(פאַרוואורף)

מרים!

ז י

זי וויל איך זאָל פארטרעטן די מאמען... זי וואונדערט זיך, פאַר־וואָס כ׳וויל נישט ע ר ל ע ך פארדינען!

ע ר

(ווי פריער נאָך טיפער)

מרים!

ז י

אזוי היים איך.

(נאָך פּויזע)

זי האָט מיך פארבעטן צו דער אָרעמער סעודה... ז׳וועט מיך זעצן באזונדער...

ע ר

(ווײל זי אָנכאַפּן בײ דער האַנט, זי באַהאַלט זי הינטער זיך)

לאָז מיך. גיב מיר דײן האנט... לאָז מיך דיך פאר דער מאמען אי־בערבעטן... זי קען דיך נישט, פארשטײט דיך נישט!

ז י

לאָז אָפּ!

(ער געהאָרכט)

כ'בין אַ גנבטעם אַ טאָכטער. זי האָט רעכט.

ע ר

דײן מאמע איז דײן אומגליק.

ז י

רעד נישט! — זי האָט אַלץ געטון, וואָס זי האָט געקאָנט... דער הונגער איז שטארקער געווען... האָט זי געכאַפּט אַ מאָל עפּעס... און די יתומה, אז זי איז אלײן געבליבן, האָט חן אין לײטנס אויגן באַקומען.

ע ר

דערמאָן נישט!

ז י

גײ אהײם, אויב דו ווילסט, כ'זאָל פארגעסן!... דו דערמאָנסט!...

ע ר

נײן... איך מײן עס ערלעך! איך האָב דיך ליב, אזוי ליב...

ז י

און דעם טאַטן דײנעם האָסטו פײנט? און דער גרויסער טאטע דײ־נער, מיט דער ווײסער לאנגער באָרד, און שטרענגע לאנגע ברעמען — וועט שטארבן, הערסט? אונטערגעהאקט וועט ער ווערן, ווי א בוים, אז מען וועט רופן: „דער גנבטעם מחותן"... און די מאמע דײנע — זי האָט מיר קײן שלעכטס נישט געטון, — וואָלט שוין קײן אײנגעמאכטס פארן שפּיטאָל נישט געפרעגלט!.. די ערד וואָלט זי געקילט! כ'זאָל מיך שטעלן מיט איר בײ דער קראטע אין שיל — — און דײן כלה —

ע ר

כ'האָב קײן כלה נישט! כ'וויל נישט! עס ווענט זיך נאָר אָן דיר. זאָג א וואָרט!

ז י

כ'וועל נישט זאָגן! פארוואָס זאָל זי זיך אויסווײנען די קלאָרע אויגן?

פארוואָס זאָלן אירע בעקלעך פארבליט ווערן? צוליב וואָס? פארוואָס נע־מען א פּאָרצעלייענע שיינע זאַך — די בלאַסע מיט די גרויסע און פאר־חלומטע אויגן און צעשלאָגן? ווייסט, וואָס זי טוט גאַנצע נעכט? א י ך וו יי ס ! אויך אמאָל ריין און ערלעך געווען!... זי בענקט... זי שפּינט גאַנצע נעכט...

ע ר

שפּינט?

ז י

שפּינט... פון לבנה שטראַלן; און פון נשמה שטראַלן... צוזאַמען שפּינט זי.... און ווייסטו וואָס? ארום איר חתן א זילבערן נעפּל... אין א זילבערן נעפּל זעט זי דיך... פון זילבערנעם נעפּל ארויס הערט זי דיין שטימע... דו קענסט עס נישט פארשטיין... צעריים דעם נעפּל נישט, וועסט איר די נשמה צערייסן!

ע ר

איך פארשטיי דיך נישט, אָבער לאָז געמאַך... נישט מיין זאַך... כ׳וויל דיך, דיך, דיך!

צוליב וואָס? וואָס וועסטו האָבן ביי מיר, וואָס דו און אנדערע האָבן פריער נישט געהאט... גיי!

ע ר

(גייט).

ז י

דאָס לעצטע ברעט — אוועקגעשווומען.

(פאָרהאַנג)

# אין סקווער

י אָ ס ל — מ ל כ ה.

(זיצן אויף א באנק אין סקווער).

י אָ ס ל

(אז זי האָט זיך פארטראכט און שווייגט)

האָסט שוין סודות פאר מיר?

מ ל כ ה

(וועקט זיך אָפּעטעמענדיק)

שרעקלעך...

י אָ ס ל

וואָס, מלכה?

מ ל כ ה

א פרעמדער, בלוט־פרעמדער מאַן.

י אָ ס ל

(עטוואָס סארקאסטיש)

א סוחר — א געמאַכטער מענטש!

מ ל כ ה

(אומגעדולדיק)

אַליץ איינס.

(ווי פריער).

און אזוי פּלוצלינג... עפּעס א שפּרונג אין אַן אָפּגרונט אריין?

י אָ ס ל

האָסט אזוי געוואָלט —

(זי צוקט מיט די אַקסלען)

געוואָלט?

יאָסל

גענזאָגט יאָ...

מלכה

זאָג ניין! — אַן אַלטע מויד ווערן... ווי עס איז אַזוי שווער, אַזוי שווער...

יאָסל

נישט אַזוי שווער! כ'בין נעכטן אין טעאַטער געווען.

מלכה

ווילסט מיך פאַרדרייען.

יאָסל

ניין! עס געהער צו דער זאַך. שטעל דיר פאָר: עס זיצט ערגעץ אין אַ שטוב אַ פריילן. אייננטלעך זיצט זי נישט, זי שטייט, ליגט, טאַנצט איבער די שטוב. לייכט צו צו די פענצטער, קוקט אַרויס, זעצט זיך צוריק, זינגט עפּעס, ברומט עפּעס — פלוצלינג עפנט זיך די טיר — אויסגעוויזן האָט זיך: דורך אַן אירטום, געעפנט האָט געזאָלט ווערן אַן אַנדערע טיר, אויף דעם זעלבן שטאָק. ער קומט אַריין, נישט אָנגעקלאַפּט, ביי יענער טיר דאַרף ער, קענטיק, נישט אָנקלאַפּן — — אויף דער שוועל „גוט־מאָרגן" געזאָגט, זי עפנט ס'מויל, איבעראַשט, דערנאָך צעלאַכט זי זיך, קענטיק פאַרשטאַנען — גוט יאָר טרילעט זי. באַמערקט ער זיין אירטום, וויל זיך צוריקציען פון דער שוועל, עס איז אים אָבער אַ שאָד, וויגערט זיך אַ קורצע ווילע, קוקט איר אין די אויגן אַריין; די אויגן לאַכן, פאַרמאַכט זיך אונטער זיך די טיר, רוקט זיך וואָס אַמאָל נענטער און נענטער, אויף די שפּיץ פינגער גייט ער, זי ווערט עטוואָס בלאַסלעך, דערשרעקט זיך אַביסל, דערנאָך — רויטלעך, עטוואָס פאַרשעמט, פינטלט מיט די אויגן, הויבט אויף אַ האַנט, עפנט ס'מויל, אָפּצוזאָגן, אַרויסצוווייזן אַ שמייכל אַרום מוילעכל, און חן־גריבלעך. ניין, זיי הויבן נישט אָן אָפּצושטויסן... זי רוקט זיך אַביסל הינטערוויילעכטס אָפּ. פרעגט, געוויס, וואָס ער וויל, נאָר מען זעט נאָר ווי ליפּן רירן זיך, קיין שטימע הערט מען נישט... און ער וויל, זעט אויס הערן, רוקט זיך נענטער צו... זי רוקט זיך ווייטער און הינטערוויילעכטס אָפּ, טרעפט אויף אַ פאָטער־שטול, פאַלט, אַלץ הינטער־וויילעכטס, אין אים אַריין... ער איז שוין ביי איר, פלאַצט אַרויס: פאַר־דאָן! עפּעס צופיל הויך, מער ווי די נאָנטקייט מיטן צימער פאַרלאַנגען, זי, פלוצלינג, צעלאַכט זיך. ער בעט אום פאַרצייען, אַ טעות געהאַט, כאַפּט

און קושט איר די האנט, זי לאכט עפּעס מאָדנע. רייסט דאָך די האנט נישט אויס. ער זאָגט, ר'האָט אַ טעות געהאט, די טיר פאַרטוישט, נאָר געלויבט איז גאָט... ער דאנקט זיין ליבן נאָמען פארן טעות... געוויס — ער האלט נאָך אלץ די האנט. זי לאכט נאָך אלץ — — — ענדע אקט — — —

מ ל כ ה

(געקרענקטער פאָרוואורף)

יאָסל!

י אָ ס ל

נאָט באהיט, קיין שלעכטס נישט געשען... טאטע־מאמע — אָנגעקומען, געשיקט נאָך חופּה און קלעזמער. געקומען אויך דער רב, א לידל געזונגען, און נישט אין דעם גייט עס...

מ ל כ ה

(אויטאָמאטיש)

נישט אין דעם גייט עס!

י אָ ס ל

ניין — נאָר, ווי גוט דאָס פריילן האָט געשפּילט, אַ פרעמדער מאן... אַ ווילד פרעמדער מאן, א בלוט־פרעמדער...

מ ל כ ה

אויף די ברעטער!

י אָ ס ל

דאָס לעבן איז מער? א יי ן סצענע! נאָר זי האָט פּראָבן געמאכט... אויסגעלערנט זיך... דורכגעשפּילט... ווילסט פּראָבירן, מלכה? ער קומט מאָרגן...

מ ל כ ה

(זייער פארביטערט)

צו דער חופּה — א פארנומענער מענטש... גלייך צום שיל־הויף פארפאָרן...

י אָ ס ל

אַ ביז מאָרגן, — וועסטו קענען! נישט אזוי פיל פּראָבן, ווי יענע, פאַר דעם, מער אינטעליגענץ... וועסט עס פיין מאכן...

מ ל כ ה

(פארצוקט)

— נו?

י אָ ס ל

די ראָלע שפּילן — אין דער קאָמעדיע!

מ ל כ ה

(עמפּערט)

קאָ—מעד—יע!

י אָ ס ל

— ס'אי מער? ווילסטווירקלעך חתונה האָבן?

מ ל כ ה

(אויפשפּרינגענדיק)

פּאַרזיצן!

(פּויזע)

י אָ ס ל

(אומגעדולדיק)

אַלץ איינס אייגנטלעך, א דראמע ווערט אויך געשפּילט. זאָגאר א טראַגעדיע! פּראָביר, מלכה...

מ ל כ ה

עס טוט וויי, יאָסל...

י אָ ס ל

דאָס לעבן אַליין טוט וויי, מאַך דיר נישט דערוויס, כ'וויל מיר עס דורכשפּילן! קאָמעדיאַנטן — נו! אַקטיאָרן טוישן זיך... נאָר נישט אומגעדולדיק, נישט געביסן די ליפּן, אָן פינצטערע בליקן... מען האָט דיר קלאָרע געגעבן, מאַך זיי נישט פינצטער... נאַריש מיידל, ס'א קאָמעדיע, נאַ, זע, אָט פאַל איך פאַר דיר אויף די קניען... ביסט דאָך אַ מלכה, אזא גרויסע מלכה... אזא מלכה לאָזט זיך אזוי ליכט נישט נעמען... איך שפּיל גוט? וואָס, ניין? האָניק גיסט זיך מיר פון מויל? וואָס, — נישט? איך מאַך דיך גרויס — איך קני פאַר דיר, ווי פאַר אַ מלכה, ווילסט, מאַך איך דיך הייליק, קוש איך דיר די זוים פון קלייד.

מ ל כ ה

(באַוועגט)

יוסף!

י אָ ס ל

פיין! „יוסף" איז שענער! דאָס געהער צו דער ראָלע, פאַלסט אין טאָן אריין... גיב די האַנט...

(ער נעמט זי, באַקוקט די פינגער)

אביסל צעשטאָכן, פון דער נאָדל... קושן לוינט זיך...

(קושט זיי)

ער האָט אויך אזוי געטון... פריער אויף דער פלאכער האנט. דער־נאָך די פינגער. יעדן באזונדער האָט ער געקושט.. אזוי... נאָר יענע האָט גראָבע הענט און דיקע פינגער געהאט — נאָך אמאָל!

(אויפהויבנדיק דעם קאָפּ).

איך שפיל גוט, מלכה? — דו העלפסט מיר אָבער נישט. יענע האָט געהאָלפן, אויך מיטגעשפילט... יענעם איז גרינגער געווען, נישט אזוי האלט מען די האנט, אז עמעץ קושט... זי דארף ציטערן... עטוואָס ציטערן, מען וויל זי, מכלומרשט צוריקציען...

מלכה

יאָסל!

יאָסל

נאָר מאַך דאָס שפיל נישט צו שאנדן... נישט טראגיש... נישט דראַ־מאטיש... אָט ליג מיר בעסער דיין ווייכע האנט אויפן קאָפּ... פלעגסט דאָך עס גערן טון...

מלכה

(ביטער).

אמאָל... קינדווייז...

יאָסל

(לייגט זיך איר האנט אויפן קאָפּ).

אויך געשפילט, אין חברקייט געשפילט, אמאָל אין צייכן, א יינגל און דיר צוליב האָב איך אין צייכן געשפילט... ווו ערגעץ א ווינקעלע... אָבער נישט אזוי ליגט א האנט אויף א קאָפּ — אין א קאָמעדיע... צי א פארס... נישט קיין טויטע האנט דארף ליגן... צעוואָרף מיר אביסל די האָר...

(טוט עס פאר איר).

אזוי...

(זי שמייכלט בלאס און קרייזלט אים אליין די האָר).

דו קענסט, דו קענסט! און עפּעס פליסט ארויס פון דיין האנט אין קאָפּ אריין... עפּעס ווערט דאָרט קלאָרער. די קניפּן און קנוילן צענעמען זיך עפּעס... מיר דאכט דיין הארץ קלאפּט — אָדער מיינס?

מלכה

עס קלאפט...

יאָסל

(אויפשטייענדיק)

אָ, איך שפּיל גוט, אויף דער סצענע וואָלט איך געלעבט, נישט גע־שפּילט. דאָס בלוט פּולסירט שוין אין די אָדערן... די שלייפן קלאַפּן אַזוי... ריר אָן... פיל נאָר דאָס האַרץ... ווער האָט דיר די שאָטן פון די אויגן פאַר־טריבן, מלכה, זע, ווי זיי גלאַנצן... און אַצינד — ציטערט שוין די האַנט — פּונקט ווי ביי יענער, ניין, כ'וועל נישט פאַרגלייכן... נאָר יענע האָט געהאַט האָר אַראָפּגעלאָזטע... שפּעטער, עס איז אַ פאַרס געווען — האָט זי דעם צאָפּ פאַרלוירן, אונטער דער חופּה... דאָס האָט אייגענע און לענגערע...

(צעלאָזט איר די האָר).

מלכה

יאָסל, אין סקווער!

יאָסל

צורעכטווייזנדיק

אַז מען שפּילט, שפּילט מען! — איך זעץ מיך נעבן דיר — ער האָט אויך אַזוי געטון... אויך עפּעס אַ שטיקל דיכטער געווען... אַ פולן טאַש מיט מאַנוסקריפּטן געהאַט.. פון מאַסן פּאָסט־שטעמפּל אויף די קאָנווערטן, פון אַלע רעדאַקציעס צוריקגעשיקט... האָט איר אַ געדיכט געלעזן — נאָר דאָס וועל איך נישט טון — מיינע זענען צו אויסגעלאָסן... יענער האָט געהאַט אַזוינע אָנגעשוואָלענע, אָנגעבלאָזענע: שטערן... זונען... זומער־פייגעלעך און אַזוי אַלערליי פייגל, און בלומען, און רויזן באַזונדער, — פאַר די אויגן האָט איר געשווינדלט... גייט ער —

(טוט ווי ער באַשרייבט).

נעמט ער איר קעפּל, לייגט זיך אויפן אַקסל... קושט זי... זייער זאַכט, פריער די האָר... דערנאָך דאָס אויערלעפּל, דערנאָך די בעקלעך און דער־נאָך — די ליפּן, די קרעלענע ליפּן, נישט געקאָנט זיך אָפּרייסן... און אַזוי, ווי מיט צוואַנגען צו זיך צוגעדריקט, צוגעצויגן...

מלכה

(אויסגעריסן זיך פון זיין אָרעמס, מיט בליץ אין די אויגן).

כ'וויל קיין קאָמעדיע נישט, יאָסל!

י אָ ס ל

(אויפגעשטאנען)

מוז זיין א — טראגעדיע!

מ ל כ ה

זאָל זיין!

י אָ ס ל

ווילסט? — דער הימל שפּאַלט זיך, מלכה — א יי ן וואָרט!

מ ל כ ה

כ׳וויל!

(פ אָ ר ה אַ נ ג)